מחבר פון בוך: „אַמאָליקע דורות"

# IN GERANGL MITN GOIRL

## (ENCOUNTER WITH FATE)

### Novel about Jewish Refugee Life



Printed in the United States of America
by
Knight Printing Corp., 382 Lafayette St., New York

 96

# הקדמה

אליעזר קופּערמאַן, דער מחבר פון דעם איצטיקן בוך, האָט שוין פריער, אין 1955, אַרויסגעגעבן זיין ערשטן בוך אונטערן נאָמען „אַמאָליקע דורות". אין דעם דאָזיקן בוך האָט קופּערמאַן באַוויזן אַריינצונעמען אַ גרויסן אוצר פון יידישער קולטור-געשיכטע, יידישן שטייגער לעבן און צענדליקער טיפּן, וועלכע מטאָר אויף קיין פאַל ניט פאַרגעסן. די באַשרייבונגען ווערן נאָך מער וויכטיק, ווען מנעמט אין אָנבעטראַכט דעם לעצטן חורבן. ווען די נאַצישע רוצחים האָבן אַזוי אומברחמנותדיק אומגעבראַכט און פאַרשניטן דעם טויזנט יאָריקן ישוב אין פּוילן. אָט דאָס שיינע יידישע לעבן האָט געמוזט געשילדערט ווערן עס זאָל בלייבן לזיכרון. דער מחבר אליעזר קופּערמאַן האָט אויף זיך גענומען די עובדה און באַשריבן אָט דאָס שיינע אידילישע יידישע לעבן אין פּוילן אויף אַ פיינעם קינסטלערישן אופן.

דאָס שטעטל, וואָס אליעזר קופּערמאַן באַשרייבט איז אָסטראָוו-צע, אָבער די באַשרייבונג איז כולל אַ סך יידישע שטעטלעך, וועלכע זיינען חרוב געוואָרן און ניט געהאַט די זכיה באַשריבן צו ווערן.

זעט מען טאַקע אין דעם בוך טיפּן, וואָס סהאָט זיך אויס-געדאַכט, אַז מהאָט זיי שוין ערגעץ וואו באַגעגנט צי אין דער ליטעראַטור אָדער גלאַט אין דמיון און געמיינט האָט מען, אַז זיי זיינען אויסגעטרוימט אין אַ שרייבערס פאַנטאַזיע; איז געקומען אליעזר קופּערמאַן און זיי אַריינגעפּאַסט אין ראַמען פון רעאַליזם. די געשטאַלטן האָבן פאַקטיש געלעבט און געחלומט און דאָס לעבן און די סביבה איז געווען איין שיינע אידיליע. נאָך דער גרויער וואָך איז געקומען דער אויסגעחלומטער שבת און דער שבת איז געווען די שלווה אליין. דער פּראָסטער ייד און דער למדן. יעדער אויף זיין שטייגער, האָט געדינט דעם בורא עולם דורך טאָן מצוות און מעשים טובים.

לאָמיר נעמען אַ שטייגער אַזאַ געשטאַלט, ווי דער אָסטראָווצער רב ר' מאיר יחיאל. דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט ניט גע-לעבט פאַר זיך, נאָר פאַרן כלל. ביי אים איז געווען רעכט, אַז ווען דער שוחט ובודק האָט געפונען אַ סרכא און טרפה געמאַכט די בהמה, איז געקומען ר' מאיר יחיאל און דאָס פלייש געכשרט כדי

דער אָרעמער קצב זאָל ניט געשטעלט ווערן בדלות. פאַר תומך עניים האָט דער רב אָוועקגעגעבן זיינע גאַנצע שכירות ניט איבערלאָזנ-דיק פאַר זיך און זיין פאַמיליע אַ גראָשן אויף אויסקומענישן. דערצו איז ער נאָך אַרומגעגאַנגען צו זיינע באַלעבאַטים בעטן נאָך געלט פאַרן זעלבן צוועק. ביי אים איז די מצווה תומך עניים געווען שטאַרקער פון לימוד התורה. זיין באַציאונג צום אָרעמען איז געווען אין לשער.

קופּערמאַן דערציילט פון אַ פאַל. ווי אַמאָל, אין בית מדרש, האָבן די לומדים ניט געקענט פאַרטראָגן דעם עיפּוש, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אַן אָרעמאַן. איז געקומען דער רב ר׳ מאיר יחיאל און אים אַרומגעוואַשן, אַראָפּגענומען פון זיך דאָס העמד און די גאַטקעס און זיי אָנגעטאָן דעם אָרעמאַן. דערמאָנט עס אייך ניט, ווי אין ר׳ איטשע פון יוסף אָפּאַטאָשוס ראָמאַן „אין די פּוילישע וועלדער״? אָבער ביי קופּערמאַן איז דער זעלבער טיפּ געקנאָטן פון בלוט און פון פלייש. דאָס איז אַ שטיק רעאַל לעבן.

אָט אַזוי גייט דורך אַ קאַליידעסקאָפּ פון טיפּן אין דעם בוך „אַמאָליקע דורות״. דאָס איז אַ בוך, וואָס איז מייסטעריש געשריבן און וועט בלייבן אַ וויכטיקער צושטייער צו דער יידישער ליטע-ראַטור. אַזאַ בוך, וואָס איז אַן ערשטלינג ביי אַ מחבר, וואָס האָט אָנגעהויבן שרייבן אין רייפן עלטער, קען זיך אויסדאַכטן, אַז סאיז געווען אַ צופאַל. אָבער ווען דער זעלבער מחבר טראָגט אונדז שוין אונטער אַ צווייט בוך, דאָס איצטיקע בוך; „אין געראַנגל מיטן גורל״, דעמאָלט דאַרף מען שוין אַזאַ איינעם באַטראַכטן ווי איינעם, וואָס האָט אויף זיך גענומען אַ שרייבערישע מיסיע. ער קומט דורכפירן אַ שליחות. ער קומט אונדז דערציילן פון אַזעלכע זאַכן, וואָס נאָר ער האָט געקענט זען פון זיין קוקווינקל.

אליעזר קופּערמאַן פירט דורך זיינע העלדן דורך אַלע שבעה מדורי גיהנום; פון אויסבאַהאַלטן זיך אין אַ גרוב אין וואַלד ביז אין אַ שקלאַפן-לאַגער אין וויטן סיביר; דורך ארץ ישראל קיין אַמעריקע, און אומעטום ראַנגלען זיי זיך מיטן גורל. דער חלום זייערער ווערט ניט דערגרייכט. כאָטש יעדער איינער איז מקריב אַ סך קרבנות אויף דעם מזבח, וואָס הייסט לעבן. אָט דעם האַרבן אמת ברענגט אליעזר קופּערמאַן אַרויס אין דעם איצטיקן בוך; „אין געראַנגל מיטן גורל״.

**שאול מאַליץ**

# אינהאַלט

א.

# די וואַלד־מלוכה

מנשה מונקאַטשער איז אַרומגעגאַנגען אַ צעוויטיקטער, אַ צעבראָ־כענער ווי נאָך אַ לוויה פון אַן אייגענעם ברודער. זייט מען האָט אַרעס־טירט חיימלען. וואָרעם ביידע, ער און חיימל, זיינען ממש נפשו קשורה בנפשו, נשמהדיק צוגעבונדן איינער צום אַנדערן, פון זייער קינדהייט אָן. און צוליב־וואָס? ווער וואָלט זיך דאָס געריכט? צוליב געלט? רייכקייט? מנשה קאָרטשעט זיך פון ווייטיק.

ביידע זיינען אינעם זעלבן עלטער, טאָקע דעם חמשה עשר בשבט ווערן זיי דריי און דרייסיקער; ביידע זיינען דערצויגן געוואָרן אינעם וואַלד־הויף פון חיימלס פאָטער, וואו מנשהס טאַטע, שמעון דער וואַלד־שרייבער, האָט געהאַט אַן אייגן רחבותדיק הויז אינעם גרויסן וואַלד־הויף פון ר׳ לייבס „מלוכה״.

דאָס וואָס איינעמס פאָטער איז דער „מלך״ און דעם צווייטנס — בלויז דער „שטאַטסהאַלטער״ — האָט ניט געשטערט דאָס גוטע צוזאַמענלעבן זיך פון די צוויי חברים. ביידע צוגלייך האָבן אין זיך אַריינגענומען די גע־דיכטע שטילקייט פון דעם וואַלד, די נאָענטקייט און צוגעהעפטקייט פון בוים צו בוים, כאָטש איין בוים קען זיין עטוואָס העכער פון דעם צווייטן, אַ וואַלד לערנט דעם מוסר פון גלייכהייט.

ר׳ לייבס „מלוכה״ האָט זיך דאָרט אין דער סלאָוואַקיי געצויגן מייל אויף מייל פאַזע דעם באַרגיק־שלענגלדיקן שאָסיי, אַרומגערינגלט מיט הויכע, געדיכטע וועלדער — ווי אַ וואַלד־פעסטונג.ביים ערשטן קרייץ־וועג, צו לינקס, איז געשטאַנען די אַלטע ברוינע, הילצערנע קרעטשמע, מיט די רויט געפאַרבטע לאָדנס, וואו ס׳האָבן זיך אָפּגעשטעלט די לאַנגע פורן, וואָס פירן די אַלערלייאיקע געהילצן פון ר׳ לייבס האָלץ־טאָרטעק.

דאָרטן האָט מען שוין געהערט דאָס אָפּהילכן פון די דאַמף־זעגן וואָס שניידן די פאַרשיידענע באַלקענס, ברעטער און אַנדערע געהילצן מיט אַזאַ ראַשיקן גערויש, וואָס האָט דערמאָנט אָן דעם רויש פון ווינטערדיקע שטורעמווינטן אין די בערג אַרום.

מנשה — נאָך אַזוי פיל יאָרן זעט עס נאָך אַלץ אַזוי לעבעדיק פריש. ער זיצט און עס עפנט זיך פאַר אים דאָס בילד פון זיין און חיימלס לעבן. דווקא איצט נאָך דעם וואָס ס׳האָט דאָ, אַזוי אומגעריכט, פּאַסירט מיט

חיימלען... הייבט קאַליידיסקאָפּיש אָן צו שווינדן פאַר זיינע אויגן דאָס גאַנצע יונגלעבן זייערס וואָס ער און חימל האָבן אָפּגעלעבט צוזאַמען: די שטאָלצע וואַלד־מלוכה וואו ביידע האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט; דאָס אָנקומען פון דעם מוראדיקן היטלער־אורגאַן; דער פינצטערער גרוב אין וועלכן ער און חימל זיינען געווען באַהאַלטן; זייער רעטונג; זייערע וואַנדערונגען; דאָס לעבן אין די שקלאַפּישע סאָוועטישע לאַגערן; זייער פאָרן קיין ארץ־ישראל; זייערע חתונות; דאָס פאַרלאָזן די ערד פון ישראל צוליב דעם חלום — „אַמעריקע"; די אַמעריקאַנער דימענטן־שלייפעריי אויף דעם גרויסן „צירונג־עקסטשעינדזש" אין ניו־יאָרק. און איצט חיימלס אַרעסט: חימל איז אַריינגעפאַלן צוליב זיין רעגינאַן אין אַ ג י י ע ם זומפּ... זכרונות קומען און שווינדן און טויכן אויף אויפסניי. עס עפנט זיך פאַר זיינע אויגן די גאַנצע מגילה פון זייער לעבן.

***

אין מיטן וואַלד אַרום דעם טאַרטעק, שטייט זיין טאַטע, שמעון, דער וואַלד־שרייבער, הויך און דין ווי אַ סאָסנע, מיט אַ לאַנג־פאַרשפּיצטן בלייַשטיפט פאַררוקט הינטערן רעכטן אויער. ער האַלט כסדר זיינע אָפענע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן אויף די סלאָוואַקישע פויערים־אַרבעטער וואָס טעסן אַרום די אויסגעהאַקטע ביימער; ער קוקט אויך נאָך די אַרומגעהאַקטע ביימער וואָס קוילערן זיך אויף קיילעכדיקע קלעצער צו די זעגמאַשינען פונעם טאַרטעק.

ר' לייב גראַפשטיין, חיימלס פאָטער, האָט געפירט זיינע מסחרים אינעם נוסחדיקן גייסט פון זיינע דורותדיקע אָבות; יחוסדיקע וואַלד־סוחרים, מיט מונקאַטשער קריגערישער תקיפות און דאָך מיט גביריש־אַריסאָקראַטישער איידלקייט צו אַלעמען. ער איז, טראָץ דער תקיפות, תמיד געווען צוגעלאָזןהיימיש ווי צו אייגענע — זיינס גלייכן. צו די אַרבעטער איז ער געווען עטוואָס אַנדערש. „אַרבעטער־הענט" — אויף זיי מוז מען אַביסעלע אַנדערש קוקן, ניט אויס שלעכטסקייט חלילה, נאָר פון געוואוינהייט, פון שטאָט־וועגן פלעגט ער אַריינקומען אין וואַלד אַריין מיט אַזאַ מין תקיפותדיקן שמייכעלע אַביסל אָנגעצויגן, הערשעריש.

אָבער די דאָזיקע מינע אויף זיין פּנים האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. באַלד — און ער איז שוין געווען גוט־ברודעריש מיט יעדן איינעם. די יחוסדיקע תקיפות האָט נאָכגעלאָזט... אין אַזוינע מאָמענטן האָט ער זיך ניט געפוילט אויסצוטאָן זיין לאַנגע בעקעשע, נעמען ביי איינעם פון זיינע גויאישע אַרבעטער אַ שאַרפע האַק אין זיינע פעסטע הענט און טעסטן די קלעצער מיט

פלינקער בריהשקייט ווי ער וואָלט געווען איינער פון די וואַלד־אַרבעטער. דעמאָלט זיינען די שטיקלעך זיך־אַרויסזעענדיקע באַקן פון זיין שוואַרץ גע־קרויזלטער באָרד נאָך רויטער און מער צעפלאַמט געוואָרן; זיינע גרויסע, ברוינע קאַשטאַנען־אויגן האָבן זיך צעפינקלט, ווי העלע לויטערע בור־שטינען, און די לאַנגע, שאָקלדיקע ציצית פון זיין טלית־קטן, האָבן ווי גע־גלעט די אָוועקגעטעסעטע שפּענער פאַרן פאַלן צו דער ערד, ווי מיט רחמנות צו זיי.

דאַמאָלסט פלעגן זיינע פויערים־אַרבעטער גאַפן אויף אים און קוועלן פון שמחה, די עלטערע פון זיי האָבן זיך דערביי געווישט, געצויגן זייערע לאַנגע וואָנסעס פון גרויס הנאה, וואָס זייער יינגער פּאַן „לייבעק", ווי זיי רופן אים, איז אַזאַ געראָטענער וואַלד־מענטש ווי זיי.

מנשה זעט עס אַלץ לעבעדיק, פּריש: —

שבת צו־נאַכט נאָך דער הבדלה, זיצט ר' לייב אין זיין ברוין לעדערנעם פאָטעל־שטול, אינם גרויסן זאַל פונם ניי צוגעבויעטן פליגל — צוגעבויט צום אַלטן־ציגלענעם הויז נאָענט צום טאַרטעק, — אָנגעטאָן אינם זיידענעם שלאָפראָק מיט די געל־גילדענע שטרייפן, צוגעפּאַסט צו זיין זיידענער וועסט, וואָס איז דורכגעפעדעמט מיט געלע בלימעלעך ווי מאַרגאַרעטן־קעפּ־לעך. זיי מיניען זיך אין דעם אָפּשיין פון דער גאָלדענער קייט פון זיין קע־שענע־זייגער.

זיין געטרייער שרייבער שמעון, ווי אַן אייגענער ברודער, זיצט נעבן אים ביי זיין רעכטער האַנט, מיטן אָפענעם שוואַרץ־טאָוולדיקן רעכן־בוך, ער גיט אים איבער דעם פולן חשבון פון דער וואָך: וויפיל באַלקנס און ברע־טער, זיינען געטעסעט און געזעגט געוואָרן; וויפיל קלאָפטער האָלץ זיינען אויסגעלייגט געוואָרן אין די אָפענע פלעצער ביי די וואַלד־ראַנדן צום טרי־קענען; וויפיל און וועלכע געהילצן מען האָט עקספּאָרטירט דורך דער וואָך קיין בודאַפּעסט, לאָנדאָן, ווין און בערלין, ווי אויך אין נאָך ווייטערע האָלץ־געמאַרקן, אין פאַרשיידענע לענדער.

איינמאָל אין חודש קומט אויך צו דער פּאַראַדנער מלווה־מלכה, — זיין פאָטער ר' שמואל גראָפּשטיין מיט דער מוטער, דינה, וועלכע איז פון גרויסן פּרעשבורגער יחוס, אַזש העט, העט ביזן חתם־סופר, ז"ל.

ר' שמואל מישט זיך מער ניט אין געשעפט, זינט ער האָט חתונה גע־מאַכט זיין געראָטענעם זון לייבלען, דעם בן־יחיד, וועמען סהאָט מער גע־צויגן צום וואַלד, ווי צו לערנען תורה. ער האָט אים גלייך נאָך דער חתונה

זיינער איבערגעגעבן די גאַנצע וואַלד־מלוכה. ער אַליין האָט זיך באַזעצט אין דער נאָענטער שטאָט, מונקאַטש. אין זיין גרויס, רחבותדיקע הויז, אינעם מאַרק וואו ער זיצט על התורה והעבודה, פּראַוועט חסידישע טישן אויפן ברייטן שטייגער און פרעגט קיינמאָל ניט דעם זון זיינעם מכוח די וואַלד־געשעפטן.

ר׳ שמואל זעט שוין גלייך ביי זיין אַריינקומען אינעם ניי־צוגעבויטן פליגל וואו די אַרבעטער קומען נאָך זייער חודשלעכן געהאַלט, אַז דאָס געשעפט האָט זיך מער ווי פאַרדאָפּלט. ער האָט גרויס הנאה פון זען זיך מיט זיינע אַלטע אַרבעטער, און אויך מיט די ייִנגערע, וואָס קומען אַריין מיט זייערע קאַשקעטן אין די הענט. ר׳ שמואל זעט און הערט ווי דער וואַלד־שרייבער גיט איבער זיין לייבלען אַלע טראַנזאַקציעס און חשבונות. דערנאָך גייט שמעון צו צו דער אייזערנער קאַסע, נעמט אַרויס דעם מזומן און טיילט אויס די געהאַלטן. דאַמאָלט איז זיין לייבל זיי מכבד מיט אַ טרונק פונעם בעסטן אונגאַרישן שליוואָוויץ, און ער גיט עקסטרע פינף קראָנען ווי אַ מתנה פאַר יענע אַרבעטער ביי וועמען ס׳איז צוגעקומען דורכן חודש אַ ניי געבוירן קינד. „אַ נייער פּרעסער״ — וויצלט ער זיך מיט זיי. דער פאָטער, ר׳ שמואל, קוקט און איז צופרידן מיט זיין לייבלס צוגעלאָזן „פּאַן בראַטסטוואָ״ מיט די אַרבעטער. ער דערקענט אין זייערע פּנימער, אַז זיי זיינען גרייט אָוועקצוגעבן „אַ זאַק מיט באָרשט״ פאַרן זון זיינעם.

ר׳ שמואל קוועלט אויך אָן בעתן זיצן ביי אָן אָפּענעם ספר אין אַ ווינקל, פונעם זייטיקן צוהערן זיך ווי שמעון רעכנט זיך אויס מיט די האַנדלס־פאַר־טרעטער פון פאַרשיידענע ערטער; פּירט די חשבונות — אַ ציפער אַראָפּ, אַ ציפער אַרויף, און זיין לייבל איז זיי דעמאָלט מכבד מיט עכטע „האַוואַנאַ״ ציגאַרן פון זיין זעלטענער ציגאַר־פּושקע, גראַווירט מיט אַ מנורה און מיט פיר קליינע מגן־דודלעך אין די פיר ווינקלען. ביים עפענען די פּושקע גיט אַ בלאַנק אַרויס די געל־גילדערנע העלקייט פונעם אַכצן־קאַראַטיקן גאָלד. ער פילט נחתדיק־שטאָלץ ביים כאַפּן אַ בליק אויף זיין לייבלען, וועלכער רויכערט מיט נגידיש־אַריסטאָקראַטישער לאַנגזאַמקייט זיין ציגאַר פון בורשטינעם, מיט גאָלד־באַצירטן ציגאַרן־שפּיץ. ס׳איז אַ ירושה פונעם זיידן, זיין טאַטן זכרונו לברכה, וואָס ער לייבל, גערעט אין אים אַריין ווי צוויי טראָפּן וואַסער. „ער איז דאָך ווי דער זיידע אויסן אויג, ס׳זאָל דאָס פעלן אַ האָר״, טראַכט ר׳ שמואל דערביי. ער פילט ווי אים נישט צו געבן קיין עין הרע, בעת ער הערט זיין קלוג ריידן מיט די האַנדלס־לייט. דער פאָטער, ר׳ שמואל, פאַרגינט זיך נישט צופיל איינצוקוקן אין לייבלס שאַרף חכמהדיקע אויגן,

ווען ער נעמט — די סוחרים — אַדורך בליציק־דורכדרינגנדיק, אויסצוגע־פינען אַלע זייערע הינטער־וועגלעך און די אַלע סוחרישע שפּיצלעך.

נאָכן פּאַרטיק ווערן מיט די דברי חול, איז לייבל געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. ער האָט זיך געזעצט נעבן פּאָטער ביי דער מלווה מלכה. צוליב כיבוד האָב, האָט מען אָנגעצונדן אַלע ליכט און די זילבערנע קאַנדעליאַב־רעס. ר׳ שמואל האָט געפירט דעם פייערלעכן טיש מיט די חסידישע, גע־לאַדענע אורחים, ווי ביי אַ רבין; די מאַכלים זיינען געווען כיד־המלך. ר׳ לייבס ווייב רחלע, האָט צוגעגרייט אַלץ לכבוד דעם שווער פון וועמען זי האָט געהאַלטן אַן עולם ומלואו, און, ווי אויך אויס צניעותדיקער ליבשאַפט צו איר מאַן, האָט זי זיך לאַנג געפּאָרעט אין די קיך מיט אירע דינסטן, ווי צו אַ חתונה.

די ניגונים ביים טיש פון דער געהויבענער מלווה־מלכה זיינען געווען ווי דאָס עסן — ניגון אויף ניגון. ניגונים אויך מכל טוב. ר׳ שמואל האָט גע־האַלטן: ווי באַלד אַ ניגון רעדט צום האַרצן מאַכט ניט אויס פון וועלכן רבין ער שטאַמט. נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל: — „טי־דע־ראַם־ראַם!״ און אויב: „טידל־דאַם״ איז אויך גוט...

אַז טאַטע־מאַמע זיינען אַוועקגעפאָרן האָט ר׳ לייב באַלד גענומען טראַכטן וועגן מאָרגן, וועגן דער וואָך. ר׳ לייב איז ניט געווען קיין גדלן, אָבער ער האָט פאַרמאָגט אין זיך שטאָלץ און אויך אַזאַ מאָראַליש־גוואַלדיקע זיכער־קייט אין זיין לעבנסוועג. זיין חשבון האָט געשטימט.

ס׳האָט ר׳ לייב ניט געקימערט וואָס די בודאַפּעשטער יידן האָבן מיט שפּאָטיקייט שטעכעלירט די מונקאַטשער און געזאָגט: — „קומט איינער פון מונקאַטש — דאַרף מען אים קוקן צווישן די פינגער״.

יידן פון אַרומיקע ישובים האָבן אויך געוואָלט אויסמיידן די „שאַרפע צינגער פון מונקאַטש״. יידן פון אַרום האָבן שוין געוואוסט, אַז צו האָבן אַ דין־תורה מיט אַ מונקאַטשער איז שוין כמעט ווי האַלב פאַרלוירן. אויך לייב פלעגט פיל־באַדייטנדיק אַ שמייכל טאָן, ווען ער האָט געהערט זייערע שטעכ־ווערטלעך.

און די מונקאַטשער בכלל זיינען ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. כאָטש מונ־קאַטש האָט געהאַט אַ שלעכטן שם, זיינען די מונקאַטשער געגאַנגען מיט אויפגעהויבענע קעפּ, שיער ניט מיט גרויס־האַלטעריי. גענומען אָבער האָט זיך עס ניט סתם פון פאַרריסנקייט נאָר פון דעם וואָס ביי זיי, אין מונקאַטש איז געזעסן דער גרויסער רב, פון די אמתדיקע שפּיראָס! דער רב האָט גע־

האַלטן אַ הויף און אַלץ געפּירט אויפן ברייטן שטייגער. זיין בית־דין האָט געקריגט מיט דער וועלט.

מען האָט זיך געגרייסט מיטן רב, אָבער געבליבן אין מען ערדישע, גור־פּיקע יידן. אין יענע מקומות האָבן שמידן בעתן קלאַפּן די נעגל אין די פערדישע פּאַדקאָוועס, זיך געווישט זייערע פאַרשוויצטע שטערנס מיט די מאַזאַליעדיקע הענט און דערביי אַרויפגערוקט די שטריימלעך, אָפּגעזענגטע פון פייער, ביז זייערע רויטע נאַקנס, ווי די פייער־צינגלעך פון די קוזניעס. אַזוי אויך די באַלעגאָלעס האָבן פראַנק און פריי זיך ניט געשעמט צו קראַצן זייערע געדיכטע בערד און פעטע פאותן מיט די שפּיצן פון זייערע בייטשן הינטער די אויסגעקראָכענע שטריימלעך, און בעת מעשה געפּירט אַ פולע בויד יידן אויף די אַרומיקע יאַרידן!

אויף יענע יאַרידן האָבן די סוחרישע ווייבער זיך געמישט אין מסחר מיט ווייבערישן ברען, זיך געקאָכט מער ווי די מענער. זייערע מיילער האָבן געררוישט ווי די וואַסער־מילן, אָדער ווי דער סמבטיון. אַפילו רחלע, ר׳ לייבס ווייב, די גרויסע מיוחסת, איז אַ גאַנצע וואָך געווען פאַרנומען אינעם וואַלד־מסחר. „אַ אמתע אשת חיל״, האָט שמעון דער וואַלד שרייבער זי גע־רופן.

דערפאַר אָבער איז שמעונס ווייב, זלאַטע, געווען מער אין איר שטוב — אין דעם הויז אַקעגן — מיטן רויטן דאַך און ווייסע לאָדנס, מיטן ציכטיקן גערטנדל און מיט בלומען אַלערליי ביים אַריינגאַנג. הינטערן הויז — אַ גרוי־סער גאָרטן, מיט פאַרשיידענע גרינסן; פרישע פּיעטרושקעס אין פרילינג, רויטע רעטעכלעך עטוואָס שפּעטער, פרישע קליינע ציבעלקעלעך מיט ווייסע קעפּלעך ווי האָריקע בראָדעווקעס, ביז די באַהאַלטענע גרינע אוגערקעלעך אויף די בייטן, הינטער די דריי־קאַנטיקע העל־גרינע בלעטער, וואָס ציען זיך ווי לענגלעכע, גרינע שלאַנגען אין די אָנהייב זומערדיקע דונערן און בליצן, ווי זיי וואַלטן גאָר אַרויסגעשאָסן און אַראָפּגעוואָרפן פון די הויכע פאַר־וואָלקנטע הימלען; אַזוי אויך די שפּעט־זומערדיקע אַרבעסן מיט די לאַנגע שויטן אויף דינע שטענגלעך וואָס קריכן אַלץ העכער אויף די אַריינגע־שטעקטע שטעקנס ווי די קריכנדיקע וועווערקעלעך אויף דיביימער. אַזוי אויך די גרינע טאָמאַטן אינעם שפּעטן זומער, וואָס ווערן צוגעבונדן צו די אַריינגעשטעקטע בידעריקע, שמאָלע ברעטלעך, אָדער שטעקלעך, און זיי הענגען אויף זייערע געדיכט־בלעטערדיקע קוסטן די וויכע, זיי זאָלן זיך בעסער באָדן אין דער זון. וואָרעם בעסער צו קריגן די „פּאַרויטלטע בעק־לעך״ פון די בריענדיקע זוניקע זומערשטראַלן, איידער ליגן אויפן פייכטן

באָדן און פוילן. ביי די זייטן פון גאָרטן צעוואַקסן זיך אין פולער בליאונג די גרויס־קעפּיקע ווייס־און־געלע בלומען, ווי גלאָקן, און נעבן זיי שטייען די הויכע קוקורוזן־שטאַנגען, ווי אויך די נאָך העכערע שטאַנגען פון געל־גילדענע אוילבירטן מיט זייערע שוואַרצע קעפּלעך אין מיטן, ווי חן־פּעפּער־לעך אויף רייצנדיקע פּרויען־באַקן. און אַט קומט באַלד די שעה אויסצו־גראָבן די קאַרטאָפלעס און בוריקעס אין שפּעטן האַרבסט! דאָס אַלץ ווערט געטאָן פון שמעונס ווייב, זלאַטע, די דאָרפס־טאָכטער. אַזוי איז דאָך אויך געוועזן ביי איר טאַטן, דעם פּאַכטער וואו מוטער און טאָכטער האָבן גע־אַרבעט אַרום די גערטנער ווי די מוראַשקעס אין זייערע גיטער. זלאַטע איז ניט געוועזן פון די נאַטור באַוואונדערער, ווי פּאָעטן און אויך ניט פון די סתם־פאַרבענקטע ווי די שטאָט־מענטשן. זי האָט דורכפילנדיק געאָטעמט מיט יעדן קנאָספּ פון די ביימער און בלומען, מיט יעדן וואָרצל און אייגלדיק קעפּל־שפּראָץ פון די גרינסן. זי האָט אויך געלעבט מיט דעם טראָגן־און־קאָטשן זיך פון די הויז־קעץ, און מיט דעם טראָגן און קעלבן זיך פון די קי און אַנדערע בעלי־חיים, אַרום זייער שטוב אינעם דאָרף. און אַז זי איז אַליין פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט זי נאָך מער דורכגעפילט דעם זיסן תענוג פון באַפרוכפּערונג און האָט זיך נאָך מער אינערלעך פאַרבונדן מיט אַלע בעלי־חיים און מיט די צמחים פונעם אַרום.

זלאַטע, די פּעט־לייביקע מיט די קיילעכדיקע ברוסטן און דיקע פאַר־קיילעכדיקע היפטן האָט אָבער ווי אַ יידישע טאָכטער אויך שטאַרק און זיס ליב געהאַט זיך איינצוהערן צום קלאַנג פון לערנען פון איר בן יחידל. מנשהלע צוזאַמען מיט ר׳ לייבס און רחלס בן יחיד, חיימל. זיי זיינען געבוירן געוואָרן אין איין צייט און האָבן ביידע געלערנט אין וואַלד בית־המדרשל, אינעם הויף פון ר׳ לייבן, ביי פאַרשיידענע מלמדים, פון קינדוויַיז אָן.

זלאַטע פלעגט זיך אָפּרייסן פון אירע אַרבעטן ביי זיך אין שטוב און אויך פון העלפן אין דער הויז־ווירטשאַפט ביי רחלען, שטעלן זיך הינטער די אָפענע פענצטער פונעם בית המדרש אום זומער, אָדער הינטער דער טיר אין ווינטער, זיך איינצוהערן צו די קלאַנגען פון די תורהדיקע טענער פון ביידע קינדער. דאָס האָט געוואַרעמט איר האַרץ מיטן אויסטערלישן יידיש־מאַמעשן סוד פון אייביקייט. זי פלעגט זיך צומאָל אַריינגנבענען מיט שטילע פאָרכטיקע טריט אויף די שפּיץ פינגער אינעם בית־המדרשל אין די זומער־דיקע שפּעטע נאָכמיטאָגן, מיט דריי שטיינערנע טעפּלעך קאַלטע זויער־מילך פאַרן מלמד און פאַר ביידע קינדער, און מיט דריי גלעזער הייסע מילך אין ווינטער.

ביי ר׳ לייבן און רחלען, אַזוי ווי ביי זלאַטן און שמעון, זיינען די בײדע ייִנגלעך געווען אײנגעבאַקן אין זייערע הערצער ווי אייגענע קינדער.

אַפילו די שניידערס, וואָס זיינען געקומען פון שטאָט אינעם וואַלד־הויף פּסח־צייט, צו נייען די קליידער פאַר די פרויען און קינדער, און די מלבושים פאַר די מענער און ייִנגלעך, האָבן שוין געוואוסט צו צושניידן אַקוראַטנע מלבושימלעך פאַר בײדע ייִנגלעך. דער שניידער־מייסטער, דער האַלב בליג־דער מאיר, וואָס האָט געשמט מיט זיין גוטן צושניידן אַזש ביז בודאַפּעסט, האָט נאָר גענומען די מאָס פון איינעם פון זיי, אַזוי אויך ביים אָנמעסטן מיט די נאָך ווייסע פּאַסטריגעס, האָט ער זיך צוגעשאַרט מיט שטילן ערב־פּרוכט צו דער טיר פון וואַלד בית־המדרש, האָט מיט ציטערנדיקן דרך־ארץ די קליאַמקע לייכט געעפנט, האָט דורך דער אָפענער שפּאַרונע אַ קדושההדיקן בליק געטאָן אויפן קעגנאיבעריקן אָרון־קודש, מיטן טונקל רויטלען פּרוכת, דערנאָך עטלעכע מאָל געשאָקלט מיטן ווייז־פינגער, שטיי־ענדיק ביי דער דרויסנדיקער זייט פון שוועל, ווי אַ וואונק צו זיי אַרויס־צוקומען צום אָנמעסטן, ווייזנדיק זיי פון ווייטנס די מלבושימלעך אין זיין לינקער האַנט. ביי זייער אַרויסקומען אינעם פאָדער־הויז מיטן מלמדס הס־כמה, האָט ער, מאיר, מיט אַ שטיק ווייסן קרייד נאָר אָנגעמאָסטן איינעם פון זיי, צוגעלאָזט אַ ביסל אין ברייט און לענג — צום אויסוואַקסן. שפּע־טער, נאָכן אויספּרעסן האָבן די מלבושימלעך ביידען געפּאַסט ווי פון איין פורעם אויסגעגאָסן. בײדע, מנשה און חימל האָבן זיך זומער־צייט אין די ערב־שבתדיקע נאָכמיטאָגן, באַפרייטע פון די מלמדים, געשפּילט אין זאַמד ביים טייכל, אַרום דעם באַרגיקן וואַלד. זיי האָבן געבויט הייזלעך און הײלן, און ליב געהאַט צו הערן דאָס פליעסקן פון זייערע געוואָרפענע שטיינדלעך אינעם שטילן לויטערן וואַסער, וואָס האָט זיך געבלויט אינעם אָפּשיין פון די בלויע וואַלדיקע בערג.

די צווייי טונקל־ברוינע הינטלעך פון דעם וואַלד־וועכטער סטעפאַן, ציגאַן און וואַליאַן, בײדע ווי אַ צווילינג, נידעריק־לענגלעכע מיט ווייס־שנירלדיקע פלעקן אַרום זייערע העלדזער, מיט לאַנגע פאַרשפּיצטע אויערן לעפלעך — פלעגן זיי אין מיטן שפּיל פון די צווייי ייִנגלעך, זיך אַ לאָז טאָן צו זיי מיט הינטישער אימפּעטיקייט און אויך מיט אַ בייז־ברוגז־שפּילעוו־דיקן געביל: — „וואָס האָט געקענט הייסן: — פאַרוואָס שפּילט איר זיך אָן אונדז?

חימל, דער בלאָנד־העלער, האָט דער ערשטער זיך אַ לאָז געגעבן

צו זיי געגלעט מיט זיינע הענט איבער די סאַמעט־פּעלענע קעפּלעך און גערעדט צו זיי יידיש מיט אַ סך ליבלעכקייט: —

— אַ נו, כאַפּט מיר דאָס שטיינדל אויפן וואַסער!

פליוסק! און ביידע הינטעלעך האָבן זיך געלאָזט נאָכן געוואָרפענעם שטיינדל, וואָס איז געשפּרונגען, שפּרונג נאָך שפּרונג, איבער דעם אויבער־פלאַך, געשפּריצט מיט פינקלדיקע טראָפּנס, זיך געפּאַליעט און גענומען זינקען צום דנאָ.

די הינטלעך האָבן געפּרואווט כאַפּן — אָבער ניט געקענט. דאַמאָלט זיינען זיי אַנטוישטע, צוריקגעקומען צום ברעג מידע, מיט נאַסע פעלן, מאַטע, ווי לעדערנע גומזען. געשאָקלט מיט די קעפּ מיט די פאַרוואַסערטע אויגן־לעפּלעך, און שטיל אונטערגעבולן ווי גערעדט, ווי זיי וואָלטן זיך אַנטשולדיקט פאַר ניט אויפכאַפּן דאָס שטיינדל. ביידע ייִנגלעך האָבן זיי וואַרעם געגלעט איבער די רוקנס, און די הינטלעך הכנעהדיק זיך אויס־ציען נידעריק, נידעריק און געהאַט פונעם גלעטן אַ סך תענוג.

חיימל לויפט אַריין אין הויז, די הינטלעך לויפן אים נאָך ביז דער טיר. ער ברענגט זיי אַרויס עטלעכע שטיקלעך קאַנדל־צוקער, הויבט דאָס מיט ייִנגליש־שטיפערישקייט העכער און העכער איבער זייערע קעפּלך, און זיי פלינקער פון אים, שפּרינגען אין דער לופטן און כאַפּן פינקלדיקן קאַנדל־צוקער אין זייערע מיילער.

מנשה און חיימל האָבן שוין געלערנט גמרא מיט תוספות ביי ר׳ יוסף לייב, דער למדן־מלמד פונעם גאַליצישן שטעטל ריישע. ער איז געווען אַ הויכער, שיינער מאַן, מיט אַ הדרת פנים, אַ שמאָל לענגלעכדיקס ווי אַ ספרדישער מקובל, מיט אַ טונקל שמאָל בערדל, אַ מדקדק אויף ריינקייט מיט אַ קפדנותדיקער שטרענגקייט. ביים מסביר זיין אַ שיעור פון דער וואָך פאַר די צוויי תלמידים זיינע, האָט ער אַלץ אַרויסגעבראַכט מיט לויטערער קלאָרקייט. ביידע תלמידים האָבן באַטראַכט זייער רבין ווי אַ גוטן חבר זייערן. בעתן גיין צוזאַמען אין זייערע שפּאַצירן אין די זומערדיקע פאַר־נאַכטן אין טיפן וואַלד, האָט ער זיך מיט זיי געשפּילט אין וואַרפן די אויפ־געהויבענע שלאָף־עפּעלעך אין אַ געוועט פון „העכער״ און פון כאַפּן זיי. אַזוי פלעגן זיי זיך פאַרשפּילן ביזן אָנקומען צום שמאָלן וואַלד־וועג ביים שטיינערנעם וואַסער־קוואַל וואו סהאָט געוואוינט זייער וואַלד־וועכטער, סטעפּאַן, אין דער ניי־איבערגעבויטער שטוב. ווען עס איז נישט געווען צו שפּעט צום צוריקגיין אין בית־המדרש צו דאַוונען מנחה האָבן זיי זיך אָפּ־געשטעלט פאַר סטעפּאַנס שטוב וואו ער מיט זיין ווייב און מיט די דריי

מיידלעך זייערע, זיינען אַרויסגעקומען זיי מכבד זיין מיט פּריש, קאַלט וואַסער פונעם דערבייאיקן קוואַל. די מיידלעך, עטוואָס עלטער פון זיי, האָבן זיי באַטראַכט מיט פאַרבויגענע העל־פלאַקסענע קעפּלעך, מיטן בייסן די נעגל פון זייערע רעכטע הענט, מיט שעלמיש־דאָרפישער שעמעוודיקייט, און זיי דורכגענומען מיט יונג־שיקסלדיקער גלוסטונג.

די צוויי שיינע יינגלעך, מיט די קיילעכדיקע ראָזאָווע באַקן, זיינען גע־שטאַנען פאַררויטלט, ווי די עפּל אויפן בוים אַקעגן זייער הויז. די צוויי הינטלעך, ציגאַן און וואַליאַן, זיינען דערביי געשפּרונגען, געלעקט די הענט מיט זייערע נאַסע צינגעלעך.

די צוויי יינגלעך זיינען ניט געווען קיין פרעמדע אויך צו די אַרומיקע שקצימלעך. אין די פריטיקדיקע נאָכמיטאָגן, באַפרייטע פונעם לערנען, האָבן זיי זיך געשפּילט מיט זיי אין וועט־געלויפן און אויך אין מלחמהדיקע שלאַכטן, וואו זיי זיינען געווען די קאָמאַנדירן.

חיימל און מנשה, געבוירן און דערצויגן אין וואַלד, האָבן מיט קינדע־רישע פּילבאַרקייט געשפּירט יעדן ריר און שאָרך פון אַלע לעבעדיקע באַ־שעפענישן וואָס פויזן, קריכן, לויפן און פליען אַרום אינעם וואַלד. זיי האָבן ווי שטיפערישע קינדער ליב געהאַט צו הערן זייערע אַרויס־געשריי־גענע ווידער־קולות, די עכאָס, ווי די וואַלד־ביימער וואָלטן זיך געשפּילט מיט זיי ביים נאָכמאַכן די צוויטשערייען פון די אַלערליי פויגל־געזאַנגען, דאָס מעקן פון די קי און קעלבער, דאָס בילן פון די הינט און דאָס הירזשען פון די פערד און לאָשיקלעך.

ווען זיי זיינען אונטערגעוואַקסן, פאַרנומען געוואָרן אַלץ טיפער אין לערנען האָבן זיי אין זייערע וואַלד־שפּאַצירן מיט זייערע מלמדים געזונגען דעם מונקאַטשער רבינס ניגונים. דער וואַלד האָט מיטגעזונגען און האָט זיי דערמאָנט עכאָדיק זייערע קינדערישע שטיפערייען פונעם נאָענטן אַמאָל.

## טעג פון אימה

און ס'איז געשען!...

דער דורותדיקער וואַלד האָט אַ ציטער געטאָן: די טיפע שטילקייט פון שטאַמען באַשיצטע איז אויפגעבראָכן געוואָרן; די מיסטישע, סודות־דיקייט איז פלוצלונג אַנטבלויזט געוואָרן — געוואַי, געשריי!...

ניט דאָס געשריי פון אַ געיאָגטער חיה, ניט דער געביל פון יאַגד־הונט, נאָר דאָס געשריי פון מענטש, אין זיין געלויף פון טויט?

הילף? קיינער בעט שוין ניט קיין הילף!

חורבן, ביימער רוישן, בייגן זיך אַלע אַהין־אַהין, שטורעם, געוויטער.
אײן בוים בייגט זיך און זאָגט אָן דעם צווייטן בוים; דער צווייטער זאָגט
אָן דעם דריטן — ביימער, ביימער מיט דער דיקער קאָרע פון דורות —
צעשראָקענע, צעבויטעטע.

אָ, פייערן! פייערן! און מחנות וואַלד־געפליגל פליען, טראָגן זיך אין
אימה; אַלע קולות אַנטלויפן; דער קראַ־קראַ צוזאַמען מיטן טשיר־טשיר,
דער קור־קור צוגלייך מיטן קוק־קוק; בראַ־בראַ צוגלייך מיטן דיל־דיל.
אַלע אַנטרינען. איין געשריי בלייבט — גוואַלד!

די וואַלד־פעסטונג פאַלט — און איז געפאַלן!

ב.

# אין דעם פינצטערן גרוב

ביז דעם אָנהייב פון דייטש־נאַצישן מאַרש אויף רוסלאַנד, האָט ר׳ לייב,
ווי אַלע אַנדערע יידן, זיך נישט געריכט אַז דער חורבן־פוילן וועט אויך
קומען אויף זיי. זיי זיינען געווען פאַרצערט און דערשראָקן, אָבער פול
מיט בטחון אין גאָט. אויך די שטאָלץ־אונגאַרישע מאַדיאַרישקייט, אַז צו זיי
וועט עס ניט דערגיין, האָט געלינדערט דאָס האַרץ.

אין איינעם פון יענע פינצטערע טעג, זיינען אָבער די דייטש־נאַצישע
עס־עס רוצחים מיט דער מיטהילף פון רוטענער, סלאָוואַקן, קראָאַטן, און
אונגאַרן, באַפאַלן די יידישע ישובים אַרום; ווי היישעריקן, ווי בלוט־דאַר־
שטיקע חיות האָבן זיי זיך מיט ברענענדיקער רוצחישקייט אַ לאָז געטאָן
אין זייער איבערפאַל אויף די יידן; זיי האָבן אַוועקגעפירט די יונגע מענער
פון אַלע יידישע היימען; זיי איינגעטיילט אויפן דייטש־פרייסיש מיליטער־
רישן שטייגער אין עשאַלאָנען, זיי געטריבן אויף די פעלדער, וואו די רוסן
האָבן, פאַר שוין, אויסגעלייגט מינעס, און פיל טויזנטער יונגע יידן זיינען
אויפגעריסן געוואָרן אין דער לופטן, יידן האָבן אַפילו ניט באַוויזן אויס־
צושרייען: — שמע ישראל!

זייער בלוט האָט געשפריצט אויף די האַלב פאַרדאַרטע גראָזן און
קוסטן. זייערע צעריסענע גלידער זיינען אַריינגעקוועטשט געוואָרן אין דער
נאָך ווייכער סוף־זומערדיקער ערד דורך די נאָכלויפנדיקע דייטש־מערדערישע
פאַנצער־דיוויזיעס — צום קריג מיט די רוסן! אין מיטן האַרבסט האָט דער
דייטש געזייט אויף די פעלדער — בלוט און טויט!

אַלע וועגען זיינען פול מיט זיך־ציענדיקע פאַרחושכטע יידן פון דער גאַנצער סלאָוואַקיי; מיט געבויגענע קעפּ און אונטערגעהאַקטע פיס, שלעפּן זיי זיך, און ווייסן נישט וואוהין. זיי שלעפּן זיך ווי מידע קראַליקעס געיאָגטע פון ווילדע וועלף. ווערן ללעג ולקלס פאַרשפּאָטביים באַרבייגיין גויאישע דערפער און קרעטשמעס. צוזאַמען מיט שפּאָט קומט אויך האַק און קויל.

ביי ר׳ לייבן אין הויף איז האַלב פינצטער. סטעפאַן, דער געטרייער וואַלד־וועכטער, העלפט צו פאַרפּאַקן און באַהאַלטן וואָס נאָר מען קען. רחלע ר׳ לייבס ווייב, מיט די קינדער שטייען צעשראָקענע, זי — בלאַס און געל, ווי זי וואָלט אויפשטיין פון אַ טיפוס, ברעכט זיך די הענט אין קראַמפּיקער פאַרלוירנקייט. די קינדער פאַרכליפּעט אין זייערע איינגעהאַלטענע געוויינען, רינגלען אַרום זייער פאָטער, ר׳ לייבן, וואָס רעדט מיט סטעפאַנען, מיט אַ געבראָכן קול, ביים איבערגעבן אים די שליסלען פון טאַרטעק און פון דעם הויף, ווי אַזוי ער זאָל אָפּהיטן דאָס פאַרלאָזטע פאַרמעגן. זיינע אויגן זיינען צעצונדן מיט אַן אַנגסטלעך־פאַרביטערט פייער, ביים געזעגענען זיך מיט סטעפאַנען. דריקנדיק פעסט סטעפאַנס האַנט, זאָגט ער: — „ווער ווייסט אויב ס׳איז שוין נישט צו שפּעט אונדזער לויפן? כ׳גיי וואו די אויגן וועלן מיך טראָגן״. ער שטופּט אַריין אין סטעפאַנס בוזעם־קעשענע אַ פּעקל צירונג און געלט, באַשווערט אים, אין גאָטס נאָמען, צו ראַטעווען זיינע און שמעונס קינדער.

ר׳ לייב האָט געהייסן סטעפאַנען צוגיין צום מונקאַטשער בירגערמייסטער אַדריאַן קאַפּטשאַק, זיין טאַטנס פריינט, אַז ער זאָל אַריינשטעלן אַ געשעפטס פאַרוואַלטער אין טאַרטאַק. צוזאַמען מיטן נייעם פאַרוואַלטער וועט סטעפאַן אָנפירן מיטן טאַרטאַק אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אַזוי אַרום וועלן די עלטערע פויערים־אַרבעטער האָבן אַ חלק אינם טאַרטאַק און ניט טראָגן קיין שנאה אויף אים, סטעפאַנען. דאָס וועט פאַרמיידן, אַז וועלכע פויערים זאָלן חלילה אַרויסגעבן צו די דייטשע מערדער זייערע באַהאַלטענע קינדער. „פאַרגעס ניט סטעפאַן״, האָט ר׳ לייב געזאָגט, „די ווענט האָבן אויערן אַפילו אין דעם טיפן וואַלד פאַרהוילן״.

ר׳ לייב איז אַוועק אין דער פינצטערער מיטן־נאַכט אויפן שמאָל באַרגיקן שטעג, מיט צוויי וואַליזעס אין זיינע הענט.

סטעפאַן איז אַרויס פונעם הויז מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, געבויגן צו דער פייכטער אָנהייב־האַרבסטיקער ערד, באַדעקט מיט געפאַלענע, צע־קאָרטשעטע בלעטער און וואַלד־נאָדלען; האָט געווישט פון זיינע נאַסע שוואַרץ־דיקע וואָנצעס די פליסנדיקע געזאַלצענע טרערן אויף זיי. נאָך אים האָבן

געשלייכט דורכן וואַלד מיט שלאַבעריקע טריט, ווי וויסטע יתומים, די צווי יינגלעך, חיימל און מנשהלע, און די צווי מיידלעך, זייערע שוועסטערלעך, רויזעלע און שרהלע. זיי, די מיידלעך, האָבן גערעדט סלאָוואַקיש ווי די גוים, האָבן געהאַט בלאָנדע האָר ווי שיקסלעך. זיי האָט סטעפאַן גלייך ביים אַריינקומען אין זיין הויז, צוזאַמען מיט זיין ווייב מאַריאַ, אָפּגעשניטן די לאַנגע צעפּ, זיי אָנגעטאָן אין די פּראָסטע קליידלעך פון זיינע אייגענע מיידלעך. סטעפאַן און סטעפאַניכע האָבן לכתחילה באַשלאָסן צו האַלטן די מיידלעך ביי זיך אין שטוב.

אָבער ווען סטעפאַן מיטן ווייב זיינען נאָכן פּאַרטיק ווערן מיטן גרוב, צוריקגעקומען אין שטוב אַריין, זיינען נאָך די מיידלעך נישט געשלאָפן. זיי זיינען געזעסן אויפן שטרויענעם געלעגער אין אַ ווינקל און שטיל געהעשעט. די פּנימלעך זייערע זענען געווען ווייס ווי די וואַנט. האָבן סטעפאַן מיט מאַריאַ באַשלאָסן, אַז זייער בלייבן אין שטוב איז געפערלעך. זיינע שכנים וועלן דערקענען, אַז זיי זיינען יידישע קינדער, זיי וועלן דאָס דער־שנאַפּן אין זייערע פּאַרטרויערטע יידישע אויגן און אומר ועושה — באַלד האָבן זיי די מיידלעך אַריבערגעפּעקלט אין אַ זייטיק בוידעם־שטיבל הינטערן וואַלד.

די צווי יינגלעך האָט סטעפאַן באַהאַלטן אין גרוב, וואָס זיי האָבן יענע נאַכט אויסגעגראָבן מיט פיבערישע שנעלקייט און מיט אַ פאַרשטומ־טער שטילקייט. דער גרוב איז געווען נאָענט באַהאָפּטן צו זייער קעלער. זיי האָבן דעם גרוב צוגעדעקט מיט דיקע פעסטע ברעטער, באַלייגט פון אויבן מיט אַ צודעק פון אַ פלאַכטע גראָזיקער ערד, ווי די גרין גראָזיקע לאַנ־קע אַרום.

אין אַ ווינקל פונעם גרוב האָבן די יינגלעך, מיט אַ שפּיציקן שטיק אייזן, וואָס סטעפאַן האָט זיי אַריינגעגבן, אויסגעגראָבן אַ טיפן לאָך פאַר מענטשלעכע באַדערפעענישן. די יינגלעך האָבן ניט געפרעגט קיין קשיות. די נאָענטקייט פון מלאך המות האָט זיי שנעל אַלץ אויסגעלערנט. סטעפאַן און מאַריאַ האָבן זיי אַריינגעגעבן יעדע נאַכט, דורכן עפענען דעם צוגע־פּאַסטן שטיין אין דער קעלערוואַנט, אַ צעשניטן ברויטל, עטלעכע ציבעלעס און מערן, טיילמאָל אויך עטלעכע עפּל אָדער באַרן, און אַ טאָפּ וואַסער.

מנשה און חיימל האָבן אין דער לעצטער מינוט פאַרן שיידן זיך מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס, מיטגענומען זייערע שיינע תפילין, מיט די שוואַרץ בלאַנקנדיקע בתים אין די אויסגעבעט־פּלוזשענע שיידלעך, וואָס ליגן אין די געהאַפטענע טונקל־בלוי סאַמעטענע, תפילין־זעקלעך, מיט די

גאָלדענע מגן־דוד, אויסגעהאָפּענע פון זייערע שוועסטערלעך צו זייערע אָקאָרשטע בר־מצוהס.

אינעם גרוב האָבן זיי מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, ווי יונגע הירשן, איינ־געהערט זיך צו די עכאָס פון די פרי־מאָרגנדיקע פייגל־קולות, וואָס איז זיי באַקאַנט פון זייער קינדהייט אָן. דעמאָלט האָבן זיי געלייגט תפילין. מיט טאַפּנדיקע הענט האָבן זיי בודק געווען זייערע רצועות של־יד צי די שדים זיינען ווי סבאַדאַרף צו זיין. און מיט אַ ציטערדיקן אָנקלאַפּ דעם של־ראש באַרירט.

זיי האָבן אַ סך מאָל געהערט מיט ציטערדיקע הערצער, שווער־שטיוול־דיקע טריט איבער זייער גרוב. — דער נאַצי־רוצח האָט חיהדיק, געזוכט באַהאַלטענע יידן.

אינעם גרוב האָבן זיי יעדן טאָג בלחשדיק איבערגעחזרט אַלץ וואָס זיי האָבן געדענקט פון זייער לערנען ביי די מלמדים, זיי האָבן געציילט די טעג פון דער וואָך מיט אַקוראַטנער פּינקטלעכקייט, און אַזוי אַרום אויס־גערעכנט דאָס אויספאַלן פון די שבתים און ימים־טובים פון זינט דעם טאָג פון זייער אַראָפּנידערן אַהער אין גרוב אַריין.

אין זייער בענקשאַפט צו פאַסטן די ערב־שבתדיקע טעג, כדי מער הנאה צו האָבן פונעם שבת, באַהאַלטן זיי דאָס ברויט, די ציבעלע מיטן עפּל אין אַ זייטיקער גריבל. צו קבלת שבת דרייען זיי איבער זייערע פאַלטנדלעך מיט די אונטערשלאַקן פון אויבן, און די איבערגעדרייטע רויט־פלאַנעלע אַרבל לויכטן מיט זייער טונקעל רויטלעכקייט ווי די געצונדענע שבת־ליכט פון די מאַמעס.

זיי טאַנצן אונטער מיטן נעמען זיך פאַר די הענט ביים אויסזינגען מיט שטילן געמורמל דעם „לכה דוד לקראת כלה, פּני שבת נקבלה״.

ווען חיימל צעווייינט זיך ביים „רב לך שבת בעמק הבכה״, ציט אים מנשה שטאַרקער ביי זיינע הענט, זינגט מיט דערשטיקטן חסידישן ברען דעם „והוא יחמול עליך חמלה, לכה דודי לקראת כלה פּני שבת נקבלה״.

נאָכן פאַרענדיקן קבלת שבת מאַכן זיי עטלעכע קליינע טריט, צו דער שטיין־עפענונג פונעם קעלער־לאָך ווי זיי וואָלטן, ווי אַמאָל, אַהיים גיין פונעם וואַלד־בית־המדרש, און זאָגן „שלום עליכם, מלאכי השרת״, מיט אַ שבתדיקער שמחה מאַכן קידוש איבערן טעפּל־וואַסער אין בײדנס הענט, און ביים טרינקען פילן זיי דעם טעם פון קידוש־וויין.

זיי וואַשן זיך די הענט מיט עטלעכע טראָפּן וואַסער, מאַכן המוציא

איבערן שווא̇רצן ברויט און פילן די אייער און זא̇פרא̇ן ריחות פון מא̇מעשיס פריש געבא̇קענער שבתדיקער חלה.

א̇זוי אויך אין די צומא̇רגנס פון די שבתים זיינען זיי אין זייערע דמי־יונות, נישט אינעם גרוב, נייערט זיי דא̇וועגען אינעם ווא̇לד־בית־המדרש וואו זיי רופן זיך אויף איינער דעם א̇נדערן צו עלית־התורה, חיימל א̇לס כהן, מנשה א̇לס ישראל.

זיי הא̇בן נא̇ר נישט געוואוסט: — דא̇רף מען מזכיר נשמות זיין!... דער רוצח מא̇רדעט דא̇ך רעכטס און לינקס. חיימל פלעגט טרא̇כטן: אפשר טא̇קע יא̇? א̇בער מנשה הא̇ט אים א̇פגערעדט פון דעם: — „דער טא̇טע מיינער הא̇ט געהא̇לטן פון פסוק „א̇ל תפתח פה לשטן". א̇בער אינעם הא̇רץ הא̇ט ער נישט געספקט אויף א̇ רגע א̇פילו, א̇זוי ווי חיימל א̇ז מיט זייערע עלטערן איז שוין לא̇נג נא̇ך א̇לעמען, א̇ז זיי זיינען פא̇רפייניקט און פא̇ר ברענט געווא̇רן מיט א̇לע א̇נדערע יידן. ווען חיימל הא̇ט איינמא̇ל אין א̇ פיבער פון קעלט און אין היץ זיך געשא̇קלט ווי א̇ דין צווייגל פון א̇ בוים אין א̇ שטורעמווינט, הא̇ט אים מנשה געטוליעט צו זיך, צו זיין דא̇רן גוף, אים א̇רומגענומען מיט זיינע דינע הענטלעך, אים צוגעדעקט מיט זיין פא̇לטנדל, געווא̇רעמט אים מיטן הויך פון זיין מויל, גענענט דא̇ס ביסעלע וווא̇סער צו זיינע פא̇רטריקנטע ליפן, אים א̇זוי געהא̇לטן אויף זיך עטלעכע טעג און נעכט. ווען חיימל הא̇ט פלוצלונג אויפגעעפנט זיינע ברענענדיקע אויגן, געפרעגט מנשהן: — „וואו זיינען מיר?" הא̇ט מנשה געענטפערט אים: — „אין גרוב זיינען מיר, אויס מורא פא̇ר די דייטשישע מערדער".

חיימל פרעגט אים וואס וועט ווערן מיט די שולן, בתי מדרשים, ספרי תורות און ספרים. מנשה ענטפערט: — „היטלער מיט זיינע דייטשן וועלן זיי פא̇רברענען צוזא̇מען מיט די יידן און דער רויך ווי דער א̇מא̇ליקער קרבן וועט דערגרייכן צו די הימלען".

חיימל: — ווילן די דייטשן און די א̇נדערע גוים בלויז גוים אויף דער וועלט, מיט א̇ גויאישן גא̇ט?

מנשה: — זיי ווילן אין גא̇נצן קיין גא̇ט נישט, היטלער וועט זיין זייער גא̇ט. נא̇ר סקומט א̇ נס, לא̇מיר נא̇ר ווא̇רטן.

חיימל: — וועט דא̇מא̇לט קומען משיח?

מנשהס טרערן זיינען געראונען אויף חיימלס הייסן שטערן. ער הא̇ט אים געדריקט צו זיך נא̇ך שטא̇רקער ווי פריער, געשעפטשעט טרערנדיק ווי א̇ תפילה אים אין אויער א̇ריין: — „שטא̇רב נישט חיימל! לא̇ז מיך נישט איבער אינעם גרוב א̇ליין".

חיימל איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף, באַדעקט מיט אַ פּיטשנאַסן שווייס. ווען חיימל האָט זיך נאָכדעם געבעסערט צו ביסלעך, האָט זיך פּלוצים געעפנט דער שטיין אין קעלער צו זייער גרוב און סטעפאַן, ביים טונקעלן געלבלעכן ליכט פון זיין קליינער לאַמטערנע האָט זיי געהייסן אַריינקריכן אינעם קעלער אַריין.

סטעפאַן האָט זיי געזאָגט שטיל: — „היינט איז די גרויסע קריסטלעכע חגא, דאָס געבורט פון אונדזער דערלייזער, די נאַציס זיינען היינט ביינאַכט און אויך מאָרגנדיקן טאָג פאַרנומען מיטן פרעסן און זויפן, קאָנט איר דערווייל זיך אויסגלייכן אייערע צעבראָכענע ביינער".

מנשה איז אַרויסגעקראָכן שלעפנדיק מיט זיך דעם נאָך פאַרשוואַכטן חיימלען. סטעפאַן האָט אים צוגעהאָלפן, זיי האָבן חיימלען אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, און סטעפאַן האָט באַלד געבראַכט אַ פרישן זאַק מיט היי און האָט חיימלען אַרומגעוואַשן מיט פריש וואַסער. דערנאָך האָט ער זיי געבראַכט הייסע טיי מיט צוקער, פרישע, ווייסע ברויט מיט קעז און געקאָכטע אייער. ער האָט זיי געוואָלט מכבד זיין מיט עפּעס פון זיינע ווייַנאַכטמאַכלים, אָבער זיי האָבן אים געדאַנקט.

סטעפאַן האָט זיי געהאַלטן דעם גאַנצן מעת לעת פון ווייַנאַכטן ביי זיך אין קעלער. חיימל האָט זיך אויף אַזויפיל געבעסערט, אַז פאַרנאַכט־צו האָט ער שוין אַליין, אָן קיינעמס הילף, געקאָנט צוריקקריכן מיט מנשהן אינעם גרוב אַריין.

זיי האָבן ביסלעכוויז אויפגעהערט צו פילן די פּיין און אָנגעהויבן גאָר צו שפּירן די לוסט און גלוסט צום לעבן. צי דערפאַר ווייל עס האָט זיך ביי זיי געשטאַרקט דער טיפער גלויבן פון דעם אַלט־יידישן חזיון, אַז „כי תעבור ממשלת זדון מן הארץ", אַז סוף כל סוף וועלן זיי נאָך דערלעבן אַרויסצוקומען אין אַ מענטשלעכער וועלט? אָדער אפשר צוליב זייער שטאַרקן ווילן צום לעבן? זיי האָבן שוין אַפילו אין זייער גרוב־צוגעוואוינטקייט אָנגעהויבן צו פילן די פרייד פונעם לעבן. זיי האָבן שוין אָנגעהויבן זעען אַזאַ מין פינצטערע — ליכטיקייט. עס האָט זיך מיט דער צייט ביי זיי אַנטוויקלט אַ שטאַרקע סענסיטיוויטעט צו יעדן ריר און יעדן שאָרך איבער דעם דעק פון גרוב, נישט נאָר די קלאַנגען פון די פייגל־געזאַנגען אינעם וואַלד האָבן זיי געהערט, נאָר אויך די פייגלישע טריט די לייכטע איבערן פיר־עקיגן גראָזיקן צודעק. זיי האָבן אויך שוין דערפילט און ממש ווי געזען דאָס דורכשלייכן פון די וועווריקעס, האָזן און קראָליקעס. צו פרילינג צו האָבן זיי דורכגעפילט די לייכטע, דינע רעגנס און דאָס

שמעלצן זיך פון שניי און אייז, דאָס שפּראָצן פון די קנאָספּן, שפּעטער — די העלע זומערדיקע גרינקייט אַרום זיי, דאָס קוואַקן פון די פראָשן, דאָס זשומען פון די פליגן און אינזעקטן אַלערליי — אַזוי אויך די האַרבסטיקע שלאַקס־רעגנס און דאָס רווישעריי פון די צעשראָקענע שאָקלדיקעביימער, און דאָס פאַלן פון בלעטער און זייער דרייען זיך אין אַ ווילדן געווירבל, און אויך די ווינטערדיקע שניי־שטורעמס און די קנאַקעדיקע פרעסט, וואָס האָט איינגעשלעפערט דעם וואַלד אין אַ טויטער שטילקייט. זיי האָבן זיך אויך צוגעוואוינט צום דוממדיקן שווייגן. יעדער פון זיי איז געווען אַריינגעטאָן אין זיך און אין זיינע אייגענע טראַכטונגען, נישט נאָר איבער זייערע ליידן און געפאַרן, נאָר אויך נאָך מען איבערן גורל פון זייערע נאָענטע, זייערע טאַטעס און מאַמעס, זייערע שוועסטערלעך. לעבן זיי? . . . וואו זיי זיינען זיי וואָס איז מיט זיי געשען? . . . זיי האָבן ממש געפילט זייער אָטעם אַרום זיך און אין זיך, זיי האָבן געלעבט מיט זיי, האָבן געזען זיי אין לעבעדיקער נאָענטקייט אין זייערע הימען, וואו אָט שטייען זיי דאָך פאַר זייערע אויגן, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען.

און פיל מאָל האָבן זיי ווי פאַרבענקטע קינדער געוואָלט אויסשרייען: — טאַטע! מאַמע! אָבער מיינסטנס האָבן זיי געשוויגן.

האָבן זייער אָפט גערעדט וועגן זייערע שוועסטערס, אַז זיי לעבן ביי סטעפאַנען זיינען זיי זיכער געווען, ווייל אויב סוואָלט חלילה שלעכטס געשען מיט זיי, ווען אימיצער פון די גויים וואָלט זיי פאַרמסרט צו די דייטשן, וואָלטן זיי שוין אויך דאָ נישט געווען, דאָס איז דער בעסטער סימן, האָבן זיי דערפון געדרונגען, אַז זיי לעבן נאָך, אָבער מנשה האָט מורא געהאַט פאַר זייער פאַרגויישט ווערן צווישן גויישע ווענט מיט צלמים אַרום. ער האָט שטענדיק ביים רעדן וועגן זיי שטאַרק געזיפצט און פאַרענדיקט מיטן פּסוק „ויתערבו בגויים וילמדו ממעשיהם”. ווער ווייסט האָט ער געמורמלט אייב זיי טראָגן ניט צלמימלעך אויף זייערע העלדזלעך? חיימל האָט אים אָפּגעווענדעט פון דעם דאָזיקן טראַכטן, מיטן דערמאָנען אים זיין שטענדיקן זאָג: אַל תפתח פה לשטן”.

זייער שווייגנדיקע פאַרטראַכטקייט האָט זיי געשטאַרקט, דערפרישט זייערע בענקשאַפטן נאָך זייער פאַרגאַנגענער קינדערשער פרייד ביים שפּילן זיך אַרום טייכל הינטערן וואַלד; זיי זעען אַזוי לעבעדיק, די פליעס־קנדיקע פישעלעך, וואָס יאָגן זיך מיט זייערע שמאָלע פיסקעלעך איבערן וואַסער־פלאַך נאָך די לאַנגע שטאָל־בלויע וואַסער־פליגן; אָדער ווי גאַנצע מחנות פישעלעך יאָגן זיך אין די נעפּלדיקע זומערדיקע פרימאָרגנס נאָך

די מחנות קליינע זומער־פליגעלעך, די לאַנג־בלויע ווי דינע בלוי זיידענע שנירעלעך; מחנות פליגעלעך וואָס שפּיגלען זיך איבערן וואַסער־פלאַך און די גאָלדענע זוניקע פּאַליעס וואָס טאַנצן אַקעגן די זון־שטראַלן ווי אַ לויב צום בורא־עולם פאַר דער אויפגייענדיקער זון! דאָס זעלביקע אין די האַלב טונקעלע וואַרימע פאַרנאַכטן ווען די זילבערדיקע שטילע פּאַליעס מיניען זיך אין דער לויטערער רויטקייט פון דער פאַרגייענדיקער זון, ביים וואַל־דיקבאַרגיקן האָריזאָנט. זיי זעען אויך די צוויי הינטלעך, ציגאַן און וואַ־ליאַן, וואָס לויפן אַריין אינעם טייכל צו כאַפּן זייערע געוואָרפענע שטיינדע־לעך... מיט אַלץ און אַלעמען זיינען די ייִנגלעך, דאָ אינעם גרוב, באַ־האָפטן, און אַוודאי זיינען זיי באַהאָפטן מיט שבת און יום־טוב.

טעג און חדשים גייען פאַרביי...

דעם ערשטן ווינטער האָבן זיי ווייניק געגרעדט צווישן זיך, אויס שרעק און אויך צוליב די ליידן פון די מוראדיקע קעלטן וואָס האָט זיי אַדורכגעג־נומען זייערע יונגע גופים הויט און ביין. ווען ספּלעגט זיי קלאַפּן אַ צאָן אין אַ צאָן, האָבן זיי זיך אַרומגענומען, זיך האַרט צוגעדריקט איינער צום צווייטן כדי אַזוי אַרום זיך צו דערוואַרעמען. זיי האָבן אויך די ערשטע צייט זיך געראַנגלט מיט די פעלד־מייז און ראַצן וואָס זיינען געווען זייערע שטענ־דיקע „שטאַם־געסט", ווי חיימל האָט זיי גערופן.

פון אָנהויב האָבן זיך, סיי די מייז און סיי די ייִנגלעך, געשראָקן איינער פאַרן אַנדערן. דערצו האָבן חיים און מנשה געפילט אַ טיפן עקל צו די ראַצן און געשוידערט דערביי. סהאָט לאַנג נישט געדויערט ווי די גרעסערע מייז און פעלד־ראַצן זיינען אַריין אינעם גרוב דורך די לעכער און ווי ווילדע רויבער געטשאַטעוועט אויף זייערע קעשענעס — זייער איינציקע באַהעלטעניש פאַרן שטיקל ברויט; זיינען אַרויף אויף זייערע הענט, געריסן דאָס ברויט מיט זייערע שאַרפע, ווייסע ציין, צעקראַצט זייערע הענט ביז בלוט מיט זייערע נעגל, ביז געצוואונגענעם געראַנגל פון די ייִנגלעך צו דערווערגן די ראַצן מיט זייערע דאַרע, ביינערדיקע פינגער און פאַר־וואַקסענע נעגל. מיט שנעלער געשייטקייט ווי די קעץ, האָבן זיי געכאַפּט די גרויסע ראַצן פאַר די נאַקנס, אָדער גאָרגלען, זיי אַריינגעשטופּט אין די לעכער און פאַרדעקט, באַגראָבן מיט ערד. אַ שטיק צייט זיינען די גרויסע ראַצן ניט געקומען.

פון די קליינע מייזלעך וועלכע זיינען אָן אויפהער געקומען פון די קליינע שפּאַלטן, האָבן זיי בשום אופן נישט געקאָנט פטור ווערן; זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צו זיי ווי צו היימישע פייגל און זיי געשפּייזט מיט ברעקלעך

ברויט ווי אַמאָל זייערע מאַמעס פלעגן אין אַ שבת־שירה שפּייזן די פייגל מיט שבתדיקער קאַשע.

אָבער מייז זיינען מייז. ווי נאָר זיי, מנשה און חיימל האָבן אָנגעטאָן די תפילין, זיינען די מייזלעך אַרויף אויף זייערע קעפּ און הענט געפּרואווט גריזשען דעם של ראש און של יד... האָבן אָבער די יינגלעך, מיט די רעכטע הענט זיי געשמיסן אויף דער ערד, זיי צעטראָטן מיט די פיס, זיי פאַרשאַרט אין די ווענט פונעם גרוב. נאָכן דאַווענען האָבן זיי די מייזלעך פאַרשטופּט אין אויסגעגראָבענע לעכער און זיינען מיט דער צייט אויך פּטור געוואָרן פון זיי.

דער איינציקער ראָץ, צו וועמען זיי האָבן זיך צוגעוואוינט איז געווען אַ הינקענדיקער, אַלטער מיט שטעכיקע, גרויע וואָנצעס, וואָס חיימל, ביים דערלאַנגען אים אַ שטיקל פאַרדאַרט ברויט, האָט גערופן: — „קום אַהער, מלכקע״, דאָס האָט ער געמיינט דעם שטאָט קברן, מלך, מיט גרויע שטעכיקע וואָנצן, פאַר וועמען די קינדער פלעגן זיך זייער שרעקן, ווייל ער האָט זיי שטענדיק דערמאָנט פון זיין טראָגן טויטע קינדער אינעם „מולטערל״ אונטערן אָרעם...

זיי האָבן „מלכקען״ געגלעט ווי אַ היימיש קראַנק קעצל און געדאַנקט פאַרן פאַריאָגן די קליינע מייזלעך מיט די לאַנגע עקעלעך. ווען חיימל האָט אים איינמאָל געוואָלט פאַרבאַנדאַזשירן זיינע הינטערשטע, צעבראָכענע פיסלעך, מיט אַ שטיקל פון זיין צעפאַלן העמדל, האָט דער ראָץ בשום אופן זיך ניט געלאָזט, זיך געווערט מיט זיינע שטעכיקע, גרוילעכע וואָנצעס און דערביי געלעקט דאָס פאַרלייזיקטע שטיקל העמד. די איינציקע צרה וואָס זיי האָבן געהאַט פון „מלכקען״ איז געווען, וואָס ער האָט רק זיך געוואָלט צוכאַפּן צום פאַרקאָפּעטן ווינקל מיטן צוגעדעקטן שטיין, זייער אייגן געמאַכטן בית־הכיסא...

זיי האָבן געציילט די טעג, וואָכן, חדשים מיט זייער אייגענעם לוח וואָס זיי האָבן געמאַכט מיטן אויסגראָבן קליינע גריבלעך אין דער וואַנט פון קעלער. יעדן טאָג אַ ניי גריבל אין אַ ווערטיקאַלער שורה; אויסגראָבן מיט זייערע פאַרוואַקסענע נעגל. אַזוי אַרום האָבן זיי מיט טאַפּנדיקע פינגער, ווי בלינדע אויסגערעכנט די שבתים, ימים־טובים און ימים־נוראים. און טאָמער איז ביי זיי געווען אַ ספק האָט סטעפאַן, אָדער די סטעפאַניכע, געזאָגט זיי וועלכער טאָג עס איז.

אַז זיי האָבן שוין דערשפּירט דעם גאַנג פון צייט, פון די טעג און נעכט, האָבן זיי אין די אלולדיקע טעג פאַר ראש השנה, שבת צו־נאַכט

צו חצות געזאָגט פסוקים פון די סליחות וואָס זיי האָבן געדענקט פון אויסנ־ווייניק.

ראש השנה און יום־כיפור, נאָך נעילה איז חיימל געווען דער בעל תוקע מיט אַ האַלב איינגעבויגענער פויסט פון זיין לינקער האַנט איבער דער אויבערשטער ליפּ, און מיט די רעכטע צענויפגעפרעסטע פינגער ביים מויל, ווי ער וואָלט געהאַלטן אַן אמתן שופר, האָט ער ווי אַ פאַרהאַקטער בעל־תוקע אויסגעבלאָזן די תקיעות, שברים און תרועות אין שטומפּיקע שטיל־קייט.

חנוכה האָבן זיי געצונדן די חנוכה ליכט מיטן אַריינשטעקן אין דער ערד שטיקלעך צווייגן־ריטעלעך, וואָס זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אינעם גרוב דורך די שטאַרק־האַרבסטיקע שלאַקס־רעגנס און ווינטן. זיי האָבן ממש געזען די פלעמלעך אין זייער לייכטן, און אין זייער צאַנקען אין זייער יינגלישע איינבילדונגס־חזיון. זיי האָבן ווינטער אויך געפילט דעם שווערן שניי און אַזוי ווי געזען דאָס העלע ווייסקייט וואָס וואַרעמט זייער גרוב ווי אַ פוכענע, פעדערנע פּערענע.

אַז ס'איז זיי באַפאַלן אַ פּחד אין זייער אָפּטן שווייגן, האָבן זיי גע־רעדט פון זייער ביידנס בענקשאַפטן, דער עיקר פון די בענקשאַפטן נאָך זייערע טאַטעס און מאַמעס; דערנאָך פון זייער לערנען ביי די מלמדים, וואָס זיי האָבן דאָס אַלץ איבערגעחזרט. חיימל, מיט זיין שאַרפקייט, מיט זיין נייגונג צו חריפות, וואָס האָט מחדש געווען פאַר מנשהן זיינע חידושים און דערביי האָבן זיי זיך געאַמפּערט און מתווכח געווען מיט יינגלישן ברען ווי זיי וואָלטן געזעסן אינעם וואַלד־בית־המדרשל ביי די אָפענע חומשים און גמרות.

טייל מאָל, נאָך אַ לאַנגען שטיל־שווייגן, האָבן זיי אָנגעהויבן מיט אַ שטילן שמועס צווישן זיך. דער אָנהייבער איז געווען חיימל. האָט ער גע־פרעגט ביי מנשהן: — „וואָס איז דער חילוק פון אַ ייד און אַ גוי?" אָדער: — „פאַרוואָס ווילן די היטלערישע מערדער אויסראָטן די יידן עד־חרמה? וואָס האָבן מיר יידן זיי פאַר אַ שלעכטס געטאָן? פאַרוואָס און פאַר ווען? צי מאָנען ביי זיי צדק און יושר איז ווי אַ קול אין מדבר. ס'האָבן זיך צו עשון די הייליקע ווערטער פון גאָט נישט צוגעקלעפּט.

און גערעכט איז געווען אונדזער לעצטער מלמד ר' יוסף לייב, וואָס האָט צו אונדז אַמאָל געזאָגט בעת איינעם פון אונדזערע פּרייטיקדיקע וואַלד־שפּאַצירן, אַז די גויאישע שנאה צום ייד, איז אין דער אמתן אַ פיינדשאַפט צו גאָט, און זיינע געבאָטן, וואָס צוימען זיי און זייערע חיהשע באַגערן. און

די דייטשע היטלער מערדער נאָכן פאַרטיליקן די יידן, וועלן מאַרשירן לאַנד־איין לאַנד־אויס, איינצופירן זייער סדר העולם פון אַ פרייע אומגע־צוימטע וועלט פון אויסלעבנדיקע תאוות ווי אַלע גייענדיקע חיות, און פויזנדיקע שרצים ורמשים, על פי דרך הטבע פון כל דאַלים גבר.

אָבער וואו איז ער, גאָט אַליין? מיינע און דיינע טאַטע מאַמע וואָס האָבן אָפּגעהיט אַלע זיינע געבאָטן, מפרנס געווען די גוים בכבוד און ער־לעך, געגעבן צדקה צו אַלע נויט באַדערפטיקע, ווי קאָן ער איינזיצן אויפן כסא הכבוד און צוזען אונדזער בראָך, אונדזער שאַנד און שפּאָט צווישן גויים? אונדזער סטעפּאַן, דער וואַלד־וועכטער, וואָס האָלט אונדז דאָ באַ־האַלטן, וואָס שטעלט איין זיין און זיין הויז־געזינדס לעבן כדי אונדז צו ראַטעווען, איז דאָך דער בעסטער באַוויז, ווי מיין טאַטע, האָט מיט יושר און חסד אים באַהאַנדלט. אַזוי אויך די אַנדערע גוים וואָס האָבן ביי אים געאַרבעט. טאָ פאַרוואָס?" אַזוי פלעגט פרעגן און זיך אויסטענהען חיימל.

מנשה ענטפערט אים, אַז ס'איז מלחמות גוג ומגוג, ס'איז משיחס צייטן. ער האָט חיימלען געבעטן נישט צו לעסטערן גאָטס נאָמען: — „מילא, ווען דו האָסט גערעדט פון היץ, האָט דיר גאָט מוחל געווען, אָבער זיך אַרומטראָגן מיט אַזעלכע מחשבות טאָר מען ניט. מען דאַרף האָבן ביטחון אין זיין ליבן נאָמען. מן הסתם וויסט ער וואָס ער טוט. ער וויל אונדז אויספּרואוון ווי ער האָט אויסגעפּרואווט אַברהם אָבינו מיט דער עקידה".

מנשהס פרומע רייד האָבן חיימלען נישט באַרואיקט, ער איז נישט גע־וואָרן קיין כופר בעיקר, אָבער זיין יונג האַרץ האָט פון צייט צו צייט גע־שטורעמט מיט טיפן פּראָטעסט: — „סטייטש"?...

אין די שטענדיקע נאַכטיקע סודותדיקייטן האָט ער שפּעטער אויפגע־הערט בענקען נאָך דער טאָג־ליכטיקייט. מנשה פלעגט זיך ראַנגלען מיט אים מיט אַלע זיינע אויסגעפייניקטע כוחות און געהאָפט אויף גאָטס חסד צו דערזען בקרוב די טאָג־ליכטיקייט מיטן באַפרייען זיי פון פוילן, דאָ אינעם געזונקענעם גרוב.

### ג.

# אין די לאַגערן

אין אַ פרימאָרגן האָבן זיי פאַרציטערטע ווי אין טויטשרעק, דערהערט דאָס שנעלע אַוועקשאַרן, מיט אַ לאָפּעטע, די ערד איבער זיי. סטעפּאַן, זיין וויב, זייערע קינדער, זייערע שוועסטער האָבן אַריין געשריגן צו זיי די

גוטע בשורה: — „היטלער מיט זיינע דייטשן האָבן געהאַט אַ וויסטע מפּלה, די רוסן זיינען נישט ווייט פון דאַנען".

ביים אַוועקנעמען די צוגעדעקטע ברעטער פונעם גרוב, האָט די כוואַליע פון דער ראַפּטומדיקער ליכטיקייט זיי ווי בלינד געמאַכט. מנשה און חיימל האָבן פריידיקע זיך אויסגעגלייכט פון זייער צוגעוואַקסנקייט, געזשמורעט מיט פאַרמאַכטע אויגן, ביז צוביסלעך, לאַנגזאַמיק געהויבן זייערע אויגן־לעפּעלעך. מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום הימל און מיט פריידיקע, טרערנדיקע אויגן האָבן זיי געשעפּטשעט אַ תפילה צו גאָט, און אויך אַ דאַנק צו סטעפאַנען און זיין ווייב מאַריאַ, וועלכע האָבן ניט אויפגעהערט צו צלמען זיך מיט אויפגעהויבענע אויגן צום הימל אַרויף. זיי האָבן געלויבט גאָט פאַר דער נאַצישער וויסטער מפּלה. חיימל און מנשה — געל ווי וואַקס מיט צעפּאַלענע, צעפּוילטע מלבושים פון וועלכע מען האָט אַרויס־געזען זייער געל־שוואַרצע אויסגעדאַרטע גופים — האָבן קוים געזשיפּעט. געפּאַכעט מיט די נשמות און ניט געקאָנט קיין פוס הייבן צום אַרויסקריכן פון גרוב.

סטעפאַן, מיט פאַרוויינטע אויגן, האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פונעם גרוב. מאַריאַ, זיין ווייב, האָט געבראַכט פון שטוב צוויי קאָלדרעס און האָט זיי אַרומגעוויקלט ווי אַ מאַמע בעת זייער שאָקלען זיך און ציטערן ווי אין קדחת. סטעפאַן האָט זיי גענומען אויף זיינע אַקסלען אין הויז אַריין, האָט זיי געלייגט אין זיין בעט אַריין, זיי אַרומגעוואַשן מיט הייס וואַסער, זיי אָנגעטאָן אין פריש־געוואַשענע העמדער.

נאָכן אויסטרינקען הייסע טיי מיט מאַליניע־סאַק, וואָס מאַריאַ האָט פאַר זיי אויף שנעל געמאַכט, זיינען חיימל און מנשה אַוועקגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף. סאיז געווען ווי אַ שלאָף פון בראשית.

ווען זיי זיינען צומאָרגנס אויפגעשטאַנען ווי ניי־געבוירן, דערפרישטע, האָבן זיי זיך אַרומגעכאַפּט מיט אַלעמען מיט פריידיקע געוויינען, מיט זיין לויב צום בורא־עולם, און זיי האָבן ווידער געדאַנקט סטעפאַנען, זיין ווייב און קינדער פאַרן ראַטעווען זייערע לעבנס און די לעבנס פון זייערע שוועס־טער.

מיט שטאַמלענדיקע ציטערנדיקע ווערטער האָבן זיי געפרעגט אויף די עלטערן, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ אין אבלות, ווי ביי יזכור. די מיידלעך, מיט טרויעריקע בליקן האָבן זיך צעכליפּעט אויפן קול, וואָס האָט געשניטן דעם חלל אַרום און ווי געפרעגט; פאַרוואָס ?! פאַרוואָס ?

אַ טייל פון דער רוסישער אַרמיי איז מיט אַ טאָג שפּעטער אָנגעקומען

אין דער שטא͏ָט מיט טריאומפירנדיקע געזא͏ַנגען, און עס הא͏ָבן זיך אין זייער וואַלד־הויז באַזעצט אָפיצירן מיט סאָלדאַטן. מנשה און חיימל מיט זייערע צוויי שוועסטער, רויזעלע און שרהלע, זיינען מיט אַלע אַנדערע יונגע מענטשן געטריבן געוואָרן אין לאַסט־וואַגאַנען הינטערן פראָנט, וואו מען האָט זיי איינגעטיילט אין אַרבעטס בריגאַדן צו אַרבעטן ביים פאַרריכטן וועגן און באַנען; געפירט פון איין פּלאַץ צום צווייטן, וואו געטאָגט דאָרטן ניט געגעבכטיקט; חדשים לאַנג זיי אַלץ געפירט ווייטער, טיפער... ביז זיי האָבן אַנגעשפּאַרט אין די וויסטע סיבירישע טייגעס. דאָרט האָבן יונגע יינגלעך אויך מיידלעך צוזאַמען מיט עלטערע געדאַרפט שניידן, מיט שטומ־פיקע אַלטע זעגן און פאַרזשאַווערטע העק די ביימער פון די אור־אַלטע וועלדער. דאָס בייסן פון די פליגן און אַלערליי זשוקעס האָט געשניטן ווי מיט שאַרפע שפּיזן און קאָסעס די לעבנס פון טויזנטער אָפּגעשוואַכטע מענטשן. דאָס רוב דער יידישער שארית־הפליטה — געבליבענע פונעם נאַצישן פינצטערן גיהנום, זיינען דאָ אומגעקומען.

אין אַ זונטיק נאָך מיטאָג, בעת זיי זענען געווען פריי, האָבן זיי צו־געשפּאַנט צום נאָענטן לאַגער. דאָרט האָבן זיי געטראָפן אַ פּאָר יידן פון זייער געגנט און בערל חיים עוזרס, וואָס האָט זיך שוין אַרויפגעאַרבעט און גע־וואָרן דער גלאַוונער קאָמאַנדטשיק אינעם לאַגער.

בערל, וואָס האָט געקענט כמעט אַלע פון זיין געגנט און וועמענס קליינע, גרויע אויגן רוען קיין מינוט ניט, האָט זיך צעקאָכט.

ער האָט זיי באַלד איבערגעהאַקט די רייד און גענומען דערציילן מיט צער וועגן זיין פאָטערס טויט. אַ צאַפּלדיקער האָט ער אויסגערופן: — „עטץ, האָט אים אַוואַדע געקאָנט! וואו־דען! נישט געקאָנט? ווער האָט נישט געקאָנט מיין טאַטן חיים עוזרן, דעם בעל עגלה, דעם שענסטן באַלעבאָס אין שול־געסל! עטץ, געדענקט דאָך אַוואַדע, אַז דאָס גאַנצע געסל איז געווען גרויס ווי אַ געניץ, כאָטש סהאָט ענק נישט געפּאַסט אַריינצוקומען אין יענעם געסעלע, וואָס איז געווען אַזוי קליין ווי אַ טל ומטרל אין אַ קליין סידורל. עהע?! אַז מיין טאַטע עליו השלום, האָט אַ געניץ געטאָן שבת נאָכן טשאָלענט, האָט מען דאָס געהערט איבערן גאַנצן געסל; ער איז טאַקע געווען דער גבאַי, אינעם בעל עגלהשן שולכל. ס'איז געווען אַ גרויס חסד פון זיין ליבן נאָמען וואָס ער האָט אַזוי געטאָן, אַז דער טאַטע מיינער זאָל שטאַרבן פון אַ זעץ אינעם בויך פון זיינעם אַן אָקאָרשט געקויפטן יונגן סוס, אַ סוס זאָג יעדך? אַ ווילדער לעמפּערט איז דאָס געווען, יע! ווי האָלט יעדך? ס'איז געווען באַשיינפּערלעך אַ גרויס גענאַד פון אים, ווען כ'בין

נישט ווערט אַנצורופן זיין נאָמען, אים צוצונעמען פון דער וועלט, איידער צו דערלעבן צו זען אַזאַ פינצטערע געמיינע וועלט פון די דייטשן, אַ רוח אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין״!

בערל האָט זיך צוגעבויגן צו זיי ווי איינצורוימען אַ סוד אין זייערע אויערן — „עטץ מיינט אַז די רויטע זיינען בעסער?״ יאָ! וואו האַלט יעך? נאָכן טאַטנס טויט, כ׳בין קוים איבער צוועלף יאָר אַלט געווען, האָב יעך איבערגענומען די בעל־עגלהעריי צו דערנערן די מאַמע, מיט די איבער־געלאָזטע פינף יתומים, מיידלעך נעבעך, איינס שענער און לייטישער פאַרן אַנדערן; היינט, זייער שטריקן, זייער נייען! אַז וואָס די אויגן האָבן געזען האָבן דאָס מיינע שוועסטערן אויסגעהאַפּטן, טישטעכלעך פאַר די חלות אויף שבת, מצה־טאַשן פאַר די מצות צו די סדרים, תפילין־זעקלעך און וואָס נישט?״ בערל צעווײנט זיך אין דער הויך ווי אַ קינד: — „און אַ ציינד וואו זיינען זיי? כ׳וויס דאָך אַפילו נישט וואו זייער געביין איז אַהין געקומען; אַזוי ווי עטץ און אַלע אַנדערע געבליבענע דאָ זיינען מיר דאָך אַלע עלנד ווי אַ שטיין!״ ער בויגט זיך צו צו מנשהן „דיין טאַטע, דער וואַלד שרייבער ר׳ שמעון, ביי ר׳ לייב, חיימלס טאַטע, פלעגט מיך היטן ווי אַ גנב, ביים דערזען מיר אינעם טאַרטעק, ווען כבין געקומען נאָך אַ ביסל געהילץ פאַר די שטאָטישע סטאָלאַריעס און טשעסלאַרעס, כּוֹאָל נישט צולקחענען עטלעכע ברעטלעך אָדער לייסטלעך צום פאַרריכטן אונדזער אַלטע, איינגעבויגענע כאַטע. אַציינד וואו הייזקע? ווער ברעטער?״

דאָ אין זייער באַנייטער פּיין און נויט, ביי די רוסן אַרום די טייגע, איז ווי אָפּגעמעקט געוואָרן דער אַמאָליקער יחוסדיקער אָפּשטאַם, און מנשה ווי אויך חיימל זיינען געווען גליקלעך זיך צו טרעפן מיט היימישע, אייגענע יידן. דאָ האָט בערל געשמט ווי דער גרעסטער „גביר און בעל־טובהניק״.

טייל מונקאַטשער האָבן צווישן זיך שטיל געמורמלט אַז בערל האָט געמוזט זיין, ביי די נאַציס — ימח־שמם, אַ קאַפּאָ, אָדער ווער ווייסט וואָס! און מיט זיין איצטיקער גוטסקייט זוכט ער זיך אויסצוקויפן פון זיינע אַמאָ־ליקע זינד. אָבער גערעדט הויך אויפן קול האָט מען ניט; מען איז דאָך אויך טאַקע ניט געווען זיכער אין דעם.

זיי האָבן זיך נאָר געוואונדערט און אים באַוואונדערט וואָס ער אַרבעט ניט אַזוי ווי זיי אין די וועלדער, גייט אַרום ווי אַ פרייער פויגל, לעבט זייער מאָדנע, ווי אַ גראַף, איז אויסגעקאָכט מיט אַלע אויפזעער — פונעם פּאָליציאַנט ביזן העכסטן נאַטשאַלניק; דערצו פאָרט ער אַרום אויף די

באַנגען, וואָס איז פאַרוו'ערט סיי פאַר גויים און סיי פאַר יידן, וואָס מיינט עס? וואָס באַדייט עס?...

אָבער צו זיי, צו חיימל און מנשהן איז בערל געווען פריי און אָפן. בערל איז געווען אין זיבעטן הימל, מיטן צופאַל פון זייער קומען אַהער. ער האָט זיך גאָרנישט געקענט שיידן מיט זיי. ער האָט זיי מכבד געווען מיט גלעזלעך וואָדקע און צום פאַרבייסן האָט ער זיי דערלאַנגט אויף אַ טעלער שיינע שטיקער געטריקנטע פיש, מיט ווייס ברויט און מיט נאָך אַנדערע גוטע זאַכן, ווי סאַרדינען און פרוכטן, וואָס זיי האָבן שוין דאָס לאַנג, לאַנג ניט געזען פאַר זייערע אויגן. ביי זייער גיין צוריק צו זייער ווינקל, האָט ער זיך צעקושט מיט זיי ווי זיי וואָלטן זיין זיינע נאָענטע קרובים, האָט זיי באַגלייט ביזן האַלבן וועג, זיי געטרייסט, נישט צו זאָרגן און זיך נישט צו קימערן — "יעדן וועל שוין פאַר אייך זאָרגן", זיי צוגעזאָגט צו קומען זיי באַזוכן, זיי מיטגעגעבן אַ פעקל עסנוואַרג און דערביי צו זיי שטיל געזאָגט:— "אין גיכן וועל יעדן ענק מיט מיינע אַנדערע מונקאַטשער, אַרויסנעמען פונעם רויטן גיהנום דאָ". און ביים אַרומקוקן זיך אין אַלע זייטן, צו זיי ווייטער געזאָגט אַז: — "די רויטע מערדער זיינען נישט פיל בעסער פון די ברוינע, נאָר אַביסל קאַרגער, זיי נוצן נישט קיין גאַזן צום מאָרדן, וואָס איז פאַר זיי צו טייער, די בחינמדיקע גיפטיקע פליגן מאַכן דאָס ביליקער".

פון זייערע שוועסטער האָבן די ביידע יינגלעך נישט געהערט, און נישט געוואוסט, זינט זייער וואָגלעניש חדשים לאַנג, אין די פראַכט־וואַגאָנען. וואו זיי זיינען? טויט?...

ווען בערל איז זיי געקומען באַזוכן, האָט ער ווידער געבראַכט מיט זיך פון כל־טוב — ווייסע ברויט, געקאָכטע אייער, געטריקנטע פיש און פרוכטן, זיי זאָלן שטאַרקן זייערע יונגע גופים, צו האָבן גענוג כוח, ווידער־צו־שטיין קעגן די גיפטיקע פליגן: — "ביז יעדן וועל ענק באַפרייען פון דעם רויטן גיהנום און צוזאַמען וועלן מיר אַנטלויפן קיין ארץ ישראל". ארץ ישראל? די יינגלעך פלעגן הערן און גאַפן.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, אין אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן, איז בערל אומגעריכטערהייט געקומען אינעם לאַגער פ ע ר צ י ק. זיך צו זען מיט זיינע מונקאַטשער, חיימל און מנשהן, זיי האָבן אַן אים גלייך דערקאַנט אַז זיין קומען איז נישט סתם אין דער וועלט אַריין. זיינע אויגעלעך האָבן זיך בערוועאיש באַוועגט ווי אַן אומרו פון אַ וואַנט־זייגער, בערל האָט צו זיין שטיל געמורמלט אַז ער מוז מיט זיי צוגיין אַ ביסל טיפער אינעם וואַלד, ווייל ער האָט מיט זיי עפּעס סודותדיקעס צו שמועסן. "איר זעט דאָך אַז די ווענט

האָבן אויערן, כ׳קאָן לענגער נישט וואַרטן. ס׳מוז שנעל געמאַכט ווערן. ביי מיר זיינען נישטאָ קיין קונצן, אַהין אָדער אַהער, ווי אונדזערע באַלעגאָלעס אינעם מונקאַטשער שול־געסל פלעגן זיי זאָגן ; מיר וואַרטן נישט, ביי אונדז איז „הו גאָווראַ והו טראַסקו״.

ביים אָפּגיין מיט זיי אַ היפּש שטיקל וועג, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, צו זיי געזאָגט : „הערטש ! אייערנעכטן, פרייטיק, ערב־שבת, האָט מען מיך גערופן צום נאַטשאַלניק, וואָס כ׳בין מיט אים פאַן־בראַט. געמיינט אַז כ׳דאַרף אים ווידער אַריינרוקן עפּעס אין יד אַריין. אַז כ׳בין אַריינגעקומען, איז ער געזעסן אַזוי שטיל ווי אַ פאַלנער גענעראַל, מיך פאַרגעשטעלט פאַר אַן אָפיצירל, „אָט דאָס איז אונדזער יעווריעיסקי בעסטער לאַגערניק, וואָס דינט אונדז געטריי, ווי דער בעסטער קאָמסאָמאָלעץ״, יאַך, בערל, האָב געשמייכלט, געזאָגט „טאַק־טאָטשנאָ וואַשע בלאַגאָראָדני, פאַר אונדזער קאָמוניסטישע פאַרטיי בין יעדן גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער. פאַרן גאָספּאָדין נאַטשאַלניק, וועל איך לויפן אין די טיפסטע וועלדער אין מיטן נאַכט צווישן וועלף און בערן צו פאָלגן אייערע באַפעלן״.

געטראַכט ביי זיך, „אַזוי לעבט ער דער גנב צוזאַמען מיטן מאָסקווער רעוויזאָרל, וואָס איז געזעסן לעבן אים, און זיך געהאַלטן אין איין דרייען די וואָנצעלעך זיינע ווי מ׳דרייט אַ שטריקל, דאָס אָפיצירל, האָט מיך געפרעגט, בירגער פעלדמאַן, וואָלסטו גרייט געווען נאָך מיין גוטן ראַפּאָרט וועגן דיר אין מאָסקווע, איבער דיין געטריישאַפט צום פּראָלעטאַרישן רוסישן נאַראָד, צו גיין אין אַ בעסערן לאַגער אַביסל ווייטער אין טיפערן סיביר, וואו מיר נויטיקן זיך אין אַזאַ געטרייען קאָמוניסטישן בירגער ווי דו ? טאַק־טאָטשנאָ ! האָב איך געענטפערט, אין האַרץ האָב יעדך מיר געטראַכט ער זאָל איינעמען אַ מיתה משונה מיט די גאַנצע רויטע באַנדע זיינע, ער האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט מיך צוגעפירט צו די גרויסע וואַנטמאַפּע, האָט מיטן בליישטיפט מיר געוויזן „וואָט טעביע״ דיין איצטיקער לאַגער איז אויף דער ליניע פּאַראַלעל מיט אָמסק, טאַשקענט, דערנאָך האָט ער אַזוי אַ פיר געטאָן מיטן בליישטיפט ביז צום סאַמע עק סיביר, הינטער די הרי חושך מיט די ווייסע בערן, „ווען כ׳האָב די טבע פון חלשן וואָלט יעדך גלייך אַוועקגעפאַלן, אַז קיין האָן וואָלט שוין נישט אַ קריי געטאָן נאָך מיר, בין יעדך דאָך בערל, חיים עוזרס זון, האָב יעדך מיך געמאַכט כלא יודע, אים געענטפערט דאָ וואַשע בלאַגאָראָדני ספּאַסיבאָ, כ׳דאַנק אים האַרציק. ווען דער נאַטשאַלניק איז אַרויס געגאַנגען, בין איך געבליבן מיט אים אַליין, האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן. פון פּאַלעסטינע האָסטו עפּעס געהערט ?

האָב יעדן מיך געמאַכט אַ ביסל טאַמעוואַטע, כ׳האָב געקוועטשט מיט די ליפּן געהויבן די אַקסלען, האָט ער מיר גלייך געקוקט אין די אויגן מיך געפרעגט אויף פּראָסט מאַמע־לשון וואָס הערט זיך אין ירושלים? פון ירושלים האָסטו עפּעס געהערט? ס׳האָט מיר געגעבן אַ זעץ אינעם קאָפּ און אינעם האַרץ, ווי ער וואָלט מיר דערלאַנגט מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ, כ׳בין געבליבן אָן לשון. ער האָט דאָס דערשנאַפּט, האָט מיך געטרייסט, האָב נישט קיין מורא פאַר מיר, ער האָט מיטן פינגער מיר געוויזן אויף דער מאַפּע, זעסט! דאָס איז דער נאָענטסטער וועג פון דאַנען קיין פּאַ־לעסטינע ביז די פּערסישע גרענעץ, און פון דאָרטן ניעטשעוואָ! ער האָט מיך געלאָזט גוט אַריינקוקן אין דער מאַפּע, מיר נאָך צוגעהאָלפן מיטן פינגער זיינעם, כ׳האָב מיר דאָס גוט גענומען אינעם קאָפּ אַריין כ׳זאָל דאָס געדענקען אויף אויסענווייניק.

„וואָס טוט זיך אין ירושלים?״

ביים נאַטשאַלניקס צוריקקומען האָט ער ווידער אויף זיך אָנגעצויגן זיין אָפּיצערסקע שטייפע מינע, צו מיר געזאָגט דאָסווידאַניע בירגער. דעם גאַנצן טאָג בין יעדן אַרומגעגאַנגען, ווי אָן אַ קאָפּ. כ׳האָב נישט געוואוסט אויף וועלכער וועלט כ׳בין, כ׳האָב נישט געגעסן דעם גאַנצן טאָג, פּרייטיק־צו־נאַכטס ביים קידוש מאַכן האָב איך נישט געקאָנט אַראָפּ שלינגען קיין טראָפּן, ליגנדיק אין בעטל האָב יעדן נישט צוגעמאַכט מיט אָן אויג, דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט ווי אַ קאַרוסעלע, פּלוצים באַווייזט זיך צו מיר דער טאַטע מיינער, געשטאַנען פאַר מיר ווי אַ לעבעדיקער מיטן לאַנגן טלית זיינעם אויף די אַקסלען, ווי ער וואָלט געשטאַנען אינעם באַלעגאַלישן שולכל אויפן באַלעמער ביים טיילן עליות צו די באַלעגאַלעס, ער איז נאָר נעבעך געווען געל ווי דער פּאַרמעט פון די ספר־תורה, האָט אַרויף געלייגט זיין רעכטע האַנט אויף מיין צעהיצטן קאָפּ, ווי אַמאָל ערב יום־כיפּור (פאַרנאַכט) ביים בענטשן די קינדער, ר׳האָט גערעדט צו מיר ווי כ׳רעד אַצינד צו אייך, באַפוילן מיר, מיט שטרענגקייט ווי ס׳איז געווען זיין טבע, בערל! כ׳באַפעל דיר זאָלסט באַלד עוקר זיין פון דאַנען, און צי אָפּ קיין ישראל. אַז כ׳האָב געעפנט מיינע אויגן, איז ער נעלם געוואָרן.

כ׳בין אַרויס פונעם בעט זיך געוואַשן ס׳האָט שוין געשאַריעט אויף טאָג, דער ווייסער שניי אַרום מיט די פאַרפרוירענע ווייסעביימער האָבן מיך דערמאָנט אין דעם מונקאַטשער בית עולם, ס׳איז נאָך געווען צו פרי צום גיין אין דעם לאַגער מנין צום שבתדיקן דאַווענען, האָב

איך געזאָגט עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים, פאַרגאָסן דאָס תהילמל מיט טרערן, נאָכדעם געלאָפן צום מנין זיך אָוועק געשטעלט צווישן מיינע צוויי מונקאַטשער איינגערוימט זיי אין די אויערן, אַז גלייך נאָכן דאַווענען מוז איך מיט זיי רעדן מכח אַכצן און דרייצן, ווען כ׳האָב זיי דערציילט פון מיין חלום, פונעם אָפּיצירל, האָבן זיי קיין פּיפּס נישט געטאָן, ווייל דאָס גאַנצע אָפּיצירל איז קיין אָפּיציר נישט, ס׳איז געווען אַ שליח פון מיין טאַטן אין גן־עדן זאָל ער רוען, ווען כ׳האָב זיי געהייסן זיין גרייט אין וועג אַריין צוזאַמען מיט ענק עוקר צו זיין פון דאַנען, האָבן זיי ווי דערשראָקענע האָזן מיט אונטערגעהאַקטע פיס, זיך צעווײנט ווי די ביבער, זיך געבעטן ביי מיר כ׳זאָל זיי לאָזן צו רו, זיי האָבן מורא, זיי ווילן נישט ריזיקירן מיט זייערע שטיקלעך געראַטעוועטע לעבנס. ביים פרעגן זיי צו ס׳איז זיי בעסער דאָ אויס צו גיין ביסלעכווייז ווי אַ צאַנקענדיק ליכטל ? וואָס זאָל יעדן ענק זאָגן ? כאַטש האַק און בראָק, זיי ווילן נישט, און פּטור אַן עסק״. בערל האָט שווער אָפּגעזיפצט, און ווי צו זיך גערעדט, יאָ ! וואָס וואָס ! קיין מוסרים זיינען אונדזערע מונקאַטשער קיינמאָל נישט געווען. חיימל מיט מנשהן, האָבן זיך ווי געפּלעפטע איבערגעקוקט. מנשה, איז אַ ביסל בלאַסלעך געוואָרן, האָט געוואַרט וואָס חיימל וועט זאָגן, חיימל האָט אַן אויפגעהיי־טערטער געגומען מנשהס האַנט, און ביידע הענט האָבן זיך געקלאַמערט צו בערלס האַנט ווי אַ סגל און געשלאָסן אַ דריי־האַנטיקן תקיעת־כף. מיט שטילע ציטערדיקע ווערטער ווי אַ תפילה בלחש. האָט חיימל געזאָגט מיט השם יתברכס ווילן און הילף וועלן מיר בייקומען אַלע מניעות אויף אונדזער ווייטן וועג, פריער גאָט; אָכדעם דו בערל מיט דיין אויסטויגן זיך אַרויסצודרייען זיך פון אַלע מכשולים, בין איך בטוח אין אונדזער מצליח צו זיין צו דערלעבן אונדזער אָנקומען אינם לאַנד פון אונדזערע אָבות.

מאָנטיק אין דער פרי האָט בערל געקראָגן פונעם שרייבער פון די קאַנצעלאַריע, דריי פּעסער, גילטיק מיט פרייע באַוועגונג. נאָכדעם איז ער אַוועק צו זיינס אַ בלאַטן פויער אינעם נאָענטן דאָרף, אים גוט באַצאָלט אין פאָראויס צו צוגרייטן זיין שליטן מיט פריט־געקאָוועטע פערד פאַר דער לאַנגער נסיעה ביז אָמסק.

בערל האָט אינעם דאָרף איינגעקויפט דריי אַלטע שווערע וואַטאָווקעס מיט טיף געפּעלצטע וואַליקעס, און צעריסענע קוטשמעס. דער פויער ריאַבוכין, האָט אים געוויזן דעם שליטן מיט די פוטערנע צודעקן.

מיטוואָך ביינאַכט אין אַ ברענענדיקע פראָסט מיט אַ טיף בלויען

לויטערן הימל, האָבן זיך די דריי מונקאַטשער געשליטלט אויפן טיפן שניי וואָס איז געווען ערטערווייז ווי געפרוירענע אייז, פונעם ווייטערן סיבירישן האָריזאָנט האָט געלויכטן מיט העלע ליכטיקייט ווי ביי טאָג.

אין אָמסק האָט ריאַבוכין, פאַר זיי געקראָגן אַ גוי וואָס האָט זיי געפירט אויף די גוטע געפלאַסטערטע וועגן ביז טאַשקענט. נאָכן אָפּרוען זיך אין אַ זייטיקע קרעטשמע, זיינען זיי אָנגעקומען אין סאַמאַרקאַנד, וואָס איז נישט זייער ווייט געווען פון דער פּערסישער גרענעץ אַשקאַהבאַד. ווען זיי זיינען בשלום אָנגעקומען אין טהעראַן, האָבן זיי אויפגעזוכט די אַגענטור פונעם דזשאָינט, וואָס האָט זיי גענומען אונטער זייער שוץ, ביזן ברענגען זיי קיין חיפה און ארץ ישראל.

ביים אַריינגליטשן זיך פון דער שיף, מיט מידע יידישע וואַנדערער מאַרבע פינות הגלות, האָבן צווישן די געזאַנגען פון אַלע שבטים, מיט געהילכט דאָס געזאַמג פון די דריי מונקאַטשער וואָגלער.

בערל, האָט געצאָלט פאַר אַלץ מיט אַ פרייער האַנט, ביז זייער אָנקומען צום פּאָרט, דאָרטן, האָט שוין דער „דזשאָינט" אַלעמען באַזאָרגט מיט אַלץ וואָס נויטיק ביזן אָנקומען קיין חיפה, ארץ ישראל.

ד.

# צווישן פליטים אין מדינת ישׂראל

יאָרן גייען, יאָרן שווינדן, אַזוי אויך די פּאַסירונגען. אין די יאָרן צווישן היטלערס אָנפאַל; דורך די באַהעלטענישן אין דעם גרוב; ביז היט־לערס מפּלה; ביים וואַנדערן מיט די פּראַכט און פּי־וואַגאָנען; ביים שלעפּן זיך אויף די ווייטע, שווערע שליאַכן; ביי דער אַרבעט אין די רוסישע וועלדער; ביים אַרויסכאַפּן זיך אויסער די גרענעצן; ביים וואַנדערן און ביזן אָנקומען קיין חיפה זיינען דערווייל פאַרלאָפן אַ וואָסער 5—6 יאָר...

אָט, ווי ס'איז ערשט נעכטן! ניין, ס'איז שוין היינט! אין די אַלע יאָרן האָבן די פּאַסירונגען אויך נאָכגעיאָגט איינער דער אַנדערער ווי אַ שווינדלדיקע קאַרוסעל. ביידע ייִנגלעך זיינען דערווייל שוין געקומען צו זייער רייפקייט. שוין באַלד ביידע צוואַנציק יאָר אַלט. ערשט דאַן, אין מדינת ישראל האָבן זיי דערשפּירט אַ שטיקל באַלאַנסירטקייט פון צייט און מעשים, צייט און פּאַסירונג.

אָבער בערל, חיים עוזרס איז נאָך אַלץ געווען אַ קאָכער, אַ דרייער, אַ פּלינקער, אַ הו־האַ... ניט געקענט זיך באַרואיקן. אַלץ געזוכט — עפּעס אַ טראָף, אַן איינפאַל, אַ קונץ.

די צוויי יינגלעך האָבן ביים אָנקומען אין ארץ, אָפּגעזוכט זייערע קרו־בים, די פון דער פריער געקומענער שארית־הפליטה פון דער אַמאָליקער וואַלד־געגנט. פון יענע האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז זייערע שוועסטער האָבן זיך אויך געראַטעוועט און זיינען אין אַ קיבוץ, נישט ווייט פון חיפה; און זיי האָבן חתונה געהאַט מיט בחורים פון פוילן ועמען זיי האָבן טאַקע געטראָפן אין קיבוץ.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען אינעם קיבוץ צו זייערע שוועסטער, האָט מען זיי געהייסן וואַרטן ביז מען וועט די שוועסטער רופן פונעם פעלד, וואו זיי אַרבעטן צוזאַמען מיט אַנדערע חלוצים און חלוצות. נאָכן אַרומכאַפּן זיך אַ שטיל געוויין, זיינען זיי צוזאַמען מיט די שוועסטער אַרומגעגאַנגען אין הויף וואָס איז אַרומגערינגלט מיט הייזער פון אַלע דריי זייטן ווי אַ „חית״. האָבן זיך מיט שנעלע רייד, קורץ און שאַרף, ווי טעלעגראַפיש, געטיילט מיט זייערע איבערלעבונגען. די שוועסטער האָבן דאָ חתונה געהאַט אַ יאָר פאַר דער אויפריכטונג פון דער מדינה. זיי האָבן זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט זייערע מענער אין דער באַפרייאונגס־מלחמה קעגן די אַראַבישע אָנפאַ־לערס.

שפּעטער, ווען די מענער זיינען געקומען פון דער אַרבעט, האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן די באַגעגעניש.

חימל און מנשה האָבן געוואָלט זען זייערע קינדער. דאָ האָבן די שוועסטער געזאָגט צו זייערע מענער, שלום און אַביגדור, ביידע שלאַנקע און פון דער זון פאַרברענט: — „מען וועט היינט צוגיין פריער אינעם גן־ילדים, אַהיימנעמען די קינדער פאַר דער שעה, כדי אונדזערע ברידער זאָלן זיי זען״. ווען דער גלאָק האָט געקלונקען צום עסן גיין, זיינען אַלע אַריין אינעם גרויסן צבורדיקן עס־זאַל.

אויס דרך ארץ צו זייערע געקומענע געסט, די שטאַרק־פרומע ברידער, האָבן די שוועסטער מיט זיי געגעסן פון פאַפּירענע טעלער, ברויט מיט הערינג, טאָמאַטן, געקאָכטע אייער און פאַרטרונקען מיט טיי.

חימל און מנשה האָבן זיך אַרומגעקוקט אויפן עולם, און זיינען פון אָנהייב געווען ווי צעטומלט. נאָכן עסן האָבן זיי געזען די פיר קינדערלעך פון די שוועסטער, צוויי יינגלעך און צוויי מיידלעך וואָס האָבן אין חימלס און מנשהס אויגן אויסגעזען ווי שקצימלעך און שיקסעלעך. דאָס עברית־ריידן

מיט דער ספרדישער הברה, האָט נאָך מער פאַרטיפט די פאַרפרעמדקייט פון די געקומענע מיט די צוויי משפחות: זיך געפונען זיך דערזען און דאָך ניט אַזוי נאָענט ווי אַמאָל.

חיימל און מנשה זיינען דערנאָך אַריין אינעם בית המדרשל פון די אַלטע טאַטעס און זיידעס און געדאַוונט מנחה־מעריב. דאָס בית־המדרשל איז געשטאַנען צו לינקס דאָ, זייטיק. נאָכן איבערשלאָפן די נאַכט, האָבן מנשה און חיימל, אויף צומאָרגנס גאַנץ פרי, זיך געזעגנט מיט זייערע שוועסטער און שוואָגערס און זיינען צוריקגעפאָרן קיין תל־אָביב וואו זיי האָבן זיך באַדאַרפט זען מיט בערלן, וואָס האָט געזאָרגט פאַר אַ תכלית פאַר זיי.

בערל, חיים עוזרס, איז מיט זיי אַוועק קיין נתניה וואו זיינער אַ קרוב פון זיין מאַמעס צד, וואָס האָט פריער געוואוינט אין אַנטווערפּן. פאַרן קריג איז ער אַוועק מיט אַביסל רויע בריליאַנטן, מיט וואָס ער האָט געהאַנדלט לאַנגע יאָרן מיטן לאָנדאָנער דימאַנטן קאַרטעל. ער שפּילט איצט אַ ראָליע אין דער ישראלדיקער דימאַנטן־בראַנזשע, וואָס אַרבעט פאַרן עקספּאָרט קיין אַמעריקע, דערהויפּט קיין ניו יאָרק.

דער קרוב זיינער, נאַטאַניעל בלאָק, האָט בערלען אויפגענומען מיט פריינטשאַפט, האָט זיך געפרייט מיט אים און געזאָגט: — "כ'בין צופרידן און אַ דאַנק גאָט וואָס כאָטש איינער פון אונדזעריקע האָט זיך געראַטעוועט פונעם היטלער־חורבן, וואו צענדליקע פון דער גרויסער פאַרצווייגטער משפחה אונדזערער אין דער גאַנצער סלאָוואַקיי זיינען אַזוי שוידערלעך אומגעקומען".

בערל האָט פאַר אים פאָרגעשטעלט חיימלען און מנשהן: — „דאָס זיינען מיינע געפונענע פריינט פון דער היים, קינדער פון שענסטן באַלע־באַטישן „פאָן" פון אונדזער פאַרוויסטער שטאָט, נעבעך.

דער קרוב זיינער האָט אים געהייסן קומען מיט זיינע יונגע פריינט, אין עטלעכע טעג אַרום. דאַמאָלט וועט ער צוגרייטן דעם פּלאַץ פאַר זיי ווי אויך די נויטיקע אַרבעטס־געצייג. — „איר וועט זיך אויסלערנען שלייפן", האָט ער זיי געזאָגט, „ווען מען האָט געדולד און ווילן, אַ גוטע האַנט און דערצו נישט קיין פאַרשטאָפּטן קאָפּ, וועט אייך נעמען אַרום דריי חדשים צו קאָנען שלייפן די קליינע בריליאַנטלעך מיטן איינצלנעם שניט אין שלייף. אָבער איר וועט ניט קריגן קיין שכירות דורך דער לערן־צייט. און דו בערל, ווער אויך אַ שלייפער!"

בערל האָט אים געדאַנקט. מיט זיינע באַוועגלעך־שמייכלנדיקע, גרויע אויגעלעך האָט ער דורכגענומען דעם קרוב זיינעם, מר. בלאָק, און צו אים

געזאָגט: — „נישט געזאָרגט! מיין מאַמע, אין גן־עדן זאָל זי רוען, פלעגט אַלע מאָל זאָגן אַז יעדן גערעכט אויך אין איר משפּחה וואָס ווערט נישט פאַרפאַלן אַפילו הינטער די הרי־חושך".

זיי האָבן זיך גענומען לערנען די מלאכה פון דימענטן־שלייפערײַ מיט גרויס חשק און פלייס, און בערל האָט זיי אויסגעהאַלטן איבער דער לערן־צייט; ער האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן פון זייער צוזאָגן אים שעמעוו־דיקערהייט, אַז זיי נעמען נאָר פון אים דאָס געלט בתורת הלוואה און וועלן עס אים צוריקצאָלן בישעות־חן, מיט טיפער דאַנקבאַרקייט. בערלס ענטפער צו זיי: — רעדט נישט ווי יאָלדן, זאָגט מיר מוחל! וואָס יעדן האָב מיר אָנגעזעען פאַר די לעצטע יאָרן איז געלט בלאָטע, אָבער סקומט צוניץ ווען מען איז אויף צרות. און דערצו קומט דאָך מיר צו אַ שטיק געזונט אַז יעדן, בערל חיים עוזרס, קאָן טאָן גוטסס צו מענטשן און דערצו נאָך אויך צו ר׳ לייבס און שמעון דעם שרייבערס קינדער. ווען איך טו עפּעס פאַר ענק, וואַקסט דאָך מיר דאָס האַרץ פון שמחה".

בערל איז לאַנג נישט געבליבן ביי זיין קרוב אין דער שלייפערײַ אין נתניה. ער האָט דערשמעקט אַז אין תּל־אָביב קאָן מען מאַכן אַ לייכטערן „גראַצער", ווען מען טויג זיך נאָר אויס. ער האָט זיך שטענדיק דערמאָנט זיין מאַמעס אַ געגראַמט ווערטל; — „אַז ווער עס טויג זיך נאָר אויס, דער עסט געבראָטענע פּופּיקלעך מיט גריוון פון פענדל אַרויס, און מקאָן נאָך העלפן מיט אַ פּאָר גריוון יענעם, ווענען סקריכן די אויגן פונעם קאָפּ אַרויס".

און אומר ועושה, האָט ער געדרייט „אַ רעדל" אין תל אָביב. פריער האָט ער זיך געשאַרט אַרום די וואַלוטניקעס, ער האָט נאָכאַמאָל דערשמעקט דעם ריח נחות פון די אַמעריקאַנער דאָלאַרן; נאָכדעם האָט ער געהאַנדלט מיט „שטיינדלעך" פון האַנט צו האַנט. ער האָט אויך אַריינגעפירט פון אויסלאַנד געקויפטע ישראלדיקע פונטן. בערל האָט געקוואָלן: — „יעך האָב גאָר נישט געוואוסט, אַז מען קאָן אין „טעלאַוויוו" אויך אַ דריי טון".

ווען ער האָט שוין געהאַט אָנגעזאַמלט אַ שיין ביסל דאָלאַרן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מען דאַרף גיין זען די דימאַנטן־שלייפער, חיימלען און מנשהן אין נתניה, וועלכע האָבן שוין דורך דער צייט חתונה געהאַט מיט מונקאַטשער שארית־הפליטה־מיידלעך. צווישן די פון דער שארית־הפליטה איז דאָ אַזאַ מין נאָענטקייט. איינער שאַרט זיך צום צווייטן. אַן אייגענער שבט...

ביים אָנקומען האָבן זיי זיך געפרייט מיט אים ווי זיי וואָלטן צוריק גע־

פונען אַ פאַרלוירן פאַרמעגן. זיי האָבן באַדויערט וואָס ער איז נישט געווען צו זייערע חתונות ווען זיי זיינען געקומען קיין תל אָביב אים איינצולאַדן. אָבער ער איז דעמאָלט גאָר געווען אין אויסלאַנד.

בערל האָט זיי, אַ פריילעכער מיט זיינע בלישטשנדיקע אייגעלעך, גע־וואונטשן מזל־טוב ווען זיי האָבן פאַר אים פאַרגעשטעלט די שיינע ווייבלעך אין זייערע קליין, ציכטיקע־שטיבלעך. ביידע האָבן געוואוינט אַ טיר נעבן אַ טיר.

בערל האָט זיי געזאָגט: — „כ׳בין טאַקע געקומען ענק פאַרבעטן צו קומען צו מיין אייגענער חתונה. כאָטש כ׳בין אַזוי פאַריאָגט און פאַרנומען, אַז כ׳האָב נישט קיין צייט מיר די נאָז אָפּצווישן, דאָך חתונה־האָבן מוז מען, דערצו, אוי, האָב איך געקריגן אַ כלה! „ווער מיר גוטס־קינד" אַ מונ־קאַטשער מיידל, שרהלע רייזל, דער זיצערינס יינגסטע טאָכטער, וואָס האָט געדינט נאָך אַלס קינד ביי ר׳ אָשרן דעם גרעסטן שניט־סוחר אין מאַרק. אַזאַ קינד ווי זי איז נישט צו געפינען מ׳זאָל אויספּאַרן אַ וועלט! דאָ איז זי אין אַ קבוצה פון די פועלי המזרחי. אַלע קיבוצניקעס פון נאָענטן קיבוץ גייען אויס פאַר איר, זיי האַלטן פון איר ווי פון אַ רביצין. אַלע זיינען מיך שטאַרק מקנא וואָס כ׳קריג אַזאַ לאַטיש מיידל".

בערל האָט געמאַכט אַ חתונה כיד המלך אין אַ האָטעל, ביים ים, וואָס האָט געהערט צו אַן אונגאַרישן ייד, יאַקאָבי מאַרטשאַק; אַ גרויסער בעל גוף, מיט האַלב גרוילעכע, דיקע, פאַרדרייטע וואָנצעס. אַן אַמאָליקער זינגער און טענצער אין די בודאַפּעסטער פריילעכע נאַכט־הייזער.

לכבוד דעם חתן מיט דער כלה און אַלע היימישע מחותנים האָט דער יאַקאָבי אַליין נאָך דער חופה, ביים עסן, זיך אַוועקגעשטעלט אין דער מיט פון די טישן וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט, ווי אַ „ח", און געווען אָנ־געטאָן אין זיין ציגיינערישן טראַכט, וואָס ער האָט דאָס מיטגעשלעפּט מיט זיך אין אַלע זיינע קאַצעטניקשע יסורימדיקע וואַנדערונגען ווי אַ הייליגטום; און אַזוי ציגעיינעריש־בודאַפּעסטיש האָט ער פייערלעך און פאַרבענקט אויס־געזונגען און אויסגעטאַנצט זיינע באַליבטע ציגיינערישע טענץ און לידלעך.

די מחותנים זיינען געווען אינעם זיבעטן הימל פון גרויס התפעלות, געלאַכט ביז פריילעכער טרערנדיקייט איבער זייערע טיפע נאָסטאַלגישע אי־בערלעבונגען, פון די דערמאָנונגען אָן זייער אַמאָליקער יוגנדלעכקייט.

צום בולטסטן האָט זיך אָנגעזען אין חיימלס יונג ווייבל רעגינאַ, די בת־יחידה פון אַמאָליקן רייכן מיוחסדיקן מונקאַטשער מאַגנאַט, זאַנוועל, דער אַנטרעפּינאַר־בויער פון באַנען און בריקן פאַר די רעגירונגען, פריער פון

עסטרייך־אונגאַרן, נאָכדעם פון אונגאַרן. דאָס בויען איז איבערגעגאַנגען צו אים בירושה פון זיין פאָטער און זיידעס, מאַגנאַטן מיטן טיטול: „אונגאַרישער באַראָן־ווײלערהאוזען, דורכן קעניגלעכן דעקרעט פונעם זעליקן קייזער פראַנץ יאָזעף".

זי, רעגינאַ, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אַ בודאַפּעסטער פּריוואַטן מיידלשן פּאַנסיאָן, האָט געשטורעמט פון באַגייסטערונג מער פון אַלעמען. זי האָט אַפּלאָדירט נאָך יעדן געזאַנג און טאַנץ.

ביים געזעגענען זיך פאַרטאָג מיט אַלע מחותנים, האָט דער חתן בערל מיט דער כלה פאַרבעטן די נאָענטע מחותנים פון נתניה, אין אַ זייטיקן צימער אַרום דער „באַר", דאָרט האָט ער מיט שטאָלץ געוויזן חיימלען און מנשהן און אַלעמען די שיפסקאַרטן מיט די וויזעס פון אַמעריקע וואָס ער און זיין ווייבל האָבן ערשט היינט געקראָגן ווי אַ דרשה־געשאַנק פון איר, שרהס אַ רייכן פעטער אין ניו יאָרק, אַ פאַבריקאַנט פונעם בעסטן „מאָגן־רעגולירער" אין דער וועלט.

בערל ווייזט זיי מיט קוראַזש אַ צוגעשיקטע רעקלאַמע, ווי גוט און שנעלווירקנדיק דער „רעגולירער" איז. מען האָט פאַר זיך אַ באַגולדטן שאַכטל וואָס זעט אויס ווי אַ מענטשלעך האַרץ, מיט באַצייכנטע אַנאַטאָמישע ליניעס פון אַלע בלוט־אַרטעריעס און מיט אַן אונטערגעשריבענער גאַראַנטיע, אַז „די כשופדהיקע מעדיצין העלפט יעדן מאָגן־ליידנדיקן, שנעל ווי אַ בליץ". אין דער רעקלאַמע זיינען דאָ באַשטעטיקטע גבית־עדותדיקע אונטערשריפטן פון די באַרימטע האָליוואוד־אַקטיאָרן און אַקטריסעס, פון אָפּערע זינגער און טענצער, פון צוויי „פּרייז־פּייטערס" און אַ פּאָר יוניאָן־פירער. די אַלע דערציילן און שווערן זיך אַז „זיי זיינען שוין געלעגן האַלב־טויטע אין ספּאַזמאַטישע ווייטאָגן, אָבער נאָכן איינגעמען אָט דעם „קוויק־עקשאָן" (ווי דאָס הייסט אויף ענגליש) זיינען זיי אויפגעשטאַנען צומאָרגנס אין דער פרי „געראַטעוועטע".

בערל ווייזט זיי אויך די צוגעשיקטע אויסשניטן פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע־רעקלאַמען, וואו די מעדיצינישע ספּעציאַליסטן שרייבן אין די מעדיצינישע זשורנאַלן: — „אָט די וואונדער־טאַבלעטן און פּילן קריכן אַזש אַריין ווי קליינע ניט־באַמערקבאַרע ווירוסעס אין אַלע בלוט צעלן און כהרף־עין קערן זיי וועלטן".

ער ווייזט זיי אויך אַ בייגעלייגט בריוול, וואו דער אָנקל שרייבט: — „מען כאַפּט דאָס ווי הייסע פּאָטייטאָס". צו מיינע סקלאַדן פאָרן אַריין און

אַרויס הונדערטער לאַסט־אויטאָס, כאַפּן און פירן מיין פּאַטענטירטן, רעקלאַ־מירטן „קוויק־עקשאָן" אַרטיקל פון אטלאַנטיק ביזן פּאַסיפיק".

בערל האָט ליב „קוויק־עקשאָן". ער גיט אַ קליינעם זופּ פון אַ גלעזל אונגאַרישן שליוואָוויץ, שטעקט אַריין זיין רעכטע האַנט אין דער לינקער בוזעם־קעשענע פון זיין חתונה־רעקל, שלעפּט אַרויס אַ קליין בריוול גע־שריבן אין יידיש פון דעם אונגאַרישן „היברו־טיטשער" פון דעם פּעטערס טעמפּל, אַלץ וועגן די מאָגן טאַבלעטן, דערנאָך לייענט בערל פּאַר, מיט צעפלאַמטע אויגן, דאָס צוגאָב בריוועלע, געשריבן פון אָנקל: — „צו מיין ליבער, נייער־ניכטע שוירלי, ווי דו וועסט הייסן אין אַמעריקע — נישט שרהלע, ווי אין דער „אָלד־קאַנטרי". נאָך דיין שרייבן צו אונדז איז דיין חתן אַן עקספּערט אויף דימענטן, וועלן מיר אים דינגען, אָדער גאָר קויפן, אַן אייגענעם פּלאַץ אינעם גרעסטן יוּאוועליר אין דימענטן־צענטער אין דער באַרימטער צירונג־גאַס אין ניו יאָרק".

חיימל, מנשה און זייערע ווייבלעך הערן זיך צו בערלס רייד מיט גרויס נייגער. ביי רעגינאַ, חיימלס ווייבל, צעפלאַקערן זיך אירע טונקעלע־ברוין גרויסע אויגן, זי קוקט ניט נאָר מיט די אויגן, נאָר אויך מיט די מאָדערן־פאַרמירטע, באַצירטע און פאַרפּוצטע טונקל־ברוינע ברעמען, פאַר־מירט ווי צוויי ריישן (ר') פון ביידע זייטן.

בערל קוועלט. די ברענענדיקע בריוועלעך פון אָנקל פון אַמעריקע, ריידן טרעפיק צו זיין אייגענער קאָביקער נאַטור. אים ציט דאָך תמיד צו אַזוינע געשעפטן, ס'דרייט זיך און ס'קאָכט זיך. דערצו איז ער צעקאָכט פון רעגינאַס באַוואונדערונג. ער באַשטעלט ביים אַלטן אונגאַרישן טענצער נאָך אַ פלאַש פון דעם עכטן אונגאַרישן טאָקייער וויין, און ביים טרינקען הויבט ער הויך זיין גלאָז מיטן אויסרוף: — „מיר זאָלן אַלע אין גיכן מיט ענק צוזאַמען טרינקען „וויסקי", מיט פריידיקע הערצער, אין אונדזער ניו יאָרק!"

מנשה הערט און ער גיט דערביי אַ שטילן ציטער ביים אָנרירן זיין גלאָז אָן בערלס האַסטיקן אָנקלאַפּן. פון בערלס גלאָז גיסט זיך איבער אַ היבש ביסל וויין. חיימל, קוקנדיק אויפן טרויעריקן מנשה, פאַרלירט אַביסל זיין ביז איצטיקער פריידיקייט. רעגינאַ קלאַפּט נאָכאַמאָל אָן איר גלאָז אין בערלס גלאָז, און מיט אַ פאַרשייטן געקלאַנג שרייט זי אויס אויף פראַנצוי־זיש: — „וויוו לעס עטאַט־איני".

בערל שטעלט זיך אויף, ער נעמט אונטערן האַנט זיין שרהלען. זיי שיידן זיך פון אַלעמען צו פאַרבלייבן איבער דער נאַכט אינעם צוגעגרייטן האָטעל־

צימער. בערל, שוין שטייענדיק ביי דער שוועל, פאַרזיכערט זיי: — „אַזוי שנעל ווי יעך וועל מיך מיט מיין שרהלע איינאָרדענען דאָרטן ווי עס דאַרף צו זיין, עטץ קאָנט זיך אויף מיר פאַרלאָזן, וועלן מיר אָן ענק נישט פאַר־געסן. כ׳וועל דאָס נישט „פאַרצעגערן״ אויף אַ מינוטקעלע אַפילו שמייכלענ־דיק מיט זיינע שעלמישע אייגעלעך צו רעגינאַן, זאָגט ער צו איר — „זי מעגן זיך שוין צוגרייטן צו דער רייזע קיין אַמעריקע, ווי יעך בין אַ ייד״.

מען געזעגנט זיך מיט אַ מזל טוב און אַ גוטע־נאַכט. בערל זאָגט זיי צו, נאָך צוקומען קיין נתניה צו געזעגענען זיך מיט זיי באַזונדער.

אַלע זיינען שוין געבליבן איבערצושלאָפן די פּאָר שעה, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן פון דער שמחהדיקער נאַכט — אין תל אָביב.

צומאָרגנס, נאָכן שפּעטן אויפשטיין האָבן זיי אַלע פיר, חיימל מנשה און זייערע ווייבלעך אַביסל געשפּאַצירט איבער דער תל־אָביבער פּלאַזשע ביים ים.

די ווייס־שוימיקע, הויך גרינעלעכע כוואַליעס האָבן מיט האַסטיקן רעש געקלאַפּט אָן די שפּיציק־מאָכיקע שטיינער יונגוואַרג, בחורים און מיידלעך, שלאַנקע און זון־פאַרברוינטע, שטאַרק דעקאָלטירטע אין זייערע באָד־קאָסטיומען, האָבן זיך געבאָדן און געשוואומען אַקעגן די הויכע כוואַליעס. עלטערע, פּעטע ווייבער מיט אַלט־שלאַבעריקע מענער ליגן ביים ברעג אינעם גרוילעכן זאַמד בראָטנדיק זיך אין דער זון, און אין דער זוניקער ליכטיקייט שיינען בולטער די בלויע אָדערן אויף די ווייבערישע דיקע פיס, ווי בלויע שטריקלעך. דאָס זיינען, מייסטנס, טוריסטן־געסט פון אַמעריקע און אויך פון אַנדערע לענדער. פון די האָטעל־וועראַנדעס, קעגנאיבער דעם ים הערט זיך דאָס געפּילדערנדיקע ריידן פון ענגליש, געמישט מיט יידיש. יונגעלייט, ווייבלעך, מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, לויפן טומל־דיקע הין און צוריק, כאַפּן בילדער סתם אין דער וועלט אַריין. מען כאַפּט!

אויפן וועג מיטן אויטאָבוס אַהיים קיין נתניה, האָבן מנשה און חיימל האַלב געדרימלט. רעגינאַ האָט שטיל, אָבער האַסטיק געהאַלטן אין איין ריידן צו דבורהלען. זי, דבורהלע, מנשהס ווייבל, ר׳ חיים זעליג דעם מונ־קאַטשער סופרס טאָכטער, מיטן קיילעכדיקן בלייכן פּנים ווי אַ רביצן, האָט שווייגנדיק אָן אַ וואָרט אַרויסצוריידן געהאַלטן אין איין שאָקלען מיטן פאַר־קעמטן שייטלדיקן קעפּל, אויף אַהין און אַהער, מיט אַ נישט צופרידנקייט אין אירע שוואַרצע אויגן און מיט אַזאַ גרימאַסע אויף איר פּנים און דינע ליפּן. דאָס שאָקלען מיטן קאָפּ אַהין — אַהער, האָט געקאָנט מיינען יאָ, און ניין — צוזאַמען.

מנשה האָט גראָד, מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, יאָ אויפגעכאַפּט רע־גינאַס רייד צו דבורהלע, ביי איר אַרומקוקן זיך אין אַלע זייטן אַז קיינער זאָל איר נישט הערן: — „דאָ אין מדינת ישראל, איז נישט דאָ קיין צו־קונפט פאַר אונדז". אים, מנשהן האָט שטאַרק פאַרדראָסן און ער טראַכט, אַז זי, די עקרה אויף אייביק, אַ קרבן פון די נאַציישע רוצחישע־עקספּערי־מענטן, וואָלט דאָך באַדאַרפט קושן די ערד פון ישראל, וואָס האָט אַזויפיל געטאָן פאַר איר באַפרייאונג דורך דעם אידעאַליזם פון דער „בריחה", וואָס האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס אַרויסצוראַטעווען זי און טויזנטער אַנדערע פון די באַהאַלטענישן אין די בערג פון דער סלאָוואַקיי, ביי די דאָרטיקע פּויערים, צו וועלכע זי איז אַנטלאָפן מיט דער הילף פון איר באַשיצער, דעם עסטרייכישן אַלטן אינזשיניער. דערצו, טראַכט מנשה, האָט זי דאָ געקראָגן אַזאַ איידעלן מענטשן פאַר אַ מאַן ווי חיימל, וואָס באַהאַנדלט זי ווי אַ פּרינצעסין. זי פאַרטאַכלעוועט דאָס וואָכנגעהאַלט וואָס חיימל ברענגט איר, גלייך אין דעם ערשטן טאָג, אויף נייע שיכעלעך, פראַנצויזישע פּער־פיומען און אויף אַלץ נייע, און נייע נעגל־און־ליפּן־פאַרבערייען. ווען ס'קומט צום צאָלן דירה־געלט, טראַכט מנשה, מוז מיין גוטע דבורהלע, וואָס לייגט אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה, אויף אַנצוזאַמלען אם ירצה השם, פאַר אַן אייגענער דירה, איר שטענדיק באָרגן די עטלעכע פונט. מיין דבורהלע ווייסט, טראַכט מנשה, אַז ס'איז נישטאָ „קיין מיינס און דיינס" צווישן מיר און חיימלען, אָבער זי, די צעפּיעשטשעטע בת־יחידה, די אַמאַליקע „באַראָנעסע", קאָן אַלץ נישט פאַרגעסן, אַז וואָס געווען איז געווען, און ס'וועט זיך שוין קיינמאָל ניט צוריקקערן. דבורהלע האָפט צום רבונו של עולם, אַז מיט זיין הילף, וועט מען שוין קיינמאָל ניט דאַרפן צוריקקערן צו אַ לאַנד כדי ווידער צו זיין אַ פרעמדער צווישן גוים. אָבער זי, רעגינאַ? וואָוהין ציט עס איר? ...

מנשה קאָן זיך שוין מער נישט איינהאַלטן ביים הערן אירע רייד וועגן די שיינקייטן און גרויסקייטן פון אַמעריקע וואָס זי זעט און די קינאָמאָטאָ־גראַפן, און ער וויל עפּעס זאָגן צו איר אַ ביסל העכער, אַז דער דרימלדיקער חיימל זאָל דאָס הערן. אָבער ביים אַרומקוקן זיך, אַז די זייטיקע פּאַסאַזשירן זאָלן דאָס נישט הערן, בייגט ער זיין קאָפּ נענטער צו רעגינאַן און רעדט צו איר שטיל, ווי אַ ברודער צו אַן איינציקער געליבטער שוועסטער — שטיל, שטיל, מיט געצוימטע, דאָך מיט טיף רירנדיקע רייד פון האַרצן אַרויס:

— אוי, רעגינעלע טייערע, סאיז אַ זינד קעגן גאָט, און קעגן אונדזערע אומגעקומענע אָבות, וואָס האָבן געטראָגן דעם חלום פון גאולה אין זייערע

הערצער, וואָס האָבן געווייטיקט אויפן אייביקן זיין ללעג ולקלס, בין הגוים, צו שאַנד און שפּאָט צווישן פעלקער. „וואָס רעדסטו? מיר, אין די גריבער באַהאַלטענע, האָבן געליטן און געפילט אָט די שאַנד! און דו, נאָך דיינע פיינען און פאַרשעמונג, קאָנסט נאָך ריידן מיט אַזאַ גרינגשעצונג קעגן אונדזער דער־לייזטער מדינת־ישראל, און זיין פאַרקאָכט אין בודאַפּעסט און אין דיין, ווי דו רופסט עס — „איראָפּעאישע אַמעריקאַנישע קולטור״? באַזין זיך, רעגינעלע, דיינע געדאַנקען קענען ווערן נעצן דיך צו פאַנגען און שטרויכלונג דיך אַראָפּצופירן פון גלייכן וועג.

רעגינאַ, מיט צעפלאַמטע באַקן ווי רויטע רויזן, מיט צעצונדענע אויגן ווי אַ ווילד געוואָרענע טיגערין, ־וואָס וויל צערייסן איר קרבן, האַלט איין איר כעס, ציַ דערפאַר וויל זי וויל נישט אַרויסרופן קיין טומל אינעם אויטאָבוס, צווישן אומבאַקאַנטע מענטשן, אָדער אפשר האָבן מנשהס רייד, דאָך ערגעץ זי אָנגערירט, אָבער דאָך, זי, מיט איר איבער סענסיטיוון שטאָלץ, האָט זיך געפילט שטאַרק באַליידיקט און טיף געטראָפן פון זיין צו ברידערלעכער, אָדער גאָר פאָטערלעכער באַציאונג צו איר. ער דערלויבט זיך צו שיטן שטראָף רייד אויף איר! אַזוינס איז דאָך בטבע דערווידער דעם היינצייטיקן מענטשן — ער וויל ניט קיין שטראָף־רייד! און נאָך ווייניקער קאָן דאָס סובל זיין אַ פרוי, און נאָך אַזאַ פרוי ווי זי.

אַז דער אויטאָבוס שטעלט זיך אָפּביים אָנקומען אין נתניה, גייען אַלע פיר אין שטיל־שוויגן אַרונטער פון די טרעפּלעך. אַז מען שווייגט, זעט מען מער. מנשה קוועלט אָן פון זען זיין נתניה אין פולן אָנהייב־זומעריקער רייפער גרינקייט; דעם לאַנגן, פרייען סקווער, אָן דעם רעש און, דעם טומל פון תל־אָביב!

סאיז זיי אַלץ געוואָרן אַזוי נאָענט און היימיש ביים פאַרבייגיין דאָס־גאַזאָז־געוועלבל מיט דער אָפענער ברייטער טיר און גרויסן פענצטער, וואו עס ווימעלט מיט קליינוואַרג, — יינגלעך, מיידלעך — ווי אין אַ בינשטאָק; אַלע מיט קורצע כאַקי־הויזן און אָפענע העמדלעך און בלוזקעס. די מיידלעך, מיט פעטלעכע, געטאָקטע ראָזאָווע פיסלעך און יונג־מיידלשע שטייפע ברוסטן פאַרשפּיצטע. דאָס רוב עסט אין דרויסן, אויפן טראָטואַר, אייז־קרעם אין די ברוין־פאַרשפּיצטע האַלטערס, אָדער טרינקען מיט לאַנגע שטרויען פון פלעשלעך קאָקאָ־קאָלאַס און אַנדערע געטראַנקען פון דעם מין. קליינע קינדער יאָגן מיט טומלדיקע געשרייען און יונג־סאַברישער חוצפּהדיקייט, און זיי פאַרקלינגען מיט זייערע פּתחן פון דער ספרדישע הברה, דעם גאַנצן

סקווער אַרום, און לעקן דערביי זייער געשמאַק, מיט פאַרשמירטע מיילער און רויטע צינגלעך, דעם אייז־קרעם.

ביים צוקומען צו זייערע היימען פאַרבעט דבורהלע רעגינען מיט חיימלען צו זיך אין שטוב. זי נעמט רעגינען אונטערן אָרעם ווי אַן אונטערפירערין אַ כלה און זאָגט צו איר: — „ביז איך וועל צוגרייטן דאָס עסן וועסטו האָבן צייט צו ענטפערן מיין מנשהן אויף זיינע שטראָף־רייד וואָס זיינען חלילה ניט געמיינט געווען דיר ווי צו טאָן. אָט אַזוי איז ער, מיין מאַן, וואָס אויף דער לונג איז ביי אים אויף דער צונג". רעגינאַ, צעשמייכלט, האָט איר, מיט אירע פאַרונדיקטע רויט־ליידנשאַפטלעכע ליפּן אַ קוש געטאָן.

רעגינאַ האָט אָנגעטאָן איר קורץ פאַרטעכל, וואָס איז שטענדיק געהאַנגען צוזאַמען מיט דבורהלעס אויף אַ לאַנגן נאָגל אינעם קליינעם ווייס־געקאַלעכטן קיכל, ביים ווייס־אַנעמילירטן וואַש־טאָפּ, כדי צו העלפן דבורהלען צוצוגרייטן דאָס עסן.

מנשה און חיימל וואַשן זיך די הענט, גאַרטלען זיך אַרום מיט זייערע זיידענע גאַרטלען צום דאַווענען מנחה און מעריב. ביים עסן ווענדעט זיך רעגינאַ מיט מילד־קלינגדיקע רייד צו מנשהן: — „איך בין שוין מער נישט אין כעס אויף דיר פאַר דיינע שטראָף־רייד אינעם אויטאָבוס צו מיר, אפשר, האָב איך מיך אַליין געפּרעגט, ביסטו גערעכט לויט דיין באַנעמען די וועלט מיט מונקאַטשער אויגן וואָס זיינען אויך מיר, ביז צו אַ געוויסן גראַד, ליב און טייער. אָבער פאַרגעס נישט, אַז איך בין אויך אַ בודאַ־פּעסטערין, דאָרטן דערצויגן געוואָרן פון מיין פּריסטע, יוגנט אָן, ביז חורבן־היטלער. יענע אייגנאַרטיקע שטאָט וואָס איז געווען דער פריילעכסטער גלאַנץ־פּענצטער פונעם שימערנדיקן דאַנוי צו די וועסטלעכע ברעגן! בודאַ־פּעסט זינגט אין מיין בלוט. און די פּוילישע אָסט־יודען זיינען מיר שטענדיק געווען אַזוי ווי דערווידער. אַפילו אונדזערע מונקאַטשער, און דו מן הסתם אויך, האָבן אויף זיי געקוקט מיט גרינגשעצונג און פאַרדאַכט. און כ'קען דערפאַר נישט דולדן וואָס זיי, די פּוילישע און זייערע גלייכן האָבן דאָ די אויבערהאַנט און האָבן געלייגט זייער אָסטלעכן שטעמפּל אויפן גאַנצן לעבנס שטייגער אין דעם קליינעם לענדל דאָ. זיי זיינען דאָמינירענדיק פּאָליטיש און עקאָנאָמיש מיט זייערע אַגרעסיווע רעוואָלוציאָנערע עקספּערימענטן אין דאָרף ווי אין שטאָט. זיי האָבן זייערע מאַניערן איבערגענומען פונעם רוסישן פּוילישן פּעבל איבערגעפּלאַנצט אַהער און זיינען געוואָרן די האַרן און הערשער פונעם לאַנד".

מנשה, האַלט זיך איין מיט אַלע זיינע כוחות, ניט צו קריגן זיך מיט

איר אויפן מונקאַטשער שטייגער; ער ענטפערט איר מיט צערטלעכער ווייכקייט:

— „ניין רעגינאַ! מאַכסט אַ טעות, אַ גרויסן טעות. דו קוקסט טאַקע מיט פאַרפרעמדע אויגן! זיי, די פוילישע און די אַנדערע אָסט־יודען, האָבן דאָ פאַר אונדז געבויט און צוגעגרייט אַ היים מיט זייער בלוט און שוויס, דורך זייער התלהבות פון חסידותדיקע פרומע דורות; זייער אידעאַליזם און רעוואָלוציאָנערע עקספּערימענטן, ווי דו רופסט עס, האָט זיך גענערט פון טיפע, ריינע יידישע קוואַלן, נישט פון די רוסן. נאָר פון אייביקן יידישן לעכצן צו אַ לעבן פון צדק און יושר. און ווער האָט געבויט אונדזער שיינע נתניה, אויב נישט זיי? זי איז דאָך היינט שוין אין איר בראשיתדיקן אָנהייב אַזוי שיין, מיט איר בלענדיקער גרינקייט, זע, אונטן וואַשט זיינע זיג־זאַ־גיקע ברעגן, דער ים התיכון, אַזוי שטיפעריש און שטורמיש. פון וויטן נעענט און בלענדט אַ פּרעכטיקע וויזיע! רייזנדיקע דערציילן, אַז אונדזער נתניה איז שענער פון סעינט־רעמאָ, די איטאַליעַנישע רעוויערא. היינט, אונדזער עיר אלקים ירושלים, וואָס הונדערטער דורות יידן האָבן געוויינט ביי נעילה פון איר זיין „משפלת עד שאול תחתיות", אויף איר געפאַלנקייט לעבט דאָך היינט ווידער אויף, גייט אויף ביז צו איר אַמאָליקער פּרעכט קייט. ווי קאָנען מיר גאָרריידן פון בערעלעס גליקן, מיר זאָלן ווערן יורד'ים און פאָרן קיין אַמעריקע? בערעלעס גליקן מיט מאָגן־רעגולירער, מיט די־מענטן, מיט גאָלד־שפּיליטערס... ווי קענסטו גאָר טראַכטן פון דעם?!"

חיימל האָט פרום צוגעשאָקלט צו זיין, מנשהס, רייד, די אמתדיקע. רעגינאַ האָט אים ווי דורכגענומען מיט אירע ברענענדיקע אויגן די גרויסע, און באוואונדערט זיין טיף־יידישע געטריישאַפט, זי איז אָבער געווען צופיל פאַרפרעמדט אַליין דאָס דורכצופילן און באַווירקט צו ווערן.

בערל מיט שרהלע זיינען מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער געקומען קיין נתניה זיך צו געזעגענען מיט זיי פאַר זייער אַוועקפאָרן קיין ניו־יאָרק, זיי האָבן ביי זיי שבת־געהאַלטן; מען האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס התקרבות, ווי אייגענע נאָענטע קרובים. נאָכן דאַוונען אין מונקאַטשער שטיבל האָבן אַלע צוזאַמען געגעסן ביי מנשהן און דבורהלען. בערלס ווייבל, שרהלע האָט מיטגעברומט דאָס היימישע מונקאַטשער געזאַנג, וואָס האָט איר דער־מאָנט די שבתדיקע זמירות פון ר' אשר הערצן, בעתן דינען דאָרטן אַלס דינסט־מיידל. זי איז דאַמאָלט נאָך כמעט אַ קינד געווען.

בערלען האָט זיך פאַרגלוסט אַ זונג צו טאָן זיין טאַנס ברייט רחבות־דיקן „מנוחה ושמחה", דעם בעל עגלהשן. דער טאַטע, דער בעל־עגלה פלעגט

עס זינגען נישט נאָר אין די פרייטאָג־צו־נאַכטסן נאָר אויך ביים פאָרן מיט אים אויף די ברייטע שליאַכן, צווישן די הויכע טאָפּאָל־בוימער און גרינע פעלדער, וואו אַקעגן האָבן זיך געקייטלט די קיילעכדיקע קאַרפּאַטן־בערג ווי ליגנדע מחנות עלעפאַנטן. דער טאַטע זיינער אויף דער קעלניע האָט ביים זינגען די זמירותן געפאָכעט מיט דער בייטש אין דער לופטן, ווי צום דיריגירן די אַרומיקע, געדיכטע וואַלד־ביימער פון די אַרומיקע בערג, אַז זיי זאָלן מיט אים מיטזינגען זיין לויב צום אויבערשטן אין הימל; אָדער פאָרן חסדיקן גנאָד צו אים, זיין ווייב און קינדער. אַלץ האָט געזונגען! אַפילו די פערד, די ברוין־קאָרע מיט זייער אַרויסשטאַרנדיקע חוט־השדרהס, ווי די לאַנגע ברוינע פלעכטלעך פון די שבת־חלות אויפן שבתדיקן טיש, האָבן זיך אויך צעהירזשעט מיט לייכט געהויבענע פיס ביים פירן מיט ווילינקייט דעם לאַנגן וואָגן מיט געהילץ, וואָס ער פירט פון חיימלס טאַטנס טאַרטעק.

ער פילט זיך אַצינד זייער חשובדיק, שבתדיק דערהייבן מיטן זיצן ביי איין טיש מיט זיי — די קינדער פון ר׳ לייבן און שמעון דעם שרייבער— ווי זיינס גלייכן.

שבת אין דער פרי, זיינען זיי, די דריי מענער געגאַנגען אינעם חסידישן שטיבל, צום דאַווענען; מען האָט געבענטשט ראש חודש אָב. נאָכן עסן און בענטשן מיט מזומן, און בערל, דער גאַסט, האָט מיט היימישער פריידיקייט אויסגערופן: — „רבותי, מיר וועלן בענטשן", און ער האָט געזאָגט דאָס בענטשן הויך פון אויסווייניק, ווי צו וויזן אַלעמען דאָס, אַז ער איז נישט אַזאַ עם הארץ ווי זיי מיינען.

נאָכן בענטשן זיינען אַלע געגאַנגען שפּאַצירן צו דער פּלאַזשע ביים ים. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, דער הימל ווי שטענדיק אַ בלוי־לויטערער, פיל נענטער צו דער ערד ווי אין דער סלאָוואַקאַי, מיטן אויסדאַכטן, אַז מיט אַ הויכער לייטער איז ניט שווער צום הימל דערלאַנגען... דער האָריזאָנט מיט זיינע פאַרשידענע וואָלקן־קאָלירן — אַ מיראַזש פון אַ וואַסער־פּאַס, דערמאָנט אָן זייער היימישן טייך...

מען גייט שפּאַצירן אַרום דעם ים־פּאַס, און דער ים באַגריסט זיי מיט זיינע האַסטיק־שוימיקע כוואַליעס און קילט די ברעגן פון נתניה מיט דופּ־טיקער פרישקייט.

די יונגע קאַקטוס־ביימלעך שטייען אַזוי אויסגעפּוצטע, די סימעטריש פאָרמירטע בלומען־בייטן פון רויט, ווייס, בלוי און פּורפּור־קאָלירן — ווי אַ הערלעכע מאָזאַאיק אַרום די גרין געפאַרבטע בענק — זיינען באַזעצט מיט שבתדיקע, רוענדיקע מענטשן — יידן מיט פרייע פּנימער וואָס דריקן אויס

די דערלייזנדיקע בשורה פונעם באַנייטן, פרייען שאַפנדיקן פאָלק ישראל!

דבורהלע קוקט אויף איר מאַן מנשהן מיט צניעותדיקע פאַרליבטע אויגן.

רעגינאַ, מיט אימפּעטיקער פאַרקאַכטקייט האַלט אין איין ריידן מיט בערלען. זי איז אים מקנא, אים און זיין ווייבל שרהלע, מיט זייער פאָרן צו דעם וואונדערלעכן לאַנד אַמעריקע, דאָס לאַנד פון די גרעסטע שאַנסן פאַר יעדן אַמביציעזן מענטשן, נישט ווי דאָ, „וואו יעדער מוז זיך אויס־לעבן ביי זיין פאַך ביז ער ציט אויס די פיסלעך", סיידן אַן אָסט יודע מיט אַ געשליפן פיסקל פון בן גוריונס חברה, אַזאַ נאָר האָט דאָ די בעסטע שאַנסן צו ווערן אַ מאַכער, אַרומגיין ווי אַ היימישער אַקציזניק מיט אַ לעדערנעם פאָרטפעל אונטערן אָרעם. רעגינאַ זאָגט בערלען: — „סאיז נישט דאָ נאָך אַ לאַנד אין גאַנץ אייראָפּע, און אפשר אויך ניט אין דער גאַנצער וועלט וואו מען קען זען אַזוי פיל ליידיק־גייער־פּאָרטפעלניקעס, ווי אין דעם קליי־נעם אָרעמען מדינהלע".

מנשה מיט ברענענדיקע אויגן און איינגעהאַלטענעם כעס, אויף אירע בייזע רייד, הערט פון אַ זייט, מישט זיך אַריין און זאָגט צו בערלען: — „אויף אונדזער לאַנד טאָר מען נישט קוקן מיט אויגן פון די אַמאָליקע מרגלים, נאָר מיט אויגן פון אַ וואָרעם, יידיש האַרץ; אויף די געקומענע דאַרף מען קוקן ווי אויף פאַרוואָגלטע קינדער, געפייניקטע און פאַרשעמטע, וואָס קערן זיך צוריק אַהיים; און די „פּאַרטפעלניקעס", וואָס רעגינאַ חוזקט פון זיי — זיי זיינען דאָך די געטרייסטע יידן, וואָס זיינען גרייט זיך מוסר־נפש צו זיין פאַר יעדן יידן, אַפילו פאַר די וואָס ריידן רכילותדיקע רייד קעגן זיי. רעגינאַ ווייסט דאָס אַזוי ווי איך, נאָר זי וויל דאָס נישט צוגעבן, אפשר דערפאַר כדי צו מאַכן לייכטער אירס און דיין געוויסן, מיט אייער זוכן די גאָלדענע גליקן אין דעם גאָלדענעם לאַנד אַמעריקע". ער ווייזט אָן בערלען אויף אַ בנין אַ גרויסן, אַקעגן איבער דעם סקווער, אַ קאָאָפּעראַ־טיווע הויז, וואָס די הסתדרות בויט פאַר די דימענטן־שלייפער, וואו ער מיט חיימלען וועלן אַרבעטן. ער דערציילט: — „נישט ווייט פון דאָרטן איז אַן אַרבעטער, אַ תמנער ייד, אַ טאַטע פון אַכט קינדער, נעבעך, אַרונטערגעפאַלן פון אַ רישטאָוואַניע, אויף די געשרייען פון אַלע אַרבעטער ביים בויענדיקן הויז, זיינען מיר, איך און חיים, מיט אַלע אַנדערע פון דער שלייפעריי און אַלע שכנים פונעם אַרום, געלאָפן צו העלפן ראַטעווען אַ מענטשן. וואָלסטו באַדאַרפט זען, בערל, ווי איינער פון די „פּאָרטפעלניקעס" האָט פון זיך אַרונטערגעצויגן דאָס העמד, געריסן דערפון שטיקער, געמאַכט באַנדזשן

צו פאַרהאַלטן דאָס רינענדיקע בלוט פון די וואונדן; געטאָן אַזוי מיט ליבשאַפט און רחמנות ביזן אָנקומען פון דאָקטאָר פונעם נאָענטן קופת־חולים, נו, ער איז דאָך איינער פון „בן גוריונס חברה לייט". נאָר סוואָלט דיר צוגעקומען אַ שטיק געזונט אַזוי ווי אונדז אַלעמען, צו זען מיט וויפיל ברודערלעכער ליבשאַפט דער דאָקטאָר האָט געאַרבעט אַרום דעם דאַרן, תימנער. ער, דער „פאָרטפעלניק" איינגעטונקען אין שוויס, איז ניט אָפּ־געטראָטן רק געהאָלפן, דערלאַנגט... דערנאָך האָבן ביידע מיט לויכטנ־דע פנימער, ווי אייגענע לייבלעכע ברידער, געקוואָלן ביים אָוועקזעצן דעם תימנער ייד און געגבן אים אויסזופן אַביסל וואַסער. טאָ פאַרוואָס סתם שרייען אויף „פאָרטפעלניקער"? . . .

רעגינאַ האָט אַרונטערגעלאָזט איר קאָפּ, געשוויגן. זי איז אַ שטילע צוגעגאַנגען צו איינע פון די נאָענטע בענק ביים גרין צעבליטן סקווער, זיך געזעצט און געקוקט. אַפילו בערל זיצט שטיל אַ פאַרגאַפטער ווי פאַר־חלומט, אפשר דערפאַר, ווייל ער וויל זיך אַצינד ווי איינזאַפּן מיט דער שיינקייט פון נתניה, כדי צו קאָנען שפּעטער אין אַמעריקע בענקען נאָך איר? אָדער דערציילן די וואונדערייען פון איר? בערל האָט דאָך ליב צו דער־ציילן . . .

שבת פאַרנאַכט אינעם האַלבן טונקעלן בין־השמשות, ווען די האַלב־געלבלעכע לבנה שפּיגלט זיך אַקעגן דער צונטער־רויט פאַרגייענדיקער זון ביים ראַנדיקן האָריזאָנט אינעם מערב, האָט מען באַגלייט בערלען מיטן ווייב צום אָטאָבוס, מען צעקושט זיך און בערל איז זיי מבטיח צו שיקן זיי וויזעס מיט שיפסקאַרטן: — „עטץ וועט עס מיר צוריקצאָלן אין אַ קורצער צייט נאָכן קומען צו מיר. כוויל נישט קיין דאַנק דערפאַר, כוויל נאָר עטץ זאָלט וואוינען צוזאַמען מיט אונדז.

מנשה און חיימל שאָקלען צו מיט די הענט, דבורהלע איז שוואַנגער און איז שוין אין אַכטן מאָנאַט, פילט איצט ווי דאָס קינד אין איר איינגעווייד רודערט, רעגינאַ, אַ צעפלאַמטע וואַרפט צו זיי אירע האַנט־קושן, מיטן באַגייסטערטן ווידערהאָלן פון „באָן־וואָיאַזש", ביז דער אויטאָבוס גליטש זיך אַוועק מיט זיינע שווערע גומענע רעדער, אויפן גלייכן, ברייטן אַספאַלט־וועג וואָס פירט בערלען מיט שרהלען קיין תל־אָביב.

---

ווען דבורלה איז, נאָך איר ערשטע געבורט־ווייען, געפירט געוואָרן אינעם קליינעם שפּיטאָל, איז צוזאַמען מיט איר מאַן מנשהן אויך מיטגע־פאָרן רעגינאַ. מנשה און רעגינאַ זיינען געבליבן וואַרטן אין דעם קאָרידאָר.

רעגינאַ, מיט איר גאַנצן שטאָלץ, אָנגעצויגנקייט און פרעמדלעכקייט צום אָרום, איז אין תוך, געווען אַ גוטע און מיטפילנדיקע. דערצו איז דער ענין פון האָבן אַ קינד, פון ליגן זיך אין קימפּעט, ביי איר געווען אַ ניט־אויס־געבענקט געפיל, אַ פאַרשטיקט, אַ פאַרגראָבנס... זי, ווי מיר ווייסן, קען דאָך מער קיין קינד ניט געבוירן!...

מנשה און רעגינאַ האָבן געוואָרט. די נאַכט האָט זיך געצויגן. בישט געווען אַלץ קיין נייעס פון דעם געבורטס־חדר, אויבן. מנשה, ווי יעדער מאַן אין אַזאַ שעה, איז געווען היבשלעך צערודערט, געשפּאַנט, אַביסל דער־שראָקן. רעגינאַ האָט געשוויגן, און שטיל אין האַרצן געשעפּטשעט אַ תפילה: זאָל איר דאָס האָבן גרינג זיין! זאָל דאָס קינד קומען אַ געזונטס, אַ לעבע־דיקס!...

ווען די קראַנקן־שוועסטער אין ווייסן, מיטן בלויען מגן־דוד, האָט זיי אין דער פרי אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, מיט אַ מזל־טובדיקן שמייכל, אַז די קימפּעטאָרן, דבורהלע, האָט געבוירן אַ בן־זכרל, אַ געזונטס, אַ שיינס, און אַז ביידע, די מאַמע און דאָס קינד זיינען בכי טוב, בסדר, האָבן מנשה און רעגינאַ זיך צעוויינט ווי קליינע קינדער אויפגעוועקטע פון פרייד. ביידע האָבן זיך פאַרווייניטע געוואונטשן מזל־טוב מיט פרום־געצוימטער צוריק־האַלטונג.

דער שלום־זכר, פּריוויט־צונאַכטס, איז געווען ביי רעגינאַ און חיימל אין שטוב. אַלע חסידים פונעם מונקאַטשער שטיבל, און זייערע שכנים, אויך זייערע שלייפער־חברים מיטן בעל־הבית זייערן, אדון בלאָק אַליין, האָבן זיך משמח געווען אויפן חסידיש־מונקאַטשער שטייגער און יידישלעכע, סלאָ־וואַקישער היימישקייט, ביזן ווייסן טאָג אַריין.

דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט, מיט נאָך מער חסידיש־פייער־לעכן ברען, ביי די „וואַך־נאַכט" פאַרן מאָרגנדיקן ברית. אַלע ביי די לאַנגע טישן, פּאַטשנדיק מיט די הענט נאָך יעדן חסידישן ניגון, מיט אויגן דער־הויבן צו דער ווייסער סטעליע, זינגען זיי אויס ווי אַ רעפריין: — רחום־וחנונדיקער טאַטע זיסער! וויפיל נעגל אויפן דאַך — אַזוי פיל מלאכים אויף דער וואַך". דערביי זעען זיי זיך נאָכאַמאָל אין זייערע יידיש־סלאָוואַ־קישע שטיבער מיט די שפּיציקע שינדל־דעכער, און שטילע קרעכצן מישן זיך אויס מיטן אָפּטן, ווידער און ווידער אויסגערשיי: — „וויפיל נעגל אויפן דאַך — אַזוי פיל מלאכים אויף דער וואַך!!! זיי זעען בחוש די פלאַ־טערנדיקע מלאכים וואָס באַשיצן די קימפּעטאָרין מיטן קינד, דעם בכור, פון דער סכנה וואָס לויערט אויף זיי.

— שיר המעלות!...

ה.

# ווי אַ פיש אין וואַסער

מנשה און חימל האָבן שוין געקראָגן דעם ערשטן בריוו פון בערלען. ער און זיין שרהלע זיינען באַגייסטערט פאַר דער שטאָט ניו־יאָרק, וואָס קאָכט און זידט ווי אין אַ קאָכיקן קעסל, און אַז „דאָ האָט מען נישט קיין צייט און געדולד צו קוקן אויפן ים ווי ביי אייך אין נתניה; דאָ איז דער עיקר „ביזנעס" און „מאָני טאָקס" — עס מיינט: געלט רעדט!"

מנשה באַמערקט צו חימלען און רעגינאַן, אַז „דאָס מיינט מען נאָר בדרך משל, אַז ווער עס האָט די מאה, דער האָט די דעה".

ווייטער שרייבט בערל, אַז ער מוז דאָס מאַכן אויף אַ „האַרי אַפּ", אויף שנעל, הייסט עס, ווייל ער איז זייער „ביזי" (פאַרנומען) איבערן קאָפּ מיטן איינשטעלן זיין צירונג געשעפט אינעם גרויסן „עקסטענדזש", אינעם גרעסטן צירונג צענטער אויף דער גאַנצער וועלט! דאָס איז די באַרימטע, איבער גאַנץ אַמעריקע, יוּוועלירן גאַס, וואו אַפילו אין דרויסן, אויפן טראָטואַר זשומעט מיט „ביזנעס" ווי אין אַ בינשטאָק. שטייען יידן אויפן טראָטואַר און זיי קויפן „ביזנעס" ווי אין אַ בינשטאָק. שטייען יידן אויפן טראָטואַר און זיי קויפן און פאַרקויפן איינעם דעם אַנדערן בריליאַנטן וואָס באַטרעפן אין די מיליאָנען! מען שטייט אין דער גאָס מיט די פאַרגרעסערונגס־גלעזער אין די הענט און דימענטן פליען פון האַנט צו האַנט, און די ווייסע פּאַפּירלעך וואָס זעען אויס ווי די ווייסע פליגלען פון פליענדיקע טויבן פאַר אַ רעגן איבערן מונקאַטשער מאַרק.

מנשה באַמערקט: — „אין מיטן פון זיינע גליקן ליגן אים נאָך אַלץ מונקאַטשער טויבן אין זינען. אָבער סיי ווי, אָט דער בערל פּאַסט זיך דאָרט אַריין ווי אַ פיש אין וואַסער".

רעגינאַ זאָגט האַלב בייזלעך, „ווי דען? ווי דאָ, אין דעם העק דעם שטילן ווי אויף אַ בית־עולם? דאָס לאַנד דאָ איז גוט פאַר די תימנער יידן, און פאַר די רוסיש־פּוילישע שנאָרער, וואָס פירן דאָ די גרענדע, מיר, אונגאַרן־מאַדיאַרן, האָבן דאָ נישט קיינע שאַנסן".

מנשה וויל איר אַ זאָג טאָן: — „מאַדיאַרן! אַז מונקאַטש איז גאָר נישט געוועזן און איז נישט אונגאַרן, אַז בסך הכל איז עס אַצינד ביי די רוסן מיטן גאַנצן קאַרפּאַטן־לאַנד". אָבער ער וויל זיך נישט קריגן און ווי טאָן

זיין חיימלען, פאַרשוויַיגט ער אירע רייד און הייבט אָן ריידן וועגן זיין שמעונדלס סיגעלעך און מינעס.

פון בערלען האָבן געגומען אָנקומען „פּינקטלעכע בריוו", איינמאָל אַ חודש, מיט דער אונטערשטער שורה, אַז זיינע ביזנעס וואַקסן ווי אויף הייוון; אַז, אָט, אָט נאָכן „קריסטמעס־סעזאָן", וואָס האַלט אים איצט זייער געשפּאַנט און ווי מען זאָגט אין מונקאַטש — „ס'איז ניטאָ קיין צייט זיך די נאָז אָפּצואווישן" — אַז גלייך נאָך ביי־יאַר וועט ער צוגרייטן זייערע וויזעס, אַז זיי מעגן זיך שוין אָנהייבן צוגרייטן אין וועג אַריין.

מנשה מיט חיימלען פאַרפירן אַ שמועס ביים אַהיימגיין פון דער אַר־בעט, אַז מ'זאָל אים, בערלען, שרייבן אַ דאַנק פאַר דער געפּלאַנטער טובה, און אַז ער זאָל זיי לאָזן צורו אין זייער וואַרימער, היימישער שטילער נעסט, וואו „מיר לעבן אַ בכבודיקן לעבן צווישן יידן אין אייגענעם לאַנד מיט אייגענע שבתים און ימים־טובים", וואו מנשהס געבוירן זונדעלע, שמעון (אַ נאָמען נאָכן טאַטן ע"ה) וועט דאָ אַלס סאַבּרעלע, אויסוואַקסן ווי אַ ביי־מעלע אויף דער אייגענער ערד. און מ'דאַרף ווייטער בערלען אַזוי שרייבן: — „מיר האָבן שוין גענוג געהאַט פון די גאָלדענע גליקן צווישן גויים".

ווען חיימל איז אַ שווייגנדיקער, אַריין אין זיין שטוב און פאַמעלעך, דערנאָך ביים עסן, איבערגעגעבן זיין רעגינען די רייד פון אים און פון מנשהן, האָט זי זיך צעוויינט, זיך פאַרגאַנגען אין אַ העשענדיקן געקלאָג אָן אַ גוטע נאַכט צו זאָגן. זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אינעם בעט אַריין, האָט זיך צוגעדעקט מיט דער דינער קאָלדרע ביז איבערן קאָפּ, און ער האָט שווייגנדיק געקוקט און געזען ווי אירע אַקסלען האָבן געצוקט ווי אין אַ פיבער.

אויף צו מאָרגנס: — חיימל און מנשה באַגעגענען זיך ביי די טרעפּלעך ווי זייער שטייגער איז — צו גיין צוזאַמען צו דער אַרבעט. חיימלס „גוט מאָרגן" צו מנשהן איז פול מיט שווערן קומער. ער קען אים נישט קוקן גלייך אין די אויגן. מנשה פאַרשטייט שוין אַליין די סיבה, און ער האָט שטאַרק עגמת־נפש, און רחמנות אויף אים. מנשה רעדט שוין דעם גאַנצן טאָג זייער ווייניק מיט אים.

ביים אַהיימגיין, פרעגט ער חיימלען: — „אפשר וואָלסטו אַליין מיט רעגינאַן געפאָרן אָן מיר"? ער פילט אָבער דערביי אַז נישט נאָר רעדט ער ווי אַן אַכזר, חיימלען ווייַ צו טאָן, נאָר ווי אַ מאבד את עצמו לדעת, ווייל ער ווייסט דאָך ביי זיך אַז ער קען נישט לעבן אָן אים און ווי וועט חיימלס לעבן אויסזען אָן אים?...

ער רעדט זיך אַדורך וועגן דעם מיט זיין דבורהלען, נאָכן עסן, בעת זי גיט צו זויגן זייער זונעלע שמעונדל. ביים פאַרטונקלען די העלע ליכטי־קייט מיטן פאַרהענגען דעם עלעקטרישן לאָמפּ מיט אַ רויט טיכל. ער רעדט זיך אויס פאַר איר זיין פאַרביטערט האַרץ.

איר ענטפער: — „נאַרישער מענטש, וואָס דו ביסט! ווען דו רעדסט דיר איין אַ לונג־און־לעבער ביי דיין נאָז. מיינסט, אַז ער וועט נישט קענען לעבן אָן דיר?" אַז מען האָט חתונה מיט אַ ווייב, פאַרגעסט מען אַפילו די אייגענע מאַמע. אמת, אינעם גרוב ביים וואַלד־וועכטער זייט איר ביידע געוואָרן ווי אַ צוזאַמענגעוואַקסענער צווילינג, אָבער זיין רעגינאַ, וועמען ער האָט ליב מיט זיין גאַנצער נשמה, האָט אים פון דיר אָפּגעשניטן. ווי עס זעט אויס, איז עס ביי דיר נישט דער פאַל, דו האָסט דיך נאָך נישט אָפּגעשניטן פון אים, צו באַהעפטן זיך אינגאַנצן מיט מיר און מיט דיין קינד".

מנשה, געפּלעפט פון אירע שאַרפע רייד, בלייבט שטיל, וויל וויינען... ער איז שוין נישט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט. און צומאָרגנס, ביים אַרויס־גיין פון שטוב, אַ מידער, אַ צעבראָכענער, געטראַכט, אַז זי האָט רעכט מיטן רופן אים „נאַר", ווייל טאַקע, פאַר וואָס זאָל ער, זיך און איר אָפּעסן דאָס האַרץ, נאָך איידער וואָס ווען?

מנשה האָט שוין מער נישט גערעדט מיט קיינעם וועגן, יאָ אָדער נישט פאָרן קיין אַמעריקע. ער האָט נאָר גערעדט צו זיך, — „אַז מען וועט לעבן, וועט מען זען".

רעגינאַ האָט הנאה געהאַט אָפּצוּוואַרטן דעם בריוו־טרעגער. יעדן טאָג, ווי נאָר זי האָט אים דערזען פון דער ווייטנס, אין דער באַשטימטער צייט, האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צו פרעגן ביי אים אויף אַ בריוו פון אַמעריקע, כאָטש זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט אַז מער ווי איינמאָל אַ חודש, וועט בערל נישט שרייבן. דאָך האָט זי געהאַט דערביי דעם געניוס צו פאַנטאַזירן: — „אָט קומען אָן די וויזעס מיט די שיפסקאַרטן אָדער עראָפּלאַן־בילעטן און אין עטלעכע טעג צייט — זי איז שוין אין ניו יאָרק — די גרעסטע שטאָט אין דער וועלט"... טראַכט זי: דאָס ערשטע וואָס זי וועט טאָן, וועט זיין צו גיין זען די רייכסטע שוי־פענצטער אויף דער פינפטער עוועניו וואָס זי קאָן שוין אַזוי גוט, ווי אירע צען פינגער פון די אַלערליי מאָדע־זשורנאַלן, וואָס זי האָט ליב צו לייענען; זי וועט אַריינגיין אין די שענסטע רייכסטע געשעפטן דאָרטן, וועט האַלטן אין איין אָנמעסטן אויף איר שיינער פיגור

וואָס זי האָט, אַלערליי קליידער. מאַנטלען פון די נייעסטע אַמעריקאַנישע און פּאַריזער מאָדעלן, אַפילו מינקן, רוסישע סויבלען און די רייכסטע, טייערסטע טשינטשילאַ־מאַנטלען וואָס קאָסטן צו פינף אָדער צו צען טויזנט דאָלער אַ שטיק. וועט זי האַלטן אין איין אָנטאָן און אויסטאָן. דערביי חלומט זי און זעט זיי ווי אויפן וואָר, ווי זי וואָלט זיי אין אירע הענט געהאַלטן; די פאַרשיידענע מאַנטלען פון אַלערליי סאָרטן און קאָלירן, ווי די טונקל־ברוינע מינקן, די „קאַנאַדער", די העל־ברוינע די פוכיקע ווי אויך די טונקל־גרויע, רוסישע סויבלען, און די שימערירנדיקע בלוי־גרוי־לעכע, טיף האַריקע טשינטשילאַט פון פּלאַטינום־קאָליר. זי פילט אין איר פאַנטאַזיע ווי ווייך־וואונדערלעך זיי זיינען ביים גלעטן זיי מיט אירע גע־טאָקטע הענטלעך; די מחיהדיקע זיידענע גלאַטקייט זייערע, וואָס שוין ביים טראַכטן פון דעם, פילט זי שוין דעם פרויען־געַנוס דורך אַלע אירע נערוון און גלידער.

רעגינאַס חלומות...

דערווייל לויפן די טעג און די וואָכן ביז עס קומט שוין אָן דער אַזוי־געגאַרטער בריוו, אָבער דאָס נאָר מיט עטלעכע שורות: — „„אַז, כ׳בין ביזי, ווי אַ קאַקאַראַטש"! כ׳האָב קיין צייט נישט צום פינישן מיין סענד־וויטש; אויף קריסטמעס און אויף חנוכה קריגט מיין שוירלי פון מיר אַ „פּרעזענט", אַ קאַנאַדישן מינק־קאוט; יעדן מוז דאָס מאַכן האַרי־אָפּ, אַלץ וועט באַזאָרגט ווערן בסדר, ווי מען זאָגט ביי ענק אין נתניה, שלום! בערל".

אַ מאָדנער יידיש! אָבער רעגינאַ פאַרשטייט שוין אַלץ — „קאַנאַדישער מינק־קאוט" איז שוין גענוג פאַר רעגינען.

ווען מנשה מיט חיימלען קומען פאַרנאַכט פון דער אַרבעט טרעפן זיי רעגינאַן ביי דבורהלע אין שטוב, זי טראָגט זיי, אַ פאַרפלאָמטע, אָנטקעגן, בערלס בריוול מיטן בלויען קאָנווערט און גרינע לאַנג־שמאָלע מאַרקע; זי לייענט פאַר זיי דאָס בריוול מיט היציקן ברען, די עטלעכע מאָדנע שורות. ביידע פרעגן איר „מילא, ביזי פאַרשטייען מיר נאָך, שוין געהערט, מ׳קאָן זיך אָנשטויסן אַז ס׳מיינט — „ס׳ברענט אויף אים די הויט", אָבער ווער איז דאָס דער גרויסער מיוחס קאַקאַ, ווי הייסט ער דאָרטן? ראַקעפעלערס אַ שותף מיינט ער?

זי, רעגינאַ, וואָס קאָן אַביסל ענגליש פון אירע פענסיאָן־יאָרן אין בודאַפּעסט, צעלאַכט זיך מיט איר קלינגנדיק קול און פאַרריכט זיי: — „נישט קאַקאַ, נאָר קאַקראַטש, דאָס איז אַזאַ העסליכער, ברוינער וואָרם

מיט אַסך פיסלעך וואָס לויפט ווי אַ רוח — אַ נישט גוטער, און דווקא לויפט ער וואו עס איז שמוציק״. חיימל פרעגט ביי איר: — „און צו דעם פאַרגלייכט ער זיך?״ מנשה וואונדערט זיך: — „וואָס? אָט איז ער דאָרטן אינגאַנצן עטלעכע חדשים און ער שרייבט מיט אַזאַ צעהרגעטן לשון, אַ מאָדנע לאַנד, דאָס אַמעריקע!״ ער רעדט דאָס איבער עטלעכע מאָל און קוועטשט דערביי מיט די פּלייצעס. רעגינאַ פאַרענטפערט אים, בערלען, ביים דערנענטערן זיך צו איר חיימלען: — „וואָס מיינסטו? ס׳איז דייך טויטע נתניה?

אַ שטעטל, וואָס זאָג איך אַ שטעטל, אַ דערפל, מיין איך, גרויס ווי אַ גענעץ!״ קוקט! „זי עפנט נאָך אַמאָל דאָס בריוול און לייענט זיי די שורה״. „אַז יעדן קויף פאַר שוירלין״ — זי רעדט מיט בייזקייט: — וואָדען? וועט ער זי רופן: שרהלע סערעלע, אָבער דאָרט הייסט מען: שוירלין — אַך ווי שייך, ווי מוזיקאַליש!

רעגינאַ גיט אַ שפּרונג אויף:

— זעט! ער קויפט איר אויף חנוכה און קריסטמעס אַ קאַנאַדישן מינק־מאַנטל! חנוכה און קריסטמעס גייט צוזאַמען, וואָדען? נו — גיט זי זיך אַ שטעל אויף מיט אירע הענט ביי איר שלאַנקער טאַליע, און האַלט דעם בריוו, ביי איר רעכטער היפט, — „ווען איך וועל דאָ זיין אַ הונדערט יאָר, וועט מיין חיימל מיר דאָס קאָנען קויפן? אַ, ווי דערלעבט מען שוין צו זען אין די הענט די צוגעזאָגטע פּאַפּירן״!

מנשה, וואַשט זיך צום עסן. רעגינאַ און חיימל גייען אַריבער אין זייער שטוב אַקעגן, ער, מנשה, זאָגט דעם „שאו ידיכם קודש וברכו״, הויך אויפן קול, ווי ער וואָלט וועלן פון זיך אין זיין שטוב פאַרטרייבן דעם בערל־געשפּענס. נאָכן מאַכן די המוציא איבערן ברויט, שניידט ער אָפּ צוויי שטיקלעך פאַר זיך און דבורהלען, און ער מורמלט אונטער. — „אַ שיינע בריאה די רעגינאַ, זי איז ענלעך צו דער מוטער חוה מיטן עפּל. ווער ווייסט צו וואָס זי וועט אים, חיימלען נאָך ברענגען?״ דבורהלען גיט אים דאָס קינד אויפן שויס, ער נעמט עס אַרום מיט גרויס צערטלעכקייט, שאָקלט עס ביים צודריקן צום האַרץ, און ער דערמאָנט זיך דערביי פאַר־דבקהט אַ חסידיש לידל פונעם מונקאַטשער רבין.

דבורה שטייט, שווייגט, טוט עפּעס, און גיט צו זיך אַ זאָג: —

„רעגינאַ! יאָ!״

ז.

# דבורהלע און רעגינאַ

אין די פענצטער קלאַפּט אַ דין דריבנער רעגן, ס׳קייקלען זיך די טראָפּנס אויף די שויבן, ווי טרערן אויף מענטשלעכע באַקן. ס׳איז אָנהויב כסלו, דער אָנהייב פון מלקוש אין ארץ ישראל, דאָס דערמאָנט מנשהען אָן די האַרבסטיקע רעגנס אין זייער נאָסן קבר אַמאָל אין וואַלד, וואו ער און חיימל זיינען געשטאַנען ביזן האַלדז אינעם מוטנעם וואַסער, אַ גליק איז געוועז וואָס די וואָרצלען פון דיביימער וואָס האָבן זיך געשלענגלט האַלב־נאַקעטע און דערגרייכט ביזן גרוב אַריין, האָבן דאָס וואַסער שנעל איינגע־זאַפּט אין זיך. חיימל פלעגט זיך נאָך ווילצלען: — „די ביימער זויפן ווי אמתע שכורים״.

מנשה קוקט אויפן זונעלע זיינעם, וואָס וויל נישט איינשלאָפן, האָט ליב דעם טאַטנס ווייכע שויס מיט די אונטערגעלייגטער, ווייכער וואַרימער האַנט. נאָך מער האָט דאָס קינד ליב דעם טאַטנס שמאַטשקען מיט די ליפּן צו אים און צו די פאַרשיידענע העוויות ביים שפּילן זיך מיט אים, בעת ער, מנשה, כאַפּט מיטן מויל זיינעם דאָס מיטלסטע דין־ראָזע פינגערל פון קינד, וואָס לייכט אַ דורך דער שיין פונעם לאָמפּ ווי אַ לויטערער פּערל. מנשה זיפצט באַלד אָפּ ביים דערמאָנען זיך וואָס די מונקאַטשער האָבן אים אין סיביר דערציילט, ווי אַ נאַצישע סלאָוואַקישע־חיה־רעה, האָט אַרויסגע־כאַפּט זיין עלטסטע שוועסטערס אַ קינד, גרויס ווי זיין שמעונדל, גענומען עס ביי אַ פיסל, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן קעפּל אָן אַ טעלעגראַף סלופּ, עס אַוועקגעשמיסן אַ טויטס צו דער מאַמעס וואַקלדיקע פיס; ווי זי, די שוועס־טער, אינעם ווייטיקדיקן גרויל, האָט דאָס טויטע קינד אירס אויפגעהויבן און יאָמערדיק געשריגן: „קינדער מערדער! רוצחים!״ נאָכדעם האָט זי אויפגעהויבן אַ פויסט צום הימל, געשריגן מיט אַ כאָרכלדיק קול ווי אַ נישט דערקוילעטער אָקס: — „גאָט, וואו ביסטו? וואו האָסטו זיך דאָרט באַהאַלטן? שיק אַראָפּ אַ העליש פייער אָדער אַ מבול און מעק אָפּ אַזאַ רוצחישע וועלט! ווילסט נישט? טאָ פאַרשווינד פון די הימלען, זאָל ווערן פינצטער חושך, ווי אַמאָל אין מצרים!״

דבורהלע ביים דערלאַנגען דאָס עסן צום טיש, דערזעט ווי עס רינען מנשהס טרערן אויפן קינד, פרעגט זי אים: — „חיימל דיינער פאָרט דאָך נאָך נישט אַוועק פון דיר? וועסט צייט האָבן שפּעטער צו וויינען!״ מנשה

פאַרשווייגט דעם שטאָך אירן, טראַכט דערביי צו וואָס זאָל ער זי מצער זיין? זאָל זיין אַזוי".

זי נעמט צו פון אים דאָס קינד, לייגט אים אַריין אינעם וועגעלע מיט די גומענע רעדלעך, שאָקלט אים אַ ביסל, גיט אים אַ ניפּל אין מיילעכל אַריין, און דאָס קינד שמאָטשקעט מיט געשמאַקער שנעלקייט אַז מען הערט דאָס איבער דער גאַנצער שטוב.

נאָכן עסן און בענטשן מיט כוונה, מיט דעם שטייגער פון זיינע אָבות, רוען זיי, ביידע, מאַן און ווייב, אַביסל, קוקן זיך איבער מיט גרויס אַהבה. ער נעמט לייענען די אונגאַרישע צייטונג, וואָס זיי קריגן צוגעשיקט יעדן טאָג פון תל־אָביב. ער לייענט הויך אַז זיין דבורהלע זאָל הערן, ער לייענט וועגן דער קאָרעיאישער מלחמה, די נייעסן פון לאַנד וועגן די איבערפולטע מעברות מיט מיינסטנס מאַראָקאַנישע און אַפריקאַנישע יידן. מנשה, האַ־פּערדיק, זאָגט צו דבורהלע: — „וועסט זען ווי גרויס אונדזער לאַנד וועט נאָך ווערן! וועט באַשיינען און באַקרויגען דעם יידישן נאָמען איבער דער גאַנצער וועלט און אונדזער סאַברעלע צוזאַמען מיט אונדז וועלן נאָך זוכה זיין דאָס צו זען מיט אונדזערע אויגן".

אין דער אַנדערער שטוב, אַקעגנאיבער. ביי חיימלען און רעגינאַ: גלייך נאָכן עסן, לעשט רעגינאַ אויס דעם גרויסן לאָמפּ, צינדט אָן דאָס רויטע לעמפּל וואָס שטייט צווישן ביידע בעטן. זי טוליעט זיך צו צו אים מיט אירע צעהיצטע שמד־שטיקלעך, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט ביים אַרומטליקן זיך פריער מיט די אונגאַרישע הוזאַרן, דערנאָך מיט די דייטשע אָפיצירן. פיגורירענדיק אַלס אַ ריינע, קריסטלעכע אונגאַרן, פלעגט זי אין זייערע אָרגיעס איבערשטייגן אַלע אַנדערע „מיידלעך", אַלס מיטל צו פאַר־דעקן איר יידישן אָפּשטאַם.

זיי אַמפּערן זיך וועגן איר פּאַרקאָכטקייט צו פאָרן קיין אַמעריקע. זי, אין איר זיכערקייט צו באַהערשן אים, ענטפערט אים לאַקאָניש, ווי אַ האַר, — אַ קנעכט. אויף זיינע בעטנדיקע טענות ומענות. דאָס לאַנד נישט צו פאַרלאָזן, נישט צו לויפן זוכן די גליקן פון אַמעריקע, ער טענהט צו איר: — „רעגינישע, פאַרגעס נישט אַז אויף יעדן איינציקן וואָס ווערט דאָרטן באַגליקט זיינען דאָ הונדערטער טויזנטער וואָס מאַכן קוים אויף פּרנסה. אפשר מיט אַ פּאָר שמאָכטעס מער ווי דאָ, אָבער דערפאַר מוזן זיי האַוועון און שמאַיען. יאָגן די נשמה און דאָס לעבן פון זיך אַרויס! דאָ, אין נתניה לעבן מיר אין רואיקייט צווישן יידן. דערצו בין איך שטאַרק אין ספק צי מנשה מיט דבורהלע וועלן מיט אונדז מיטפאָרן נאָכדעם ווי

זיי האָבן דאָ געהאַט אַ קינד וואָס זיי ווילן עס בעסער דאָ דערציען אידער ווידער לויפן צו לעבן מיט און צווישן גויים.

זי צעלאַכט זיך מיט איר פאַרשייטן געלעכטער; האַ! האַ! האַ! דו האָסט מורא טאָמער וועט מנשה נישט מיטפאָרן מיט דיר? מיר אַרט ווייניק אייער צוגעבונדנקייט, כ׳מאַך מיר אַ גרויסן צימעס פון דעם, אָבער גראַדע דבורהלע, ס׳זאָל בלייבן אַ סוד צווישן אונדז, — אָט די שטילע ווי אַ טויב, די דבורהלע, וואַרט שוין ווי אויף משיחן אויף דער מינוט צו זען די וויזעס פאַר די אויגן, צו קענען אַנטלויפן קיין אַמעריקע. זי האָט מיר פאַרטרויליך, ווי צו אַ שוועסטער, געעפנט איר האַרץ, אַז גראַדע מיטן פאָרן קיין אַמעריקע — אין דעם לאַנד פון „יעדער פאַר זיך" — מיטן יאָגן זיך נאָך געלט, וועט אייער צוגעבונדנקייט איינער צום אַנדערן זיך אויסוועפן און מנשה וועט נאָר צו איר געהערן. זי האָסט גאָר צו זען אייער צוגעטוליעטקייט. זי האַלט עס פאַר אַ מין אינפּענטיילישקייט. טאַקע צוליב דעם וועט זי אַפילו מקריב זיין איר גרויס ליבשאַפט צום לאַנד. מנשה איז נישט ווי דו! דו האָסט נאָר ליב מיר אָפּצועסן דאָס האַרץ! ביי אים, וואָס דבורהלע זאָגט איז געזאָגט. איר וואָרט ווערט פאַר אים אַ הייליק געבאָט".

ז.

# דער בריוו פון אַמעריקע

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער קריגן זיי אַ בריוו אַדרעסירט צוביידן, צו חיימלען און מנשהן. גייט דער בריוו צו: מיסטער און מיסעס חיים גראָפ־שטיין און מיסטער און מיסעס מנשה זילבערשטיין. דער בריוו איז פון שוירלין פעלדמאַן. רעגינאַ, וועלכע וואַרט אויף דעם בריוו ווי אויף משיחן לויפט מיטן בריוו צו דבורהלע. לויפנדיק, רייסט זי אויף דעם קאָנווערט מיט אירע לאַנגע, פאַרפוצטע, שטאַרק־רויט־געפאַרבטע נעגל. אירע גרויסע ברוינע אויגן צעפלאַקערט פון נייגיר, לויפן דורך די געשריבענע שורות; אירע געטאָקטע רויט־גערוזשעטע ליפּן באַוועגן זיך תאַווהדיק, ווי זי וואָלט וועלן די ווערטער איינשלינגען אין זיך. ביים אַריינקומען צו דבורהלען, צערודערט, פאַרסאָפּעט, ווייזט זי איר דעם בריוו: — „זע, דאָס איז פון בערלס ווייב, שוירלין".

ביידע זעצן זיך ביים טיש נעבן פענצטער, און זי, רעגינאַ, לייענט הויך: —

— „צו אונדזערע ליבע פריינט, חיים און מנשה און הויך־געשעצטע פרויען, רעגינאַ און דבורהלע, איר וועט מיר אַנטשולדיקן פאַר נישט שרייבן צו אייך ביז איצט, ווייל איך בין געווען פאַרנומען איבערן קאָפּ מיטן איינ־שטעלן מיין הויז לויט מיין געשמאַק נאָך, כאָטש דאָס הויז וואָס מיין אָנקל און טאַנטע האָבן דאָס איבערגענומען פאַר אונדז פון די בעלגיער צוזאַמען מיטן געשעפט און דעם גרעסטן „דזשולערי־עקסטשעינדזש״. דאָס הויז איז געווען זייער רייך איינגעאָרדנט נאָך אַ גויאישן געשמאַק. איז אויך געווען צו אַלט־מאָדיש. האָב איך דאָס אַלץ אַרויסגעוואָרפן ווי אַלט דזשאַנק און גע־קויפט די נייעסטע מאָדערנע פאַרניטשור מיט אַ „האַי־פאַי״־ראַדיאָ און פאָנאָגראַף־קאָמביניישאָן״. אויך דעם נייעסטן טעלעוויזשאָן — די גרעסטע „סייז״, וואָס ווייזט די „פיקטשערס״״ ווי אין אַ „רעגעלער מואווי״. דאָס הויז איז איצט אַ טרוים, אַ „האָליוואוד־פיקטשור״ ווי מען זאָגט דאָ — „ניט פון דער וועלט״. איצט ווען אַלץ איז שוין איינגעשטעלט מיט פאַר־האַנגען און גאַרדינען מיט פערסישע דיוואַנען און שמעטערלינגען־פיקט־שערס״ אויף די ווענט, נעם איך מיר אַביסל צייט אייך אַלץ צו שרייבן, ווי מיין בוירני האָט עס מיך געבעטן צו טאָן. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אַהער, האָט אונדז אָפּגעוואַרט מיין אָנקל און די טאַנטע. זיי האָבן זיך זייער געפרייט מיט אונדז. ביים אַריינזעצן זיך מיט זיי אין זייער אויטאָ, אַ „ברענד־ניו־קעדילאַק״, געטריבן פון אַ שוואַרצן שאָפער מיט מאָדנע ווייסע אַפּלדיקע אויגן. כ׳האָב זיך אַביסל דערשראָקן.

רעגינאַ לייענט און באַלעקט זיך מיט יעדן וואָרט, כאָטש אַ סך ווערטער פאַרשטייט זי ניט. דבורהלע הערט מיט גרויס אינטערעס און וויל וויסן דעם טייטש פון דעם און יענעם וואָרט. נאָר רעגינאַ לאָזט ניט אַז זי זאָל איר איבערהאַקן דאָס לייענען. זי גיט האַסטיק אַ זאָג: — „פרעג ניט קיין קשיות, ס׳איז גוט״. זי לייענט ווייטער. פון דעם בריוו קומט ווייטער אַרויס אַ שילדערונג; שוירלי שרייבט גאַוהדיק מיט אַלע איינצלהייטן.

— „דער אָנקל, נאָכן אויספרעגן מיך וואו ס׳זיינען אַהינגעקומען זיין שוועסטער, מיין מאַמעשי, מיין טאַטעשי און די גאַנצע משפחה, האָט ער אַ שטאַרקן ציי געטאָן פונעם לאַנגן ציגאַר, אַזש דער רויך האָט אָנגעפילט דעם גאַנצן אויטאָ ווי אַ וואָלקן. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען דעם ציגאַר פונעם מויל און האָט אַ שטאַרקן זיפץ געטאָן.

נאָכן פאַנאַנדערעדן זיך מיט בערלען וועגן ביזנעס האָט ער אים געגעבן אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע מיט זיין ברייטער, פעסטער האַנט, אַזש בערל האָט זיך אַ שאָקל געטאָן ווי אַ לולב — האָט דער אָנקל געזאָגט, מיט פריי־

לעבקייט אין זיין שטימע, אַז בערל איז „אָ־קעי״ און אַז ער וועט זיין אַ גרויסער סוקסעס אין דער „דיימאָנט־ביזנעס״ וואָס ער האָט איבערגענומען פון מיסטער גאָלד. ביז ער וועט זען, צי ער, בערל וועט זיך אויסטויגן פאַרן געשעפט. מר. גאָלד איז פאַרן קריג געקומען פון אַנטווערפּן, מיט אַ סך בריליאַנטן און געטאָן ביזנעס מיט דער באַנק, וואו דער אָנקל איז פּרעזידענט. דער מיסטער גאָלד האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. ער איז אָבער, מיט עטלעכע חדשים צוריק, געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע און זיין ווייב, די בעלגיערין, האָט מער נישט געוואָלט דאָ פאַרבלייבן. האָט דער אָנקל געקויפט די ביזנעס פאַר בערל־בוירני. עס אַרבעטן אין געשעפט צוויי גוטע אָנגעשטעלטע שוין פון יאָרן. דער אָנקל איז זייער צופרידן וואָס בוירני, טויג זיך אַזוי גוט אויכ אינעם געשעפט, ווי ער וואָלט שוין דאָ געווען פאַר לאַנגע יאָרן. אָבער ער אַרבעט, נעבעך, זייער שווער. ווען ער קומט אַהיים ביינאַכט קיין לאָנג־איילאַנד, וואו מיר וואוינען, פאַלט ער אַוועק, נאָכן עסן סאַפּער, ווי אַ געהרגעטער, זעצט זיך אַוועק אינעם פּאַרלאָר, קוקט אויף „טעלעוויזשאָן״, שלאָפט און לאַכט. איך באַלאַנג שוין אין עטלעכע קלובן צוזאַמען מיט מיין טאַנטע. אין דער „נעיבאָרהוד־סינאַגאָגע״ שפּילן מיר יעדן טאָג נאָכמיטאָג פאַרשיידענע געימס, ווי „דזשין־ראָמי״, „קאַנאַסטאַ״, „קאָלוקאַ״, „ברידזש״, אַביסל „מאַדזשאַנג״ און אַמאָל „אַ האַט פּאוקער גיים״. ס׳איז זייער אַ פיין לאַנד, אָט די אַמעריקע! מען קאָן קיין בעסערס נישט געפינען אַפילו מען זאָל אויספאָרן די גאַנצע וועלט״.

רעגינאַ לייענט און שלינגט די אַריינגעוואָרפענע ענגלישע ווערטער, ווייל דורך זיי פילט זי זיך שוין ווי אַן אַמעריקאַנערין... דבורהלע צעקייט עס שווערלעך, אָבער אויך זי ווערט מיטגעריסן מיט רעגינאַס עקסטאַז. און אָט קומט דאָס געדיכטע.

שוירלי שרייבט: —

— „בוירניס בוכהאַלטער האָט שוין אַוועקגעשיקט אייערע פּאַפּירן קיין וואַשינגטאָן און גלייך נאָך קריסטמעס, אַזוי אַרום נאָך ניי יאָר וועט איר קריגן די וויזעס מיט שיפסקאַרטן, אַזוי ווי מיר האָבן עס אייך פאַרשפּראָכן. זייט געזונט און פריינטלעך געגריסט, פון מיר און בוירני״.

— „נאָך עפּעס: איך האָב שוין פאַרלוירן, דאַנקען גאָט, צען פונט, ווייל איך גיי מיט מיין טאַנטע צוויי מאָל אַ וואָך אין אַ פענסי „ביוטי־פּאַרלאָר״ און צו אַ מאַסאַזשיסט. ער איז אויך אַ באַרימטער עקסערסייז־עקספּערט, און מיר מאַכן פאַרשיידענע עקסערסייזעס צום טאַקט פון ראַדיאָ. זי, מיין טאַנטע, פאַרלירט יעדע וואָך פון פינף ביז אַכט פונט. אָבער דורך די

וויק־ענדס עסט זי צופיל קנישעס פונעם נייעם קניש־סטאָר אין אונדזער נייבאָרהוד, וואָס זיינען „דעלישעס" און „לאַשיס". האָט זי טראָבל מיטן „רעדיוסן". איר ביידע, רעגינאַ און דבורהלע, מיט אייערע דינע, גראַציעזע טאַליעס און שלאַנקע פיגורן ווי די מאָדעל־מיידלעך, וועט ניט דאַרפן זיך „באַדערן" מיטן „רעדיוסן". איר וועט זיך „אַריינפּיטן" אין דעם „סטייל" פון אַמעריקע „טו עי טי".

ביידע ווייבלעך זיינען געבליבן געפּלעפטע. דער בריוו איז פאַר זיי געווען אַ רוף פון גליקלעכן לאַנד.

טעג לויפן. בערל האָט געהאַלטן וואָרט. די שיפסקאַרטן מיט די וויזעס זיינען אָנגעקומען סוף חודש שבט. רעגינאַ און דבורהלע האָבן זיך אָנגעהויבן צו גרייטן צו דער ווייטער נסיעה. סאיז באַשטימט געוואָרן ביי זיי צו פאָרן אָנהייב חודש ניסן, ווייל ביים אָנהייב פרילינג וועט זיין גינסטיקער פאַרן קינד דורכצומאַכן אַזאַ שווערע, ווייטע רייזע.

חיימל און מנשה גרייטן זיך אויך. אַז די ווייבער ווילן, דערהויפּט רעגינאַ — שטימען זיי איין. אַ ברירה האָבן זיי?

צוליב שעמען זיך פאַרן בעל־הבית, מר נאַטאַניעל בלאַק און פאַר די אַנדערע אַרבעטער אין דער שלייפעריי, באַטראַכט צו ווערן אַלס יורדים, האָבן מנשה און חיימל צוריקגעהאַלטן די נייעס פון זייער פאַרלאָזן ישראל ביז נאָך פורים.

ענדלעך דאַרף מען דערציילן. מנשה איז אַריין אַ שעמעוודיקער, מיט ציטערנדיקע קני, ווי נאָך אַ טיפּוס, צום בעל־הבית, אין זיין קליינער ביוראָ, בעת חיימל איז געשטאַנען ביי דער טיר אַ שווייגנדיקער, זיך גלעטנדיק מיט דער רעכטער האַנט, זיין קורץ, בלאָנד בערדל, ווי ער וואָלט זיך וועלן פאַרשטעלן די אויגן פאַר בושה. מנשה האָט אַ שטאַמלדיקער דערציילט דעם בעל־הבית, אַז צוליב סיבות פאַרפלאָנטערטע וואָס איז וועגן דעם אַ סך צו ריידן, אָבער ס'איז גלייכער צו שווייגן, פאַרלאָזן זיי דאָס לאַנד. די אונטערטע שורה: — „אונדזערע ווייבלעך פּאַקן שוין די געפּעק, מיר פאַרלאָזן אין צוויי וואָכן אַרום, אויף פּסח וועלן מיר אם ירצה השם, שוין זיין אין ניו יאָרק און דאָרטן זאָגן די הגדה של פּסח".

דער בעל־הבית, דער רירעוודיקער אַדון מר. בלאַק שמייכלט ברייטלעך, זאָגט צו חיימלען וואָס איז געשטאַנען ביי דער שוועל: — „קומט אַריין, איר דאַרפט זיך נישט שעמען! זיך שעמען גאָר! האָסטו געהערט אַ מעשה! שעמען זיך גאָר! ער חזרט דאָס איבער אַזוי עטלעכע מאָל, ביז חיימל קריגט

קוראַזש און דערנענטערט זיך צו מנשהן וועלכער איז געשטאַנען ביים ביוראָ־טיש.

אַדון מר. בלאַק פאַרויכערט אַ דין האוואַנער סיגאַרל. אויף זיין קיי־לעכדיק פנים צעגיסט זיך אַ זיס־האַניק־דיקער שמייכל, ביים זאָגן צו זיי: „ס'איז נישטאָ פאַר וועמען און פאַרוואָס זיך צו זשענירן מיטן פאַרלאָזן ישראל, און מיטן פאָרן קיין ניו־יאָרק, גלויבט מיר! ווען מען שיקט אַריין קיין תל־אָביב, אָדער סתם אין דער מדינה, אַ הונדערט טויזנט אַמעריקאַנישע ווי־זעס, וואָלטן זיך קודם־כל, אַפילו די גרעסטע קנאַקערס דאָ, זיך געריסן ביי די קעפּ ווי מאַרק־יידענעס אין מונקאַטשער יאַטקע־געסל, צו קריגן וויזעס, און די וואָס וואָלטן זוכה געווען זיי צו קריגן, וואָלטן געטאַנצט אין די גאַסן פאַר שמחה ווי אום שמחת־תורה און זיך גאַרנישט געשעמט. אַדרבה, די איבעריקע וואָלטן זיי מקנא געווען און נישט פאַרגונען אַזאַ גליק. שעמען גאַר, האַ!"

מר. אַדון בלאַק גיט זיי די האַנט, אויפשטעלנדיק זיך פונעם אַנלען־שטול און ווינטשט זיי אַ גוטע רייזע מיט געזונט און הצלחה. ער זאָגט — „איר וועט אַוואַדע אַרבעטן אין צירונג־גאַס אַרום די צוויי דימענטן־בערזשעס וואו איך האָב דאָרטן מיינע בעסטע קליענטן. ס'קאָן זיין איך זאָל דעם זומער זיך אַריבערכאַפּן דאָרטן אויף עטלעכע וואָכן, וועל איך אייך באַ־שטימט אויפזוכן".

ס'איז זיי עטוואָס לייכטער געוואָרן אויף זייערע שווערע הערצער ביים זאָגן „אַ גוטע נאַכט" צום בעל־הבית. זיי האָבן זיך אָבער געשעמט ביים אַהיימגיין פאַר יעדן ביימל און פאַר די ווייסע הייזלעך.

ח.

# די שיף פאָרט אָפּ פון חיפה

ביים שטיין אויף דער שיף אין חיפה, אַנגעלענט ביים ווייסן פאַרענטש, איז זיי אַלעמען באַפאַלן אַ טיפע בענקשאַפט צום לאַנד וואָס זיי פאַרלאָזן איצט און דערהויפּט נאָך זייער שטילער שיינער נתניה. ביי רעגינאַ האָבן זיך געקייקלט צוויי שנירלעך זילבער־טרערן. ווי אין דער בלישטשענדיקייט פון דער זון אויף אירס מאַט־בלייכע אָוואַלע באַקן, האָבן די טרערן שימע־רירט ווי לויטערע אָריענטאַלישע פערל.

וואָס ווייַנט רעגינאַ? זי האָט זיך דאָך געריסן צו פאָרן! אָבער מיט אַזאַ אימפּולסיווער פרוי איז שווער צו האַלטן חשבון... זי קען וויינען און לאַכן צוזאַמען, אַזוי ווי זי קען ליבן און האַסן צוזאַמען...

מנשה און חיימל זיינען געשטאַנען פאַרטרויערט ווי אַבלים, קוקנדיק אויף דער הערלעכער שיינקייט פונעם הר און הדר הכרמל, עס האָט זיי געדאַכט אַז פון די געל, ווי באַגולדעטע שטיינער דאָרטן, שרייט מען זיי נאָך: — יורדים! יורדים! אויך אין דעם פייפן פון דער שיף ביים פאַר־לאָזן דעם חיפה האַפן, וואו אין דעם זשומען פון די שיף־מאָטאָרן, האָבן זיי געהערט די בושהדיקע עכאָ געשרייען: — יורדים! דאָס האָט נאָך שווערער געמאַכט זייערע צעוויטיקטע הערצער.

ווען די שיף האָט זיך לאַנגזאַם אָוועקגעגליטש פון דעם ברעג, זיינען זיי אַלע אַרונטער מיט די טרעפּ צו זייערע קאַיוטן אין שוויגנדיקער שטיל־קייט, ווי שטומע. ביים אַריינקומען אין זייערע קליינע חדרים מיט די קיילעכ־דיקע פענצטערלעך צום ים אַרויס, האָט רעגינאַ אימפּעטיק אַרונטערגעוואָרפן פון זיך איר רויטלעך לייכטן איובער־מאַנטל און אירע רויטע שיכלעך. זי האָט זיך אַ וואַליע געטאָן אויף איר אונטערשטן שמאָל, הילצערן בעטל און אַלץ געווישט אַ טרער נאָך אַ טרער.

חיימל האָט זיך פּאַמעלעך געשאָקלט ביים זיצן אויף דער הילצערן־ברוינלעכער שטול. ער האָט געקוקט מיט באַוועגלעכע, טרויעריקע אויגן צום רונדיקן פענצטערל אַקעגן, וואו ער האָט מיט גיריקע בליקן נאָכגעקוקט די פאַרביילויפנדיקע סילועטן פון די חיפהער הייזער וואָס זיינען ווי נאָכגע־שוואומען נאָך דער שווימנדיקער שיף.

ס׳איז שוין געווען פאַרנאַכט. די פאַרגייענדיקע זון האָט זיך אין איר פייערדיקער רויטקייט געשפּיגלט אינעם ליכט־פאַלנדיק ים־האָריזאָנט. פאַסן ליכט זיינען געפאַלן אויף חיימלען און אויף רעגינאַס לייב־קאָליר, נאַילאָן־זאָקנדיקע פיס. ביים אויפכאַפּן זיך פונעם שטול, ווי פון אַ חלום, צום דאַוונען מנחה, האָט ער נישט געקענט אָפּרייסן זיינע פאַרבענקטע, טרויעריקע אויגן פון רעגינאַס בלייך פּנים, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון איר צעשויבערטן שוואַרץ־לאָקנדיקן קאָפּ מיטן ברייט הויכן געטאָקטן שטערן. אין איר לייכט אומרואיקן דרימל האָט זי זיך געדרייט שלאַנגיק אויף אַלע זייטן, און ביים אַריינציען איין פוס, האָט זי דעם אַנדערן פוס אויסגעצויגן — אַ נאַקעטן איבער איר וויס־ראַזער קני. ער האָט שטיל, אויף די שפּיץ פינגער אַרונטערגעצויגן דאָס ווייסע ליילעך פון זיין אויבערשט פאַרבעט־בעטל און מיט פאַרליבטער לייכטקייט צוגעדעקט איר נאַקעטקייט. ער האָט

מיט פרומער געצוימקייט איינגעהאַלטן זיין ברענענדיקן באַגער אויסצוקושן אַלע אירע גלידער. ביים דערזען די פינקלדיקע שטערן האָט ער שטיל, שעפּטשענדיק, זי נישט אויפצוועקן געדאַוונט מעריב. ער איז לאַנג געשטאַנען ביי דער שמונה־עשרה מיט צוגעמאַכטע אויגן און געחלומט חלומות ביז ביידענס אויפכאַפּן זיך ביים דערהערן דאָס קלינגען פונעם גלעקל אינעם שמאָלן שיפס־קאָרידאָר. דאָס האָט מען גערופן די פּאַסאַזשירן צום נאַכטעסן.

רעגינאַ, דערפרישט, טראָץ דעם אומרואיקן דרימל, איז אַרונטער פונעם בעטל מיט שטיפערישער לייכטקייט, ווי אַ יונג מיידל. זי האָט געקוקט אין דער האַלב־פינצטערער שאָטנדיקייט אויף איר חיימלען מיט יונג־ווייברישער גלוסטונג. זי האָט ביים אַרונטערוואַרפן פון זיך דאָס צעקנייטשטע קליידל זיך דערמאָנט אָן אירע שפּילערייען, די אַמאָליקע, מיט די אונגאַרישע סטודענטן אין די וועלדלעך אַרום בודאַפּעסט. זי האָט אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל ביים וויסן וואַש־באַסין, האָט געקוקט אינעם שפּיגל אויף איר גלאַטן האַלדז און נאַקן, אויף אירע נאָך האַרטלעך פּאַרקיילעכטע קליינע ברוסטן מיט זייער פרישקייט, ווי רייפע עפּל אויף אַ יונגביימל אין מיט־חודש אלול. זי האָט זיך געוואַשן מיט קאַלט וואַסער, ביים אויפדרייען דעם קאַלטן קראַן צום האַסטיקן לויפן. ביים ווישן זיך מיטן האַנטוך דאָס ראָזע לייב מיט הנאהדיקייט, האָט זי אונטער געברומט מיט איר אַלטאַ־שטימע אַ ציגיינעריש ראָמאַנסן־לידל פון די בודאַפּעסטער נאַכט־קאַפעען. זי האָט זיך שנעל פאַרקעמט איר הויכע פריזור, האָט איבערגעטאָן זיך אין איינעם פון אירע קליידלעך פון פּורפּור־קאָליר, מיט די בלויע „פאַרגעס־מיך־נישט" בלימעלעך, האָט אָנגעטאָן איר שנירל פּערל אויפן האַלדז מיט די לענגלעכע פּערל־אוירינגלעך. חימל האָט זיך פאַרקעמט זיין קורץ בערדל. האָט איבערגעטאָן זיך אין זיין פאַרקירצטן שוואַרץ יום־טובדיקן ראָק, אַ וויס געפּרעסט העמד מיט אַ שוואַרצן שניפּסל, וואָס האָט בולטער אַקצענטירט זיין העל־לויטער געזיכט און הויך רונדיקן שטערן מיט די העל־בלויע אויגן. ביים אויסלעשן דאָס עלעקטריש לעמפּל פון זייער קאַיוטע האָבן זיי זיך ליבלעך צעקושט פאַרן אַריבערשפּרייזן די הויכע שוועל. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי מנשהס און דבורהס קאַיוטע אַקעגן זיי, צו גיין צוזאַמען עסן.

דבורהלע מיט מנשהן האָבן זיך אַנטשולדיקט פאַר זיי, אַז זיי האָבן שוין באַשטעלט ביים קאָרידאָר־באַדינער צו ברענגען פאַר זיי אַ לייכט עסן פון דער כשרער קיך. איבער דער אומרואיקייט פונעם קינד, זאָל לעבן, ווילן זיי עס נישט איבערלאָזן אַליין. „אם ירצה־השם, מאָרגן, וועלן מיר שוין

עסן צוזאמען". מנשה האט פארענדיקטביים ווינטשן זיי א גוטן אפעטיט: — „סיי ווי ליגט אונדז נישט אין קאפ דאס גאנצע עסן".

ביים צוקומען צו זייער באשטימטן טיש, נומער 18, טרעפן זיי זיצן א פארל שוין עסנדיק די הינערשע זופ מיט לאקשן. זיי הייסן: אדון און מרת. ברזל. מיטליעריקע מענטשן, תושבים פון ירושלים וואס פארן שוין צום צווייטן מאל קיין אמעריקע אלס לערער אין א גרויסע, מיטל־מערבדיקער שטאט, זיי דענקען צו פארבלייבן דארטן פאר עטלעכע יאר און זיך צוריק אומקערן קיין מדינת ישראל.

חימל און ספעציעל רעגינא, זיינען געווען זייער צופרידן, וואס איבער דער צייט פון זייער רייזע וועלן זיי קריגן ערשט־האנטיקע באקאנטשאפט מיט דעם לאנד אמעריקע, דאס לאנד פון רעגינאס טרוימען. דערצו האט דער מאן, ברזל, שטארק אויסגענומען ביי רעגינאן גלייך ביים ערשטן בליק אויף אים מיט זיין שטארק מענלעכן אויסזען.

נאכן עסן האט זיי אדון ברזל איינגעלאדן פאר א שפאציר אויף דער שיפס־פראמינאנדע. די נאכט — א לויטער שיינע, מיט איר טונקל בלויען הימל, מיט מיליאנען פינקלדיקע ווייס־זילבערנע שטערן. נעבן די דריי ארויסשיינענדיקע שטערן ווי א דריי פינטלדיקער שלשלת, שפיגלט מיט העלער גלאנציקייט ווי אן אילומינאציע פון א פאנטאסטיש מיסטעריעזער וועלט — דער אייביקער מארגן־שטערן. איבער דער רואיק שווימנדיקער שיף זעט דער הימל אויס ווי א קופאל געפאסט מיט בלישטשענדיקע בריליאנטן. ביים מערבדיקן האריזאנט זעט זיך נאך א לאנג רויטלעכער שמאלער פאס פון דער שוין טיף־אונטערגייענדיקער זון, ווי זי וואלט זיך באדן דארטן אין די טיפענישן פונעם ים. די הערלעכע קאלירן מיניען זיך צווישן דער הימל־בלויקייט און דער טונקעלער ים־גרויקייט באצירט מיט דער ווייסער כוואליעדיקער שוימקייט, וואס דא און דארט זעט אויס ווי ווייסע פראנזן; א מאט־רויטלעך ליכט פון א וויטן ים־טורעם פינקלט צאנקענדיק־שטיפעריש ווי פארפירערישע וואונקען פון א ים־נימפע. אן עכא פון א גלאקן געקלאנג; נאכטיקע שטילקייט פון די וועג־וויזער אויף די שטיינערדיקע סקאלן, א סימן אז די שיף, זאגט אדון ברזל: — „איז נישט צו וויט נאך אוועק פון די ישראלדיקע ברעגן".

אין א ווינקל אויף דער אונטערשטער דעק זיצן עטלעכע איטאליענישע מאטראזן, זיי זינגען נעאפאליטאנישע לידער מיט טיף־לירישע בענקשאפטן נאך זייערע פארשוואומענע ראמאנסן אין די ווייטע וועלט־פארטן.

די ערשטע צוויי טעג זיינען זוניק־לויטערע, מילדע, ביז די שיף איז

אַריינגעקומען אינעם עגעאישן ים־פּאָס פאַרביי די גריכישע אינזל־בערג, די אינזלען האָבן געשמעקט מיטן פרישן פרילינגס־אַראָמאַט פון דער העלער גרינלעכקייט פון די באַוואַלדיקטע משופּעדיקע שטרעקעס. זיי האָבן רעפּ־לעקטירנדיק זיך געבאָדן פאַרביי דער שווימנדיקער שיף אין דעם לויטערן וואַסער — אַ וואַסער, וואָס איז אַזוי ווי ריינער קרישטאָל! רעגינאַ איז ווי פאַרכשופט געוואָרן פון דער צויבערדיקער לאַנדשאַפט. אַלץ האָט זיך פאַר איר בליק געמיניעט און שעמערירט אינעם לויטערן ים ווי אַ פאַרכאַפּטער לויטערער טייך. זי האָט געזען עקזאָטישע פּאַלאַצן און הערלעכע גערטנער זיך טוקן און טויכן... אַזוי האָט זיך איר געדאַכט אין איר פאַרלוירנקייט פאַר דער אַנטציקנדיקער שיינקייט, האָט זיך איר געגלוסט אַריינצושפּרינגען אין די כישופן איבערן ווייסן שיפס־באַריער. אירע ווייס־געטאָקטע אַקסלען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזען פון איר זומערדיקע דעקאָלטירט־באַטיסטן קליידל, האָבן געצוקט מיט עקסטאַזישן ציטער. עפּעס אַ מיסטישע גלוסטונג האָט זי געצויגן אַריינצושפּרינגען אין די אויסטערליש־אויסגעחלומטע פּאַלאַצן.

חיימל אין זיין טיף אינסטינקטיווער ליבשאַפט צו איר, האָט עפּעס דערשפּירט די לויערנדיקע געפאַר... אַזוי האָט ער מיט זיינע דלאָניעס פון הינטן פאַרדעקט אירע אויגן ווי אין אַ טרעף־שפּיל „צו טרעפן ווער דאָס איז?" ער האָט זי אַ נעם געטאָן דערנאָך ביי איר רעכטער האַנט ווי אַ בלאָנדזשנדיק קינד, זי אַוועקגעפירט אויפן דעק. זי האָט קינדיש ליבלעך געשמייכלט צו אים. אירע גרויסע אויגן, די צעפלאַמטע, מיטן אָפענעם קליי־נעם מויל, ווי אין פאַרגאַפטקייט, האָט אים געוויזן אַז זיין מורא פאַר אַן אָנ־געשטאַנענע געפאַר איז נישט געווען קיין אומזיסטע. זי האָט זיך פאַר אים מודה געווען נאָכן קומען צו זיך, נאָכן אַרומקרייזן עטלעכע מאָל מיט אים אויף דער אָפענער שיף־פּראָמענאַדע. זי האָט צוגעגעבן „אַז זי האָט געוואָלט אין איר אַנטציקטקייט פון דער אויסטערלישער ים־פּאַנאָראַמע אַריינשפּרינ־גען אין אָט דער הערלעכער צויבערדיקער שיינקייט". און זי האָט אַ פריי־דיקע, קוקנדיק אויף די מיט זון פאַרגאָסענע בערג, אים געוויזן מיט איר אויסגעשטרעקטע האַנט: „אָט, זעסט? דאָרטן אויף דעם באַרג האָט האָמער, דער געניאַלער גריכישער דיכטער געשריבן די איליאַדע..."

רעגינאַ מיט אַ געמיש פון געפילן, עמאָציעס און איינדרוקן, האָט נאָך, פון צייט צו צייט, געהאַט אין זיך עכאָס פון אַמאָליקע קלאַס־לעקציעס.

ס'איז זיי אָקעגן געקומען אַדון ברזל מיט זיין פרוי, אָנגעטאָן אין זיי־ערע ספּאָרט קליידער. זיי האָבן לאַנגזאַם שפּאַצירט איבער דער אויבערשטער דעק פון דער ערשטער קלאַס. אַדון ברזל האָט דאָרטן זיך געטראָפן מיט

עטלעכע פון זיינע ישראל־באַקאַנטע. דאָס רוב — הסתדרות־שליחים פון דער אַלטער גוואַרדיע. זיי פאָרן קיין אַמעריקע ווייל זיי דאַרפן צושטעלן די נאַציאָנאַלע סענטימענטן, די נויטיקע וויטאַמינען צו די אַמעריקאַנישע געלט־קאַמפּיינען, ברזל האָט זיך אויך יידישלעך באַגריסט מיט עטלעכע רבנים־שליחים וואָס פאָרן קיין אַמעריקע צו די פרומע געלט־קאַמפּיינען.

זיי זיינען אַלע אַריינגעגאַנגען אינעם קליינעם באַר־זאַל, דעם אויסגע־פּוצטן מיט מאַלערייען און מיט איטאַליענישע גיפּס־סטאַטועז פון מלאכים מיט פליגלען. עטלעכע מוזיקאַנטן האָבן מיט האַלב פאַרשלאָפענער מעכאַ־נישקייט געשפּילט קאַמער־מוזיק פאַרן מיטאָג עסן. אַדון ברזל האָט זיי מכבד געווען מיט גלעזלעך איטאַליענישן ווערמוט און זיי האָבן פריילעך געפּלאַפּלט מיט רואיקער געמיטלעכקייט פון די שיפס רייזנדיקע, ביז זיי האָבן ווידער דערהערט דעם קלינגנדיקן רוף צום מיטאָג־עסן.

ביים אָנקומען אין האַפן פון גענואַ האָט מען אַלע פּאַסאַזשירן פון דער קליינער איטאַליענישער שיף „ציצעראָ" וואָס זיינען געקומען פון חיפה, געגבן די ערלויבעניש, אויף אַכט שעה צייט צו גיין זען די שטאָט ביז מען וועט אויסלאַדן און איבערלאַדן די באַגאַזשן אויף דער גרויסער שיף „גאַרי־באַלדי". יענע שיף וועט זיי פירן איבערן אַטלאַנטיק קיין ניו יאָרק.

רעגינאַ מיט אַדון ברזל און זיין פרוי שושנה, זיינען געגאַנגען צוזאַמען אין שטאָט אַריין. חיימל איז געבליבן מיט מנשהן און דבורהלען אינעם וואַרט־זאַל. זיי האָבן זיך ניט געוואָלט אַרומשלעפּן מיט אַ קליין קינד אין אַ ווילד־פרעמדע שטאָט.

אַדון ברזל און זיין פרוי וואָס זיינען געווען באַקאַנט מיט דער אַלטער שטאָט גענואַ, האָבן רעגינאַן געוויזן דעם גרויסן מאָדערנעם ניי־געבויטן בולוואַרד מיט די בלומען־קוסטן, מיט די ווייס־ראָזעווע קאָלירן אינעם מיטן, וואָס ציען זיך פאַר צענדליקער מיילן. מיט די שטיינערנע ווענט ביי די זייטן מיט זייערע הערלעכע ליניעס, קאָנטורן, וואו אין די שטיינערנע מויערן זיינען אויך אויסגעהאַקט די בילדער, סקולפּטורן פון מוסאָליני און זיינע שמשים אַן אָטעם פון די אַמאָליקע אַנטיקן, וואָס זענען באַהויכט מיט רוי־מישע ראָמאַנטיק. רעגינאַ ווערט פון דעם אַלעמען שטאַרק באַווירקט. איר פנים שיינט מיט אַזאַ אָפענער ליכטיגקייט ווי די אומגעבונג אַרום. פון בולוואַרד זיינען זיי אַריין אין צענטער פון דער אַלטער שטאָט, מיט אירע אַלט־רוימישע הויכע קאָלאָנען־טראַטואַרן; אַרום די געוועלבער פאַרשיידענע אָפענע קאַפעען. אין איינער אַזאַ קאַפע האָבן זיי געטרונקען אין די קלייך־פאַרצעלייענע „דעמי־טאַס"־שאָלן, אייניקע שאָלן באַפּוצט מיט פיגורן פון

פּרינצן און טרובאַדורן. אַזאַ געדיכטע זיסע קאַווע מיט געדיכטער סמעטענע און מיט קליינע זיסע געבעקסן שמעקענדיקע פון אַנאַנאַסן.

ביידע ווייבלעך, שושנה און רעגינאַ האָבן זיך איינגעהאַנדלט זיידענע העל־קאָלירטע קאָפּטיכער, פּאַטשיילעס וואָס זיי וועלן טראָגן אויף זייערע שפּאַצירן אויף דער שיף, אויף דער פּראָמענאַדע. רעגינאַ האָט איין פּאַטשיי־לע אויך געקויפט פאַר דבורהלען. די שיף „גאַריבאַלדי" האָט פאַרלאָזט דעם אַלטן גענוע־האַפן אין די פאַרנאַכטיקע שקיעהדיקע שעהן. איר אייגענע ווייסקייט מיט דער ווייסקייט פון די ווייסע מעוון די נאָכפליענדיקע, האָבן זיך געררויטלט אין די פּאַסן רוים־ליכטיגקייט פון דער אונטערגייענדיקער זון אַ קעגן די ווייסע פרישע זויבערקייט פון דער שיף מיט די צוויי רויט געפאַרבטע קוימענס האָט אָפּגעשיינט ווי אַ סלאָוואַקישע כלה אין איר ווייסן חופּה־קלייד מיט רויטע סטענגעס אַרום איר קאָפּ, אינעם דמיון פון דער עמאַציאָנעלער רעגינאַ.

דאָס פייפן פון דער שיף אין דער בין־השמשותדיקייט צווישן די אַלט גרויע שיפן אַרום, האָט אָבער פאַר חיימלען גאָר אָפּגעהילכט ווי אַ פאַר־שייטע גרויס־האַלטעריי קעגן די קבצנדיקע אַלטע שיפן אַרום. יעדער זעט זיינס, און יעדער נעמט אַ זאַך אַנדערש אויף.

די שיף האָט זיך געגליטשט מיט אַ פעסטער זיכערקייט פון די שטיל־כוואַליקע ברעג־וואַסערן, אַלץ טיפער און ווייטער צו באַגעגענען די שטורמי־שע כוואַליעס פונעם בייזן, טיפן אַטלאַנטיק.

דעם ערשטן טאָג, דעם זוניקן, צומאָרגנס: דער בלאָער הימל האָט זיך געשפּיגלט אין דעם אַקוואַמאַרינאַ־קאָליר פונעם ים; דער ווייסער וואַסער־שליאַך, דער שוימיקער וויט־לאַנגער, האָט זיך געצויגן הינטער דער שיף ביזן וויטן־פאַרקיילעכדיקן האָריזאָנט — זיך געצויגן ווי אַ מיסטעריעזער שליאַך, אָדער גאָר ווי אַזאַ מאָדנער עק פון אַ לויתן־באַשעפעניש. אַלץ האָט אַרומגענומען אַלע פּאַסאַזשירן מיט אַ האָפערדיקער פריידיקייט. רעגינאַ און שושנה, אין לייכטע זומער־קליידלעך, מיט די איטאַליענישע פאַרביקע טיכער אויף זייערע קעפּ, האָבן מיט פריידיקער שטיפערישקייט, ווי דערוואַקסענע קינדער, אַרומגעשטיפט דעם גאַנצן פרימאָרגן אין וועט־געלויפן אַרום דער שיפס ברייטע דעקן. ביי די ווענט, אויף די לאַנג אָנלען־שטולן, זיינען גע־לעגן מידע מענטשן צוגעדעקט מיט טונקל־בלויע דעקן, ווי אויפשטייענדיקע קראַנקע אין שפּיטאָלן. צווישן זיי איז אויך געווען דבורהלע מיט מנשהן וואָס האָבן זיך אויף די אָנלען־שטולן אַרומגעפּאָרעט מיטן קינד זייערס.

אַדון ברזל און חיימל האָבן געשמועסט צווישן זיך און נאָכגעקוקט נאָך די שטיפערייען פון זייערע ווייבלעך.

נאָכמיטאָג, האָט אַדון ברזל געשפּילט ביים שפּיץ פונעם שיפס־דעק מיט רעגינאַ און זיין ווייבל אין „שאַפלבאָרד", געשפּילט מיט די רויט און גרין הילצערנע לאָפּעטקעס, ווער עס וועט וואַרפן די פלאַך־קיילעכדיק גע־פאַרבטע רעדלעך צו די אָקעגנאיבערדיקע גרעסערע נומערן פון ניין און צען.

צום נאָכטיקן עסן איז רעגינאַ געקומען אויסגעפּוצט ווי צו אַ באַל־טאַנץ. אין זייער שפּעט־נאָכטיקן שפּאַציר, נאָכן שפּילן אין „בינגאָ" און אויך אין די הילצערנע פערדלעך־געוועטן — אַלע שפּאַצירן — אַלע דריי פּאָרלעך — האָבן זיי באַגעגנט, אין די זייטיקע באַהעלטערלעך פון די שיפס־דעקן, די שפּילנדיקע, צוגעדריקטע פּאָרלעך אין פאַרגייענדיקע ליבעס־עקסטאַזן. אַפילו די ליכטיקע שטערן האָבן זיך געשעמט זיי צו שטערן. רעגינאַ איז זיי מקנא געווען און אַ בלאַסע זיך געטוליעט צו איר חיימלען...

אויף צו מאָרגנס האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער שטורעם מיט אַ שלאַקס־רעגן וואָס האָט געבויגן די שיף אין אַלע זייטן, זי געוואָרפן ווי אין קדחת. אַלע דעקן־פּראָמינאַדן אויך די אינעווייניקסטע קאָרידאָרן און די שטיגן זיינען געווען געבונדן מיט דיקע שטריק, אָנצוהאַלטן זיך ביים אַרומגיין. אַלע אָנלען־שטולען האָט מען פונאַנדער גענומען און צוגעבונדן צו די ווענט מיט שטאַרקע שטריק.

די שוואַרצע ים־כוואַליעס מיט די ווייסע קעפּ, ווי ים־וועלף, האָבן זיך געהויבן ביז די אויבערשטע דעקן; זיי האָבן געזעצט און געקלאַפּט אין די פאַרשרויפטע פענצטער און טירן, ניט נאָר ווי חיות, נאָר ווי ווילדע שדים, ווי זיי וואָלטן וועלן איינשלינגען די שיף און פראַווען אַן אָפּגרונטיקע סעודה כיד השדים... טעלער, פלעשער און גלעזער האָבן געקראַכט פון די טישן אין די עס־צימערן טראָץ די שוץ־האַלטערס פון די טישן און טראָץ דער צוגעשרויפטקייט פון די טישן מיט די שטולן. אַ העל־הילצערנע פּיאַנאָ אינעם קאָנצערט זאַל איז געפלויגן פון איין וואַנט צו דער אַנדערער מיט אַזאַ ראַפּטומדיקן אימפּעט ווי דורך דער קראַפט פון אַ נישט־גוטן. די רוב פּאַסאַזשירן זיינען געלעגן אין די בעטן צעשראָקענע מיט צוזאַמענגעצויגענע פּנימער ווי האַלבע מתים. אַ סך ברעכן מיט דער גרינער גאַל אין שווערע אַנגסטן אין זייערע קאַיוטן־בעטן. אויך די וואָס שטאַרקן זיך און קריכן אַרום אין די קאָרידאָרן און אויף די טרעפּ, האָבן אויסגעבראָכן זייערע געגעסענע מאָלצייטן און האָבן פאַרעיפּושט די לופט אַרום מיט זייערע ריח־

ניחוחדיקע געשטאַנקען. טייל פּאַסאַזשירן האָבן זיך מיט עקשנותדיקער־אַנגסטקייט, דערשלעפּט צו אָפענע שיף־דעקן צו אָטעמען די דערפרישנדיקע ים־לופט. די שיפס־באַדינער האָבן געאַרבעט ווי די בינען אַלץ צו פאַרדעקן מיט זעגעכץ און געלן זאַמד, ביים אויסקערן די קאָרידאָרן און די טרעפּ פון די אויסגעבראָכענע עסנס.

אַדון ברזל, דער געניטער רייזנדער, ווי אַן אַלטער מאַטראָז, איז געווען דער איינציקער ביים טיש אין עס־צימער וואָס האָט געגעסן נאָך מער ווי אַלע מאָל, אַן קומער, און איז גאַווהדיק געגאַנגען באַזוכן זיינע באַקאַנטע מיטפאָרער פון חיפה אין זייערע קאַיוטן, געברענגט זיי פּאָמעראַנצן און לימענעס.

רעגינאַ מיט חיימלען זיינען געלעגן אין זייערע קאַיוטן־בעטלעך מיט קאָפּ־ווייטיקן און שווערע איבלדיקייט, און אויסגעזױגן האָבן זיי אַליין ווי די געלע לימענעס וואָס ברזל האָט זיי געבראַכט.

רעגינאַ האָט זיך פאַרשעמט פאַר ברזל, טראַץ זיינע קאָמפּלימענטן, אַז זי שיינט אין איר געלער־בלאַסקייט ווי אַן אָריענטאַלישע פּרינצעסין. דערביי האָט ער ווי אַ „העלד״, נישט פאַרגעסן זיין לערערישע לעקציע, „אַז די ים־קראַנקייט איז מער אַ פּסיכישע — אַן אונטער־באַוואוסטזיניקע מורא פאַרן טויט, ווי אַ ריין פיזישע, אַ ראיה״ — דרשנט ער צו זיי: — „אַז יונגע קינדער ווייסן נישט לגמרי פון אָט דער ים־קראַנקהייט״ און מיט באַשיידענער ענווּת, האָט ער זיי דערציילט: — „איך האָב נאָך נישט פאַרפעלט קיין איין מאָלצייט אינעם עס־זאַל, וואָס איז פאַרלאָזט און ליידיק ווי אַ פּוסטע קרעטשמע״.

אויף צומאָרגנס נאָכמיטאָג, איז דער הימל נאָך געווען האַלב גרוי. אָבער שוין דורכגעוואָרפן מיט בלויע אויפלייכט־פלעקן ביי די זייטן פונעם האָריזאָנט דעם קיילעכדיקן; גאַנצע טשאַטעס מעוועס האָבן זיך נאָכגעצויגן מיט שטיל אויסגעצויגענע, שטייפע פליגלען, ווי הילצערנע קינדישע שפּיל־צייג־עראָפּלאַנען. זייער נאָכפליען היגטערן שיפס ווייס־שוימיקן שליאַך — אַ צייכן פון די נישט ווייטע אירלענדישע ים ברעגן.

אַ לאַנגע ריי פון פישער־שיפן האָבן אויסגעזען פון דער ווייטנס, אינעם דינעם נעפּל, ווי שוואַרצע מיסטעריעזע סילועטן. דער ים שוין אַ באַרואיקטער מיט זיינע קליינע כוואַליעס וואָס האָבן זיך איצט געמיניעט מיט אַ שוואַרץ־גרינלעכקייט און מיט אַ דין ווייסער באַשיומטקייט, האָבן זיך געהוידעט אין דער ברייט, ווי אַ מידע אויסגעמאַטערטע, נאָכן נעכטיקן ווילדן שטורעם, די לאַנגע אָנלען־בענק זיינען ווידער אויסגעשטעלט ביי די ווענט

אַרום, וואו די קראַנקע און אָפּגעשוואַכטע זיינען געלעגן אין זייערע נו־מערירטע שטולן מיט די הענגענדיקע קישנס. די דעק־באַדינער האָבן זיי צוגעדעקט מיט די וואָלענע קאָלדרעס. אַ טייל זיינען שוין שפּרינגענדיקע אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ און זיי שפּאַצירן שוין אַרום ווי קיין זאַך וואָלט מיט זיי געשען.

ס׳באַווייזן זיך לויטערע פּאַסן ליכט ביי די הימל־ראַנדן, די זון האָט זיך אָפּירגעריסן פון די שווערבנדיקע ווייס־גרויע וואָלקנס; אַ מילד פּרילינג ווינטל, האָט געבלאָזן אויף די דעקן. די באַדינער האָבן צוגעטראָגן צו אַלע ליגנדיקע אויף די שטולן, פריש־שמעקנדיקן הייסן בוליאָן, מיט דינע מצהלעך פיר עקיגע, און מיט זיסע קיכלעך וואָס דערפרישן די ליגנדיקע און די שוין שפּאַצירנדיקע אַרום די פּראָמינאַדן אויף אַלע זייטן. אַ טייל פון די יינגערע הויבן שוין אָן צו קריכן אויף די שטיגלעך מיט די באַהאָנגענע מעשענע בלעכן, וואָס פירן צו די העכסטע ערשט־קלאַסיקע דעקן. ס׳איז ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע נישט געבליבן מער קיין סימן פון די נעכטיקע שטריק אַרום די קאָרדיאָרן און דעקן. אַלץ איז באַפרייט. אַ מאָדנע באַ־פרייאונג, וואָס דעם טעם פון דעם קען מען נאָר פילן אויף אַ שיף נאָך אַ שטורעם.

רעגינאַ, מיטן אַרומגעבונדענעם זיידענעם שאַל אַרום איר קאָפּ, ווי אַ טערקישן טורבאַן האָט ליבלעך געשמייכלט ביי אַדון ברזל אָפּשטעלן זיך ביי איר ליג־שטול. זי האָט אים פאַרזיכערט: — „היינט, צום נאַכטיקן עסן וועלן מיר אייך שוין נישט לאָזן זיצן אַליין ווי אַן איינזאַמער העלד נאָך אַ ים־שלאַכט״. אַדון ברזל ענטפערט: — „אייער זיצן ביים טיש, מאַכט די מאַכלים מער אַפּעטיטלעך״. רעגינאַ האָט פאַרנייגט איר קאָפּ מיט איידעלער גראַציעזקייט און אים באַדאַנקט פאַרן קאָמפּלימענט.

די איבעריקע עטלעכע טעג זיינען געווען זוניק־לויטערע, מיט קילע ענדע־מערץ ווינטן. רעגינאַ מיט חיימלען, אַדון ברזל מיטן ווייבל, האָבן צוזאַמען, ווי שוין אַלטע באַקאַנטע, פאַרבראַכט די טעג און די אָוונטן. זיי האָבן אַ סך גערעדט צווישן זיך וועגן אַמעריקע און מדינת ישראל, אַדון ברזל האָט זיי דערציילט פון זיין קומען פון פוילן פון אַ חסידישער פאַמיליע, קיין ארץ ישראל אין די שפּעט־דרייסיקע יאָרן. פריער אַלץ חלוץ, גורדוני־שער, נאָכדעם געלערנט אינעם ירושלימער אוניווערזיטעט פּעדאַגאָגיק און פּסיכאָלאָגיע; איז געווען לערער אין די מפא״י מיטל־שולן. נאָכן אויפקום פון דער מדינת ישראל איז ער געשיקט געוואָרן ווי אַן אָנפירערנדיקער לערער אין אַ ניו־יאָרקער העבראישער שול, דערנאָך אין אַנדערע, גרויסע

שטעט פון אַמעריקע. וואָס שייך מדינת ישראל, זעט ער פאָרויס אַ גרויסע, גלאָררייכע צוקונפט און אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן זיך מיט די אַרומיקע אַזיאַ־טישע און אַפריקאַנישע פעלקער ווי אַן אור לגוים! — „אָבער דאָס וועלן מיר האָבן צו באַדאַנקען די גרויסע נאָרט־אַמעריקאַנישע, פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָבן געראַטעוועט די וועלט אין די צוויי וועלט־מלחמות — אין דער ערשטער, פונעם פּרייסישן יונקערטום, מיטן פאַן־גערמאַניזם, און אינעם צווייטן וועלט־קריג האָט זי די וועלט, מיט איר בלוט און שווייס, געראַטעוועט פונעם היטלער־געשפּענסט, וואָס איז געווען אין תוך, דער זעלביקער פאַן־גערמאַניזם פון וועלט־הערשאַפט נאָר אין אַ מער אָפענער, ברוטאַל־חיהשע געשטאַלטונג. די פרייע וועלט" —האָט ער באַטאָנט — „ווייס נאָך אַפילו ניט ווי זי דאַרף זיין דאַנקבאַר צו אַמעריקע.

אין זיינע שמועסן מיט זיי אין די צוזאַמענדיקע שפּאַצירן, די ביינאַכ־טיקע, אונטערן לויטערן, בלויען הימל, ביים דערנענטערן זיך צו דעם גאָלף־שטראָם, מיט אירע וואַרעמע ווינטן וואָס האָבן געלאַסטשעט צאַרט און ליבלעך, ווי די הענט פון אַ געליבטע, איז ביים צערעדן זיך וועגן אַמע־ריקע, איז אַדון ברזל אַריינגעפאַלן אין התפעלותדיקע לויב־ווערטער ווי אַ פאַרליבטער ראָמאַנטיקער: — „אַמעריקע איז ווי אַ מיסטישער באַגריף וואָס מיטן בלויזן שכל קאָן מען דאָס גאָר ניט באַנעמען. זי איז אַ גאָטס געשעעניש מיט אַ געטלעכער שליחות צו באַפרייען און דערלייזן די וועלט מיט אַלע אירע גרויסע און קליינע פעלקער אויף אַלע קאָנטינענטן. אַמע־ריקע! אַמריקע!"

שטענדיק איז אַדון ברזל געווען דער הויפּט בעל־דברן, און אַלע אַרום אים, איבערהויפּט רעגינאַ, האָבן געשלונגען זיינע ווערטער, ווי דורשטיקע אַרום אַ שפּרודלדיקן קוואַל. איינמאָל זיינען זיי געזעסן אין דער שיפס־ביב־ליאָטעק, שוין נאָך האַלבער נאַכט און קיינער איז נישט געווען אַ חוץ זיי. פונעם נישט ווייטן טאַנץ־זאַל, האָבן זיך געהערט די דזשעז־געזאַנגען פון די ראָמבאַס און זאַמבאַס. ס'האָט רעגינען געצויגן אַהינצו ווי מיט אייזערנע כישוף־צוואַנגען. זי האָט זיך פאַרבענקט און ס'האָט איר געגלוסט כאָטש מיטזינגען די אַלע נאַכט־קלובן געזאַנגען. אָבער אַדון ברזלס רייד וועגן אַמעריקע האָבן גובר געווען אירע אינערלעכע פאַרלאַנגען. זי האָט געשלונגען זיינע ווערטער ווי אַ פאַרגאַפטע. ער האָט אויסגערופן מיט עקזאַלטירענדיקן עקסטאַז: — „אַמעריקע איז דער גרעסטער עקס־פּערימענט אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע: אַלע פאַרשטויסענע און

אַרויסגעשמיסענע, די דערנידעריקטע און פאַרשעמטע פונעם גאַנצן וועלט־כדור האָבן זיך געצויגן צו אירע ברעגן ; צווישן זיי אַלע רעליגיעזע סעק־טאַנטן געררודפטע רעוואָלוציאָנערע אויפשטעגדלער, ביז די פון אָרעמקייט און דלות געטריבענע, געבייטשטע — זייִנען זיי אַלע געלאָפן זוכן אַביסל רו און אַ ביסן ברויט. אויך די רויבערישע, אויך פאַרברעכער־נאַטורן — אַפילו זיי, פון דער וועלטס רינשטאָק אַרויסגעיאָגטע, זייִנען געפלאָסן ווי מוטנע וואַסערן — וואוהין ? — קיין אַמעריקע !" „אַט די אַלע עלעמענטן, די פאַרשיידענע הויטן און קאָלירן, מענטשן פון אַלערליי שבטים, ווערן אין איר סוף־כל־סוף געלייטערט אינעם פייער־טיגל פון פרייהייט, וואו עס גיסט זיך אויס און עס שאַפט זיך די העכערע מענטשלעכע פערזענלעכקייט ; זיי ווערן דערהויבן צו זעלבסט־אויסדרוק דורך דער אומבאַגרעניצטער, יחידיש־ער, איניציאַטיווע פונעם מענטש־פאַרמעסט צו רייסן זיך צו די הימלען. דער מענטש שטייגט העכער ווי זיין אייגענער אַרכיטעקטאָנישער באַשאַף — דער הימל־קראַצער"...

רעגינע איז געווען באַגייסטערט פון אַדון ברזל, נישט פון זיין פיזישן אויסזען, דאָס נידעריקע מיט זיינע קורצע קינבאַקן און אַביסל פאַרקרומטער נאָז, נאָר פון זיין אינטעלעקטועלן טראַכטן און עלאָקווענטן שמועס מיט מענטשן ווען זיינע גרויע אויגן האָבן געפלאַמט מיט יענעם בענקשאַפט־פייערל, פון נישט דערגרייכטע מענטשלעכע באַגערן. אַמעריקע אַלס דער סימבאָל פון אַ לאַנד וואָס איז מסוגל צו געבן יעדן מענטשן די מעגלעכקייט צו דערגרייכן צו די העכסטע הויכן !

ט.

# נענטער צו אַמעריקע

די קומענדע נאַכט איז רעגינאַ אַרויס פון איר קאַיוטע, שוין זייער שפּעט, זיך אָפּצוקילן פון איר צעהיצטע צערודערונגס־ספאַזמען, וואָס זייִנען איר באַפאַלן גאַנץ אָפט. און אפשר האָט איר געטריבן דער נייגער אירער, צו זען די תאווהדיקע שפילערייען פון די באַהאָפטענע פּאָרלעך אין די פאַר־באָרגענע נאַכט־ווינקלען פון דער שיף. מיט אַמאָל איז אומגעריכט איר אַקעגנגעקומען אַדון ברזל, רעגינאַ האָט זיך פאַרענטפערט פאַר אים ; — „וואָס „בענטער צו אַמעריקע, אַלץ אומרואיקער ווער איך".ביידענס וואַרעמע הענט

האָבן זיך געקלאַמערט צוזאַמען און זי האָט אים, מיט אירע כשופדיקע אויגן דורכגענומען. זי האָט זיך צוגעבויגן צו אים און מיט איר הייסן אָטעם, נאָענט צו זיין מויל, אים געבעטן: — „רעדט צו מיר וועגן אַמעריקע!" ער האָט זיך צוגעבויגן צו איר ווי ער וואָלט איר וועלן אַ סוד איינרוימען, האָט געמורמלט, אין שטילן עקסטאַז: —

— „דער אַמעריקאַנער באַגריף פונעם וואָרט „סוקסעס" ווערט שלעכט פאַרשטאַנען אין דער וועלט. זיי, די אינטעליגענץ פון אייראָפּע און פון אַנדערע קאָנטינענטן זעען נאָר די לינקע זייט פון אָט דער גרויסער וועלט־געשעעניש, זיי זעען נאָר דעם דראַנג צום מאַטעריעלן דערפאָלג. אַזוי ווילן דאָס אויך זען די דאָגמאַטישע ראַדיקאַלן אין דער וועלט. דאָס דאַרף זיך אַריינפּאַסן אין זייער „סידורל" אום זיי זאָלן, מיט איינזייטיקער בייזוויליקייט דאָס פאַרשפּאָטן און פאַרחוזקן. אָבער טיפער געזען, איז דאָס דער פאַרמעסט פונעם געפאַלענעם, פאַרשפּאָטענעם מענטשן, זיך צו דערהייבן פון שיפלות צו פרייער התרוממות! ברזל האָט זיינע רייד פאַרענדיקט אַז צו אַזאַ אייגנ־אַרטיק פאָלק מיט אַזאַ לעבנס־באַנעם, האָט זיך קיינמאָל ניט צוגעקלעפּט דער אַנטיסעמיטיזם וואָס בעבל האָט אַמאָל אָנגערופן: — „דער סאָציאַליזם פון די נאַראָנים".

ברזל האָט ווייטער גערעדט מיט קראַפט, מיט עקסטאַז, און זיינע רייד האָבן שיר ניט אַריבערגעשריען דאָס רוישן פון דער שיפס־מאַשינעריע. ער האָט געקוקט אויף רעגינאַן און געזאָגט: —

— סאָציאַליזם, סאָציאַליזם! פאַר אמתע אַמעריקאַנער איז סאָציאַליזם דער געגאַרטער גן־עדן פון די פוילנצער און אינטעליגענטע טויגעניכטסן, לא־יוצלחס, אויך פון אַלערליי צעדרייטע דעקאַדענטן. מאַרקס, דער משומד, איז אין כאַראַקטער פונקט דאָס זעלביקע ווי זיין שפּעטערדיקער דעגענעריר־טער לאַנדסמאַן, אָטאָ וויינינגער. יענער איז פון זעלבסט־האַס געקומען צו זעלבסט־מאָרד, און מאַרקס, דער יידישער־דייטשער געניאַלער האַסער, איז געקומען פונעם זעלביקן מקור, פון זעלבסט־האַס, און אויך ייד־האַס, צו מענטשן און וועלט פאַרהאַסונג. זיינע יורשים, די באָלשעוויסטישע וועלט־מערדער, האָבן בשעתו געמאַכט יד־אַחת מיטן דייטשן נאַציזם, מיט די וועלט־רוצחים וואָס האָבן אומגעבראַכט, דורך די שוידערלעכסטע טויטן, אַ דריטל פון אונדזער אומשולדיק, מענטשלעך פאָלק! און פונקט ווי אַמעריקע האָט געראַטעוועט די וועלט פון דעם היטלער־געשפּענסט, אַזוי וועט זי אויך, סוף כל סוף, דורך אירע פרייע מענטשן, באַפרייען די וועלט פון דער קאָ־מוניסטישער מענטש־פאַרשקלאַפונג.

רעגינאַ, האָט געפילט אַ גרויס פאַרערונג צו אים, ווי אַמאָל צו אירע לערער, אינעם בודאַפעסטער פּאַנסיאָן. זי האָט אים געפרעגט: — „אויב אַזוי, פאַרוואָס־זשע זייט איר אַ מפא״י־סאָציאַליסט?״

זיין ענטפער איז געווען: — „אַז דער סאָציאַליסטישער ציוניזם איז דער עיקר געווען און וועט נאָך לאַנג זיין, דער צוגעפּאַסטער כוח פון דער היס־טאָרישער השגחה, צו זעלבסט נאַציאָנאַלער־אָפּפערונג און במילא וועט ער ווערן דער אַוואַנגאַרד פון אונדזער נאַציאָנאַלער דערלייזונג״.

ברזל האָט אַלץ גערעדט און גערעדט.

ער האָט זיינע רייד געפּראַוועט מסביר זיין מיט דיאַלעקטישער פּיל־פּוליסטיק. זיינע רייד זיינען שוין געווען ווייטער פון רעגינאַס פאַרשטייען, אָבער זי האָט אויפמערקזאַם אַלץ געהערט. ווי באַלד ברזל האַלט אַזוי פון אַמעריקע איז ער מסתמא אויך גערעכט וועגן מפא״י און ארץ ישראל.

האָט ברזל עקסטאַטיש גערעדט:

— איר פאַרשטייט? דער סאָציאַליזם איז ביי אונדז גאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיסיע, יאָ, אין אַ משיחשער מיסיע. ער איז געוואָרן מיסטיש־ראַציאָנאַליסטיש און אומגעקערט: ראַציאָנאַל־מיסטיש. אַ מאָדנער צווילינג? אָבער אַזוי איז דאָס! סאיז סימבאָלישער מיטל צום עיקרדיקן ציל. מדינת ישראל וועט גיין אויף איר אייגענעם וועג און נישט סתם פּוסט נאָכטאַנצן די מאַרקסיסטישע פּאָפּוגייאישע קלעזמאָרים... זי וועט פירן צום יחידישן באַפרייטן שעפערישן ייד. אַזוי וועט אויך גיין אַמעריקע — צום באַפרייטן מענטשן. אַמעריקע האָט אויך אַ מיסיע.

רעגינאַ האָט ניט געוואוסט צי ברזל איז גערעכט וועגן קאַרל מאַרקס, און ניט געוואוסט צי ער האָט טאַקע פאַר איר ריכטיק פאַרגעשטעלט וואָס די מפא״י ריכטונג איז. אפשר האָט ער בלויז אויסגעדריקט זיין אייגענעם קוק און אייגענעם מיינונג. זי האָט אָבער געפילט און געשפּירט אַז ברזל פאַרמאָגט אַ סך פייער, אַ סך עקסטאַז, און זי האָט מיט אַ ציטער אים אָנגענומען ביי זיין לינקער האַנט:

— איך הער דאָס קלאַפּן פון אייער האַרץ, האָט זי צו אים אַ זאָג געטאָן.

ברזל איז געוואָרן שטיל, ביידע, ער און רעגינאַ, האָבן זיך מיט אַמאָל גענומען דערנענטערן — גוף צו גוף — פון אַלע מיסיעס האָט זיך בייביידן מיט אַמאָל גאָר דערוועקט אַ טיפע טונקל סודותדיקן ים. דאָס שאַרכן פון דעם ווייסלעך־שוימיקן וואַסער־וועג, וואָס ציט זיך נאָך נאָך דער שיף, האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם קלאַפּן פון זייערע הערצער.

רעגינאַ האָט זיך מיט אים אַוועקגעזעצט אויף אַן איבערגעלאָזטן שטול

ביים וואַנט פון דער שיף, זי האָט געפילט, דערוואַרט: אָט וועט ער זי אַרומנעמען מיט זיינע הענט, וועט זי צודריקן צו זיך מיט מענלעכער פעסט־קייט, איר מויל וועט געקושט ווערן פון זיין הייסן אָטעם; אירע שטייפלעכע ברוסטן וועלן שפּירן די וואַרעמקייט פון זיין גוף, און דאָס האַסטיקע קלאַפּן פון זיין האַרץ, און ער וועט זי נישט אָפּלאָזן, ביז זי וועט זיך קאַרטשן ווי אַ שלאַנג. און דערנאָך? וועט זיך עס אויך אויסלאָזן ווי אַ האַלב באַפרי־דיקטע אַנטוישונג? ניין! סוועט זיין אַנדערש...

אויך ברזל פילט ווי צוצומאַכן זיינע אויגן און דערפילן דעם תענוגדיקן פאַרגיין און נירוואַנישער אויפלייזונג. אָבער מאָדנע, ברזל האָט זיך פלוצים דערשראָקן. איז דאָס געווען צוליב איר פאַרריסענעם קאָפּ מיט די גרויס, פייערדיקע אויגן, אַזוי ווי דער מאַסט פון דער שיף מיטן לויכטנדיקן שפּיץ זיי אַקעגן? אָדער סתם פון זעלבסט־קאָנטראָל, וואָס איז אין אים פאַרבליבן פון זיינע פריערדיקע חלוצישע יאָרן, אָדער פון זיין ירושהדיקן קוואַל פון „איזהו גיבור הכובש את יצרו?". ער האָט זיך ראַפּטום אויפגעשטעלט און צו איר גערעדט מיט אַזאַ הכנעהדיקע ווייכקייט ווי אַן אָפּגעשמיסן קינד, און שטיל אַ זאָג געטאָן: — וואונדערלעך! זע! די נאַכט! לאָמיר נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן אויף דער באַוועגלעכער אָבער רואיקער שיינהייט פון דעם נאַכטיקן ים!

רעגינאַ האָט זיך אויפגעשטעלט אַ צעפּלאָמטע. זי האָט דערפילט די פייכקייט פון איר צעהיצטן קערפּער. זי האָט אין דער שווין כמעט פינצטער־קייט אויפן דעק געזוכט, ווי אַ שפּאַרבער, מיט אירע פיבערישע אויגן די פאַרלעך אין די געבויגענע, פאַרבאָרגענע שיף־ווינקלען. זי האָט זיך ווי נאָכגעשלעפּט נאָך אים, נאָך ברזל, מיט אינערלעכער בייזלעכער אַנטוי־שונג — געגאַנגען אַזש ביזן ווייסן שיפּס פאָרענטש. ביידע האָבן געקוקט אויטאָמאַטיש אויפן ווייט־ווייטן ווייס שוימיקן וועג, אין מיטן פונעם אָטעמ־דיקן, שוואַרץ־טינטיקן אונענדלעכן ים. אין זייער שווייגן האָבן זיי שאַרפער דערהערט די טענער פונעם דזשעז־אָרקעסטער פון דעם טוריסטן טאַנץ־זאַל, ווי אויך דאָס שפּילן אין אויבערשטן שטאָק פונעם ערשטן־קלאַס־אָרקעסטער. רעגינאַ בעט אים אַריינצוגנבנען זיך אינעם ערשטן קלאַס פאַר אַ טאַנץ. זי האָט זיך אין אים איינגעקוקט און געזאָגט: „סגלוסט זיך מיר נישט צום שלאָפן די היינטיקע נאַכט ווען מיר דערנענטערן זיך צום וואונדערלעכן לאַנד, אַמעריקע. נאָכן טאַנץ וועט איר ווידער ריידן מיט מיר וועגן אַמעריקע, איר רעדט אַזוי אינטערעסאַנט, פּונקט ווי מיינער אַן אַמאָליקער פריינט אין די גיהנומדיקע, היטלער־יאָרן, אַן עסטרייכישער איזשינער־קאַפּיטאַן, וועל־

כער איז אויך, ווי איר, געווען אין אַמעריקע פאַרן קריג. זיין טרוים איז געווען, אַז גלייך נאָכן קריג פאָרט ער קיין אַמעריקע צו פאַרבלייבן דאָרט „זיינע לעצטע יאָרן". אַזוי איז זי געגאַנגען נעבן אים, פאַמעלעך דורכ־גנבענענדיק זיך דורך די פאַרשיידענע קאָרידאָרן, ביזן אַריינקומען אינעם רייך אויסגעשטאַטעטעם טאַנץ־זאַל פון „ערשטע קלאַס" מיטן הויכן שטוקעל־טירטן סופיט מיט די פאַרשיידענע מאָלערישע פיגורן. אויף די ווענט זעען זיך אויך פאַרשידענע מאָלערישע בילדער פון איטאַליענישע מאָלער־אַמאַ־טאָרן.

זיי גליטשן זיך אַריין אויף דעם גליטשיקן ברוינלעכן דיל. ביים טאַנצן אַ פאָקס־טראָט פאַרענדיקט רעגינאַ דערציילן אים וועגן עסטרייכישן קאַ־פּיטאַן: „כבין זיכער אַז ער איז שוין דאָרטן, אפשר וועל איך אים נאָכאַמאָל באַגעגענען".

ביים אָפּרוען זיך אויף די זייטיקע פלושענע שטולן, אַנטזאָגט זי אַ שיין־באַפּראַקטן הויכן מאַן צום טאַנצן מיט אים. זיין העפלעכע פאַרניי־גוג פאַר איר און די קאָמפּלימענטן: „אַז זי, ווי ער האָט באַמערקט, באַוועגט זיך ביים טאַנצן ווי אַ שוואַן, און אַז זי איז אין אַלגעמיין אַזוי אָנציִענדיק — האָבן אים גאָר נישט געהאָלפן, כאָטש ווי דער שטייגער איז, האָט דאָס אים אַדון ברזל, איר באַגלייטער באַוויליגט. — „אַדרבא"! אָבער רעגינאַ איז געבליבן זיצן.

בײדע, רעגינאַ און ברזל, זיינען אַריין אינעם דערנעבנדיקן באַר־בופעט, וואו ער האָט באַשטעלט „דעמי־טאַס", קאַווע מיט קאָניאַק־מאַרטעל. זי האָט אַריינגעגאָסן פון איר געבויגן, הויך גלעזל אַביסל קאָניאַק אין דער קאַווע אַריין און האָט זיך צערעדט וועגן איר אַמאָל־פאַרהערלעכטן פּרייבט און באַשיצער. יענער איז געווען שטאַרק אַנטוישט פון אייראָפּע מיטן ווילדן נאַצישן באַרבאַריזם און ער פלעגט זאָגן, אַז דאָס גאַנצע דייטישע פאָלק, מיט זייער קליינע אויסנאַמען, איז אָרגאַניש באַהאָפטן מיטן נאַציזם, בעת דער רוסישע־מערדערלעכער פאַרשקלאַפונגס־קאָמוניזם איז בלויז אַן אַרויפ־געצוואונגענער אויפן רוסישן פאָלק און וועט זיך אויסוועפּן אינעם זינלעכן היסטאָריש־רוסישן גאַנג צו פרייהייט. אָבער דער באַזיגטער נאַציזם וועט ווידער אויפלעבן. אַזוי שנעל ווי די דייטשן וועלן ווידער קומען צו זיך, וועט זייער אַראָגאַנץ, וואָס וואָרצלט אין זייער אור־געשיכטע. מיט זייער אייביקן שקלאַפן־קאָמפּלעקס, ווידער זיך פאַרוואַנדלען אין אַ גיפטיקער שלאַנג — זייער שקלאַף קאָמפּלעקס! פון דעם קומט, אין פאַרשיידענע גע־שטאַלטן, זייער ווילן צו ווערן די האַרן איבער דער גאַנצער וועלט. יאָ,

יענער אינזשעניר פּלעגט אויך זאָגן, אַז די בלינדקייט, און אין תּוך, קינ־דערשקייט פונעם אַמעריקאַנישן כאַראַקטער פון „מעיק־בעליוו״, אַריבערצו־טאַנצן דאָס פּראָבלעמאַטישע, טוט אַזוי אַרום שטאַרקן די דייטשישע, גיפּ־טיקע שלאַנג אַרום האַלדז. די מעשה קען זיך ווידער איבערחזרן צוליב דעם דייטש און ווידער דערפירן צו אַ נייעם וועלט־בראַנד.

רעגינאַ, ביים פאַרענדיקן טרינקען דעם קאָניאַק, האָט מיט עלעגאַנטער לאַנגזאַמקייט זיך דערמאָנט אָן יענעמס ווערטער ווי ער פּלעגט צו איר זאָגן מיט שטאַרקער באַזאָרגטקייט.

— „רעגינאַ, איך בין צו אַלט דאָס נאָכאַמאָל איבערצולעבן. אָבער דו וועסט עס דערלעבן און זען, אַז דאָס קומענדיקע טראַגישע פּראָבלעם פון דער וועלט, וועט נישט זיין דער קאָמוניזם, נאָר ווידער דייטשלאַנד״.

רעגינאַ האָט גערעדט און גערעדט. ברזל האָט געהערט און פון דער נאָענט געקוקט אויף איר.

אַזוי איז עס אָפט מיט פרויען. ביי אַ געוויסער אַנטוישונג מיט אַ נאָענטן מאַן נעבן זיך, הייבן זיי אָן צו עקזאַלטירט ריידן און צו פּלאַפּלען וועגן אַן אַנדערן מאַן וועמען זיי האָבן אַמאָל באַגעגנט אין לעבן. די פרוי וויל, הפּנים, מיט אירע גוטע זכרונות פאַרדעקן די איצטיקע אַנטוישונג. אָדער, אָפט וויל זי אינסטינקטיוו אויפוועקן אַ מין אייפערזוכט אין דעם נאָענטן מאַן, וואָס איז געבליבן אין דער מינוט קאַלטלעך צו איר. סיי־ווי, ברזל האָט אַלץ אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. קוקנדיק אַזוי נאָענט אויף איר, האָט זי אים טאַקע אַלץ מער גענומען געפעלן צו ווערן. ער האָט אויך געשאָקלט מיטן קאָפּ און אין תּוך מסכים געווען מיט די גע־דאַנקען פון איר פאַרערטן עסטרייכער.

בעת זי האָט אַלץ אַזוי פאַטאַסדיק גערעדט, האָט ער נישט אַרונטער־גענומען זיינע אויגן פון אירע באַוועגלעכע הענט און פון אירע לענגלעך שיין־געטאָקטע פינגער. ער האָט זי דערזען ווי אַ באַשאַפענע האַרמאָנישע גאַנצקייט, אויך זי אין איר פאַרכאַפּטקייט פון די זכרונות וועגן דעם עסט־רייכישן אָפיציר, האָט אָבער ניט פאַרגעסן זיך איינצוגראָבן מיט אירע אויגן, ווי צוויי גרויסע פּראָדזשעקטאָרס, אין זיין געדיכט־שוואַרצער, גע־לאָקטער טשופּירנע. אין דער שאָטנדיקער אומדירעקטער באַלייכטונג אַרום, האָט די גלאַנציקייט פון זיינע לאָקן זי דורכגענומען ביז די שפּיצן פון אירע פוספינגער. אויך ער איז קאָנטיק געווען טיף גערירט און צעגליט אין זיינע חושים. נאָך אַ שטיל־שוויגן לייגט ער זיין ברייטע, באַוואָקסענע

האַנט מיט לייכטער צאַרטקייט אויף איר דעליקאַט הענטל, און ער וויזט איר, מיט דער אַנדערער האַנט, אויפן טישל אַקעגן דער אַנדערער וואַנט. ער פרעגט ביי רעגינאַ: — „קענט איר יענעם מאַן״? — „ניין״ — האָט זי געענטפערט און גלייך צוגעגעבן: — „אָבער ער איז מיר דאָך עפּעס באַקאַנט, אפשר פון זעען זיין בילד אין די ישראלדיקע צייטונגען״.

„אָט דער מענטש״, האָט ברזל איר געזאָגט, „מיטן איידל־געשניצטן פּנים, מיט פּרויען־שטריכן פון צאַרטקייט, וואָס שפּילט היינט אַ גרויסע ראָליע אין דער מפא״י און אויך איבערן לאַנד, וועט נאָך שפּילן אַ גרעסערע ראָליע אין דער צוקונפט אינעם פּאָליטישן לעבן פון אונדזער מדינה. ער האַלט נישט שטאַרק פון אונדזער אַלטן פּרעמיער־מיניסטער. ער האַלט אים פאַר אַ פּוילישן היץ־קאָפּ. אָט ער, דער רואיקער אינטעלעקטואַל־פּאָליטי־קער״ — דערציילט ווייטער ברזל — „טראָגט זיך אַרום — ווי מען האָט זיך געשושקעט אין די פּאַרטיי־קרייזן — מיט געדאַנקען אַקעגן דעם דעקלאַרירן ארץ ישראל פאַר אַ רעפּובליק. ער, און נאָך אַנדערע, האָבן געהאַלטן פון ווערן אַ טייל פונעם ענגלישן קאַמאַנוועלט, ווי אינדיע, קאַנאַדע, אויסטראַ־ליע און ניו־זילאַנד. דער דאָזיקער פּאָליטיקער און זיינע חברים קוקן נאָך היינט אויף דעם אַלטן פּרעמיער ווי אויף אַן אַוואַנטוריסט וואָס, ווער ווייסט צו וואָס די מדינהריי וועט נאָך דערפירן.

— „איך אַליין״, — האָט ברזל ווייטער געזאָגט — בין מסכים מיט אָט דער פּאָליטישער אָריענטאַציע, אָבער סאיז צו שפּעט פאַר דעם. אונדזער איינציקע האָפענונג איז אַמעריקע, די פירערין פון דער וועלט, פּאַקטיש אַן אייגענעם זעלבסטנוצן. און מיר מוזן אָננעמען אויך אַציינד דעם אַמעריקאַניש יוגנטלעכן אָפּטימיסטישן באַנעם פון „מעיק בעליוו״, אַז אַלץ וועט זיין בכי־טוב. מיר האָבן נישט קיין אַנדער ברירה.

רעגינאַ האָט געהערט, און דערביי געפילט תענוגדיק זיין לאַשטשענדיקע האַנט, אויך ער האָט געפילט אַ פיבערן דורך זיין גאַנצן גוף.ביידן האָט באַנג געטאָן וואָס זייער דערנענטערונג איז געקומען די לעצטע נאַכט פאַרן שיידן זיך ביי דער שיפס דערנענטערונג צום ניו־יאָרקער האַפן. ביידע האָבן געקוקט אויף זייערע האַנט־זייגערלעך. זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט ווען דער אָרקעסטער איז פאַרשוואונדן און אינעם זאַל זיינען געבליבן בלויז עטלעכע פּאָרלעך. ברזל האָט זי געגומען ביי דער האַנט, ווי אַ קינד האָט ער זי דורכגעפירט דורך די אַלע לאַנגע, שמאָלע קאָרידאָרן, ביז צו איר קאַיוטע, האָט זיך קאַוואַלעריש פאַרנייגט פאַר איר, געקושט איר האַנט מיט צאַרטער שטילקייט און מיט אַ קוים שעפּטשענדיקן „גוט־נאַכט״ צו איר. רעגינאַס

אויגן זיינען טרערנדיק פֿייכט געוואָרן, ווי אַ כלה פֿאַר דער חופּה, האָט תּאווה־דיק געציטערט ביים שטאַמלען: — „אַ גוטע נאַכט", „אַ גוטע נאַכט".

אויף מאָרגן איז רעגינאַ מיט איר מאַן, ווי אַלע פּאַסאַזשירן פֿון דער שיף, אויפֿגעשטאַנען זייער פֿרי צו זען די שיף „גאַריבאַלדי" פֿאַרבייפֿאָרן די אַמעריקאַנישע פֿרייהייטס סטאַטוע אינעם געשטאַלט פֿון אַ פֿרוי, מיטן פֿאַקל אין דער האַנט.

אַלע פּאַסאַזשירן האָבן זיך געשטופּט ביי די באַריערן פֿון דעם אָפֿענעם דעק, צו לינקס און האָבן פֿאַרגאַפֿטע געקוקט אויפֿן אויסטערלישן בילד פֿונעם „סקאַי־ליין", וואו די הימל־קראַצער אינעם נעפּלדיקן פֿרימאָרגן זעען אויס ווי צויבער־טורעמס פֿון אַ ניי־פֿאַנטאַסטישער וועלט.

עס איז עפּעס ווי דורך אַ כּישוף־שטעקעלע פֿאַרשוואונדן דער שיפֿס יום־טובדיקייט; אַ געגיי און אַ געלויף פֿון אַלע דעקן און אויף שטיגן פֿון אַלע קאַיוטן, מיט פּעקלעך אין די הענט, ווי אַמאָליקע היימישע מחותּנים פֿון דער פֿרעמד אויף צו מאָרגנס נאָך אַ חתונה.

די באַדינער פֿון דער שיף, פֿאַרמאַטערטע, שלעפּן די אַרויסגעשטעלטע וואַליזן און קופֿערטן. יעדער אין אַ בהלהדיקע צעטומלעניש מיט אַ געמיש פֿון אַנגסטליכער אומרו און דאָך — מיט פֿריידיק האָפֿנדיקער דערוואַרטונג. עטלעכע מאַטראָזן האָבן זיך באַוויזן מיט קיילעכדיקע קאַנען ווייסע פֿאַרב צו פֿאַרבן די פֿאַרגעלט־פֿאַרזשאַווערטע פֿלעקן פֿון די ווענט און באַריערן.

אַדון ברזל מיט סטאָאישע רואיקייט, איבערגעטאָן אין אַן אַנדערן אָנצוג, מיט דער פֿאָטאָגראַפֿישע־קאַמעראַ אָנגעהאַנגען אויפֿן רעכטן אַקסל, האָט אויפֿגעזוכט זיינע שיפֿס באַקאַנטע צום געזעגענען זיך מיט זיי. פֿאַרן שיידן זיך כאַפּט ער אַראָפּ אַ צאָל בילדער פֿון זיי. ער מיט זיין ווייב, שושנה, ווינטשן: — „געזונט און הצלחה".

רעגינאַ פּאַכעט מיט איר האַנט צו אַלעמען און מיט איר קלינגנדיקער שטים רופֿט זי אויס: — „להתראות! צו ווידערזען!"

שיף, רייזע, איבערלעבונג, אַנטוישונג — אָבער אָט איז זי דאָ — די אַמעריקע! אַלץ שווימט אַוועק...

— ענדלעך ענדלעך!

י.

# דער ערשטער טאָג אין ניו יאָרק

ביים אָנקומען אינעם ניו־יאָרקער האַפן, האָט זיי שוין אָפּגעוואַרט בערל מיט זיין ווייב שרהלע. זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט האַרציקער פריינט־שאַפט ווי אייגענע שוועסטער און ברידער.

נאָכן אָפּפטרן זיך מיטן באַגאַזש, זיינען זיי, אין צוויי געלע טעקסיס פאַרפאָרן אין בערל און שוירליס היים, איינע פון די ערשטע אויפגעבויטע, קליינע יידישע, רייכע ישובים פון לאָנג־איילאַנד. די אַזוי באַקאַנטע סאָב־אַרביאַ, דאָס הויז אין פריש געפּאַרבטע ווייסקייט, ווי ערשט געפּאַלענער שניי, אַרומגערינגלט מיט אַ גרין־גראָזיקער לאָנקע, פלאַך געשניטן ווי אַ זיידענער, פערסישער טעפּיך, און אין דערמיט אַ גרויס שטיינערנע סטעזש־קע וואָס פירט צו די ווייס־רויטע שטיגעלעך פונעם הויז.

נאָכן אויספרעגן זיי וועגן דער רייזע, סיי פון נייגעריקייט־וועגן און סיי פון אמתער פאַראינטערעסירטקייט אין זיי, האָט זיי בערל ביים עסן דערציילט פון זיינע געשעפטן אינעם גרויסן יוועלירן־עקסטשענדזש, — „וואו מיין געשטעל איז ביים סאַמע פראָנט, מיט אַ שיין אויסשטעל־פענצטער, היפשלעך טיף, גאַנץ מאָדערן אויסגעשטאַט, ווי עטץ וועט דאָס מאָרגן זען. סאיז טאַקע קעגנאיבער דעם הויז, וואו איר וועט אַרבעטן צוזאַמען מיט די אַנדערע דיימענט־שלייפער, אויפן זעכצנטן שטאָק. אין דעם פּלאַץ אַרבעט יעדער שלייפער פאַר זיך, פאַר זיינע קאַסטומער, וואָס קריגן דעם „ראָף" ווי מען רופט די רויע דימענט שטיינער, וועלכע קומען פון לאָנדאָנער דימענטן־סינדיקאַט. טייל קויפן זיי אין די היגע דימענטן־בירזשעס און גיבן דאָס צום שניידן און שלייפן צו די שלייפער, צו פרייזן נישט זייער קיין גוטע, שוין נישט קיין איי! איי! דאָס איז איבער דער האַלדז־שניידנ־דיקער קאָנקורענץ צווישן די שלייפער גופא. דערפאַר מוזן די שלייפער אַרבעטן אַביסל עקסטראַ שטונדן אַרויסצוקלאַפּן אַ פינף און זיבעציק ביז אַ הונדערט דאָלער אַ וואָך צו מאַכן „אַ לעבן". אָבער, ווי זאָגט מען? „אַ ביין — אַבי אַליין, אַליין איז די נשמה ריין". דער עיקר, וואָס עטץ וועט ניט דאַרפן אַרבעטן ביי יענעם נאָר זיין באַלעבאַטים פאַר זיך. איך מיט עטלעכע פריינט מיינע אין דער בראַנזשע, וועלן ענק צושטעלן גענוג אַרבעט צו מאַכן אַ לעבן.

אַזוי האָט בערל ברייט און פלינק גערעדט. ביי די פרויען, איבערהויפּט

ביי רעגינאַ, האָבן געפינקלט די אויגן מיט קינאה, בעת שרהלע — שוירלי — האָט זיי שפּעטער געפירט איבער די שטיבן, זיי געוויזן די מעבל, די זילבערנע און קרישטאָלענע חפצים וואָס האָבן געבלאַנקט פון די שענק אַרויס און די פיל הויכע און נידעריקע טישלעך מיט שיין־געשניצטע מאַסיווע פיס און טייל מיט דינע, געבויגענע פיסלעך. זיי האָבן באוואונדערט די פיל מעטאַלענע, פאַרצעלייענע און קרישטאָלענע באַלויכטענע לאָמפּן, טייל מיט פיגורנדיקע שיינע אַבאַזשורן.

נאָכדעם האָט שוירלי זיי געוויזן אירע קליידער מיט די מאַנטלען אַלערליי, צווישן זיי דעם לאַנגן און ברייטן מינק־קאוט און דעם קורצן זשאַקעט און לאַנגן מינק־שאַל.

רעגינאַ האָט איר געבעטן דאָס צו לאָזן אָנמעסטן אויף זיך. אינעם לאַנגן, געשליפענעם שפּיגל איבער דער גאַנצער וואַנט, האָט זי זיך אין דער עלעגאַנטער פיגור געדרייט קאָקעטיש אויף אַלע זייטן, האָט געגלעט די ברוינע האָר מיט אירע לענגלעכע פינגער און האָט דערביי דורכגעפילט מיט תאַווהדיקער גלוסטונג, געמישט מיט טיפער קנאה, פון שרהלעס רייכקייט.

בערל האָט זיך אויפגעשטעלט פון דער האַלב־פאַרונדיקטער סאָפע אַקעגן דער טעלעוויזיע נאָך דער פאַרענדיקטער „דזשעק בעני און ראַדזשער שאו". — נו, האַ? האָט ער ברייט אַ זאָג געטאָן. ער האָט ביי דער שאו זיך געקאַטשעט פון געלעכטער און אַלע האָבן מיטגעשמייכלט טראָץ זייער נישט פאַרשטיין קיין וואָרט. רעגינאַ, וואָס האָט יאָ היבשלעך פאַרשטאַנען, איז געזעסן ווי צעטומלט אין איר טראַכטן אויב זי וועט אויך אַמאָל האָבן אָט די אַלע גוטע, שיינע זאַכן. זי איז געזעסן מיט אַ געמאַכט לאַכנדיקער גרימאַסע און דערביי נאָכגעפּאָלגט בערלס יעדן קער און ווענד. ווען ער האָט ביים אויפשטעלן זיך, אויסגעצויגן זיינע הענט ווי ער וואָלט זיך גרייטן צו מאַכן גימנאַסטישע איבונגען, נאָכן לאַנגן זיצן אויף איין אָרט. ער האָט אַ האַלבן געגנעץ געטאָן, צוגעלייגט זיין רעכטע דלאָניע צום ברייטן מויל מיט די שמאָלע ליפּן זיינע און אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער רעכטער הויזןקעשענע. ער האָט פון דאָרט אַרויסגענומען צוויי שליסלען מיט באַזונדערע באַצייכנטע נומערן אויף הענגנדיקע, קיילעכדיקע צעטלעך און געזאָגט: — „אָט זיינען די שליסלען פון ענקערע וואוינונגען, אַ הויז לעבן אַ הויז, סאיז אוממעגלעך געווען צו קריגן צוויי אַפּאַרטמענטס אין איין הויז. נאָך גוט וואָס אונדזער אָנקל, דער מאַנופאַקטושרער און באַנקיר, וואָס קאָן אַ סך לענדלאָרס, איז אונדז געלונגען צו קריגן די צוויי וואוינונגען פאַר ענק, צו דריי צימערן מיט אַ קליינער קיך, מיט גרויסע „קלאַזעטס" פאַר קליידער און אַ באָד צי־

מער, נישט אַזוי אַפּ־טו־דעיט״ — אַ וואַנע מיט פּיסלעך, אַ ביסל אַלטמאָדיש — אָבער באָדן קאָן מען זיך אַזוי גוט ווי אין די נייע וואַנעס. די אַלטע וואַנעס זיינען אַזוי טיף ווי אונדזער מקווה אין דער היים, און דערצו וועט עס ענק נישט קאָסטן קיין סך דירה־געלט, אין גאַנצן פינף און פערציק שמאַליאַרעס אַ חודש. דערווייל האָבן מיר ענק אויך באַזאָרגט מיט בעטן און גוטע מאַט־ראַצן, עץ וועט ענק שאָקלען. אַ מחיה!״ דערביי האָט בערל געוואונקען מיט זיינע גרויע אויגלעך און ווייטער גערעדט צו זיי: — „אויך קיך־טישלעך מיט זעקס בענקלעך, אַ פרידזשידעיר מיט אַ גאַז אויוון איז אויך דאָ אין ענקערע וואוינונגען. דער פרידזשידעיר מיטן אויוון געהערן צו די לענד־לאָרדס ווי עס פירט זיך דאָ שוין אין די בעסערע וואוינונגען. די איבעריקע זאַכן וועט עץ ענק צוביסלעך אַליין איינקויפן און איינפיקסן נאָך ענקער געשמאַק און נאָך ענקערע קעשענעס״.

בערל האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ טאָן פון אַ קאָמענדאַנטשיק: — „קומץ, מיר וועלן נעמען צוויי טעקסיס, איינע פאַרן געפּעק מיט איינעם פון ענק״. ער ווענדעט זיך צו זיין פרוי: — „דו שוירלי, בלייב אין דער היים, ווילסט דאָך זען דיין ליבלינג, דזשעקי גליסאָנען, אויף טעלעוויזיאָן, אוי, איז דאָס אַ ממזר פון אַ קאָמיקער!״.

ער געזעגנט זיך מיט איר מיט אַ לאַנגן קוש אויפן מויל, אַזוי ווי מען טוט דאָס אין די מאָוויס און ער פאַרענדיקט: — „עך וועל באַלד צוריק קומען, וויפיל נעמט דען צוצופאָרן אין די בראָנקס? אַ פינף און פערציק מינוט, דאָס אַלץ״.

בערל מיט זיינע פיר געסט, רודערן שוין אין טעקסאָס. ביי בערלען גייט אַלץ שנעל.

ביים אַדורכפאָרן דעם אונטערוואַסערדיקן טונעל, דערקלערט זיי בערל, ווי אַן אַלטער תושב, אַז דער טונעל איז אונטערן „איסט־ריווער״. דערביי ווייזט ער זיי די ווייסע קאַפּעלנע וועגנט און דאַך; די פּאָליציאַנטן אין בלויע רעק מיט גלאַנציקע מעשענע קנעפּ, וואָס שטייען אויף דער לאַנגזייטיקער ראַמפּע, דער הויכער. בערל רעדט: — „די „פּאָליס״ האַלטן אַן אויג אויפן אויטאָמאָבילן־טרעפיק, וואָס רוט נישט קיין מינוט; עס קאָכט דאָ ווי דער סמבטיון, וואָס רייד, עך, סמבטיון! — יענער רוט דאָך פון פרייטיק צוועלף בייטאָג ביז איבער שבת, אָבער דאָ איז פּונקט קאַפּויער, ערשט פרייטיק, הייבט זיך אָן דאָס רעכטע־געדיכטע מיטן איילן פון די מענער אַהיים, אויף די „וויק־ענדס״, אויף שבת און זונטיק. איר הערט! מ׳ציילט אויף די אַלע

דרויסנדיקע וועגן די געהרגטע נאָך יעדן „וויק־ענד", מ'ציילט זיי ווי נאָך אַ שלאַכט צווישן די דייטשן מיט די רוסן ביי סטאַלינגראַד".

די אַלע נסים ונפלאות, האָט בערל דערציילט פאַר חיימל, רעגינאַ און דבורהלען. מנשה איז געפאָרן מיט די פּעק אין דער צווייטער טעקסי, היגטער זיי. בערל האָט גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג, „אַז דער גאַנצער טונעל איז אַזאַ שטאָלענע רער, געצויגן אונטערן ר י וו ע ר ביז אויף דער יבשה, פון דער אַנדערע זייט. עהע! ווען כ'זאָג ענק „ריווער", איז דאָס נישט אונדזערע מונקאַטשער ריטשקע, אָדער אונדזער ירדן, צי דער ירקון, וואָס מקען זיי אַריבערגיין מיט פאַרקאַטשעטע הויזן אין צוויי מינוט! איבערן „ריווער" גייען די גרעסטע שיפן, ער איז טיף ווי אַ ים, ברייטער ווי אַ גאַנץ מונקאַטש, אפשר ברייטער ווי בודאַפּעסט, מיטן טייך דונאַי צוזאַמען. קענט עץ שוין זיך פאָרשטעלן וויפיל יאָרן פון אַרבעט, מיט טויזנטער מענטשן און מיט די בעסטע אַמעריקאַנישע אינזשענירן, ס'איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין אָט דער רער, וואָס מיר פאָרן איצט דורך איר, ס'האָט אָפּגעקאָסט הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, און אויך פיל מענטשלעכע לעבנס, צו פאַרבינדן ברוקלין, לאָנג איילאַנד מיט מאַנהעטן ווי ס'הייסט דאָס שטיק ניו־יאָרק. אַזוי זיינען אויך אויסגעפּלאַסטערט געוואָרן שטראָסן פון די דריי „באָראָס" מיט די קאָלאָסאַלע אויטאָמאָביל־וועגן וואָס שלענגלען זיך אין אַלע זייטן. און צוליב דעם זיינען שנעל אויפגעקומען די נייע שטעט און שטעטלעך אַרום ניו־יאָרק, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן איבער נאַכט ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. עך, דאָס ניו־יאָרקעלע!

וואָס מער זיי גאַפן דורך די קליינע פענצטער פון דער טעקסי מיט טיפן נייגער, אַלץ מער און מער מיט הייסע, עקזאַלטירטענדיקע רייד דערציילט זיי בערל פון די גרויסע אַמעריקאַנישע וואונדער, ווי ער וואָלט שוין דאָ זיין פון ווער ווייסט ווי לאַנג, און ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ שותף צו אָט דעם אַלעמען. אפשר איז אויך דאָס דער איראַציאָנעלער כוח, וואָס שטעקט אין די אימיגראַנטן מיט אַזאַ עכטן טיפן פאַריאָטיזם צו אַמעריקע וואָס איז פרעמד אַפילו צו די גאָר אַלטע געבוירענע „יענקיס".

פאַר די מיטפאָרנדיקע, ערשט־אָנגעקומענע, זיינען בערלס אַנטציקנדיקע רייד וועגן אַמעריקע, געווען אייגן צו זייערע געפילן, ווייל אויך זיי זיינען געווען פול מיט באַגייסטערונג פאַר די ערשטע אַנטפּלעקטע וואונדער פון דער נייער וועלט אַמעריקע!

זיי האָבן דאָך שוין ביטאָג, ביים פאָרן פון דער שיף אינעם פאַרנעפּלדן פרי מאָרגן, געזען די „הימל־קראַצערס" און זיי האָבן געגאַפט מיט אָפענע

מיילער. איצט, ביינאַכט, האָט חיימל געזאָגט, אַז — „אַזאַ שיינקייט מיט אַזאַ גרויסן פאַרנעם, איז גאָר נישט משיג צו זיין מיטן שכל״. אַפילו די שטילע דבורהלע האָט באַמערקט, „אַז פון לייענען און הערן ביזן זען דאָס גרויסע וואונדער, איז ווי פון טאָג צו נאַכט״.

רעגינאַ, האָט מיט אַנטציקונג, ווי אויסגעשריגן — „די סקאַיסקרעי־פערס, ווי מען רופט זיי דאָ, שיינען מער פאַנטאַסטיש ווי די קאַרפּאַטן־בערג און שטייגן איבער אַפילו די שווייצאַרישע אַלפּן. די הייזער זעען אויס אינעם נעפּל פון דערוויטנס, ווי די עגיפּטישע פּיראַמידן, פּילייכט נאָך שענער און געהיימניספולער״. אַצינד ביי דער נאַכט־באַלויכטונג פון מיליאָנען פענצטער, איז דאָך דאָס ווי אַ געוועב. אַ געפלעכט פון אַזאַ אויסטערלישער מאַזאַאיק, אונטערן טונקל, בלויען הימל וואָס קיינער, אַפילו דער גרעסטער פּאָעט מיט דער רייכסטער פאַנאַזיע, קען זיך דאָס גאַרנישט פאַרשטעלן און באַשרייבן. דאָס איז אַ גרויסע, הערלעכע פּאָעמע פונעם באַפרייטן מענטש אין דעם שיינעם לאַנד אַמעריקע, זי איז נישט נאָר די גרעסטע שטאָט אין דער וועלט נאָך אויך די שענסטע״. אַזוי האָט געפּייערט רעגינאַ מיט „פסוקים״ פון אירע פאַנסיאָן טעג... אָדער נאָך פריש פונעם ברזל־היפּנאָז.

זיי זיינען אַדורכגעפאָרן די האַרלעמער געגנט, פאַרביי די נעגערישע נאַכט קלובן און שענקען, וואו די דזשעז־אָרקעסטערס האָבן מיט אַפריקאַנישן דזשאָנגל־ריטם עלעקטריזירט די ביינאַכטיקע לופט אַרום. פילע יונגע נעגער, פרויען און מענער, האָבן ביי די ווענט פון די טונקל־רויטע הייזער, ווי קאַזאַרמעס אַלטע, זיך געוויגט און אונטערגעטאַנצט ווי קינדער צום טאַקט פון די ווייִנענדיקע סאַקסעפאָנען, שטורמישע האַנט־קלאַפּערס און רופנדיקע פויקן.

בערל האָט געזאָגט אַז אינעווייניק זיינען די נאַכט־קלובן פול מיט ווייסע געסט פון אומעטום — פון גאַנץ אַמעריקע און אויך פון אַנדערע לענדער, וואָס פאַרברענגען דאָ די נעכט ביזן ווייסן טאָג אַריין.

רעגינאַ האָט האַלב־שפּאַסיק אים געפרעגט צי ער וועט זי דאָ אַמאָל מיטנעמען מיט זיין שוירלין אַ נאַכט צו פאַרברענגען. — „ס׳מוז דאָך דאָ זיין זייער אינטערעסאַנט, פּיקאַנט!״ בערל ענטפערט אויך האַלב שפּאַסיק:— „קלוגע מענער נעמען דאָ נישט מיט די ווייבער. פאַרשטייסט? מען האָט נישט באַדאַרפט פירן כישוף קיין מצרים״.

די צוויי טעקסיס האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי צוויי אַלט־מאָדישע רויט־ציגלענע הייזער, געבויט אינעם זעלביקן פאָרמאַט ווי אַ צווילינג. ביים

בריטן אַריינגאַנג האָבן געברענט האַלב טונקעלע לאָמפּן איבער די שוואַרצ־לעך־פאַרנאַכלעסיקטע ווענט, מיט קויטיקע שטיינערנע טרעפּ — מיט אויס־געטראָטענע גריבלעך אין זיי.

יעדער האָט געשלעפּט אַ פּעקל, אַ וואַליזע, אַ קוישל, געקראָכן אויפן צווייטן שטאָק אַרויף. פריער צו מנשהן און דבורהלען מיטן קינד, דאָס פּאַר־שלאָפענע, און נאָכדעם צו חיימלען און רעגינען. די צימערן ביי ביידע אַקוראַט די זעלביקע געבויט מיט פילע יאָרן צוריק אין אַ מאַסן הויז־פּראָדוקציע, ווען די בראָנקס איז נאָך געווען אַ וויסט שטיק לאַנד. מען האָט דאַן, דורך אַ יאָר אַרויסגעכישופט הייזער, אָט ווי באַלאָנען, האָט זיי בערל דערקלערט. ער האָט זיי געוויזן דורכן פענצטער, די הויכע בריקן מיט די אייזערנע שטאַנגען און רעלסן: — „קוקט, קוקט! די באַלייכטענע עלעוועי־טאָר־סטאַנציע אַקעגן וואו ס'איז גראָד אַנגעלאָפן אַ צען־באַלויכטענע וואַגאָ־נען־באַן וואָס האָבן באַלויכטן די קעגנאיבערדיקע רעלסן, וואָס האָבן פון דער ווייטנס געגלאַנצט ווי זילבערנע שטאַנגען. — „האַ, וואָס זאָגט איר דערויף? דאָס איז" — האָט בערל זיי דערקלערט מיטן ווייז־פינגער — „די בראָנקסער עקספּרעס־סאָבוויי, וואָס עטץ וועט נעמען יעדן אינדערפרי צו פאָרן צו דער אַרבעט. עטץ וועט פאָרן ביז דער צוויי־און־פערציקסטער סטריט, גרענד סענטראַל; פון דאָרטן וועט עטץ נעמען דעם „שאָטל" אַ קליין באַנעלע, וואָס וועט ענק אַריבערפירן צו דער וועסט־סייד; אין אַ פּאָר מינוטן וועט עטץ זיין אין דער דזשולערי גאַס און ענקער בשותפות־דיקער ברילִיאַנטן־שלייפעריי. דאָס איז פּונקט אַקעגן דעם גרויסן דזשולערי־עקסטשעטנדזש וואו אין סאַמע פראַנט געפינט זיך מיין ביזנעס מיטן נאָמען „די פוירסט קוואַליטי בלו־ווהייט דיימאַנד־קאָמפּאַני.

ווען בערל האָט זיך געשיידט מיט זיי האָבן זיי אים באַגלייט ביזן טראָטואַר, פון זייערע וואוינונגען און געוואַרט ביז ער האָט געקראָגן אַ טעקסי. ביים עפענען די טיר צום אַריינגיין אין דער טעקסי זאָגט ער צו זיי: — „עטץ זאָלט דאָ שטיין מאָרגן אין דער פרי, זיבן אַייזגער, איך וועל קומען נאָך ענק, דאָס ערשטע מאָל ענק צו ווייזן ווי אַזוי מען פאָרט מיטן סאָבוועי צו דער אַרבעט. געדענקט, איך בעט ענק צו זיין דאָ פּינקטלעך אין צייט ווייל אין אַמעריקע לעבט מען אויף דער מינוט.

מנשה איז שפּעטער אַריין פאַר עטלעכע מינוט צו חיימלען און רעגינאַן אין זייער דירה. זי איז געזעסן אַן אומעטיקע ביים ווייסן טישל אין דער קיך, וואָס האָט געגלאַנצט ביים שיין פונעם עלעקטרישן לאָמפּ, ווי די ווייסע ווענט ביי זיי אין נתניה. נאָר דאָ האָט מען נישט געהערט דאָס שאָרכן

פונעם ים־ברעג נאָר דאָס זשומען פון דער באַן און דער גאַס־טומל, דאָס רודערן פון די לאַסט־אויטאָס מיטן טרובן פון די שנעל־פאַרביי לויפנדיקע אויטאָמאָבילן. דערביי האָט זי אויך געהערט דאָס געפּילדער פונעם אַקעגנאיבערדיקן קענדי־געוועלבל מיט דער אָפענער טיר און אַ שפּאַן־ברייטן פענצטער וואו ס׳האָט געווימלט ווי אין אַ בין־שטאָק פון דער יונגוואַרג, ייִנג־לעך און מיידלעך, אין בלויע און שוואַרץ־צייג ענג־געפּאַסטע הויזן, מיט רויטע, ווערסטערן העמדער. יונגוואַרג וואָס האָט געלאַכט און געשריגן מיט זייערע אייז־קרימס ביי די לעקנדיקע מיילער.

רעגינאַ איז געזעסן ווי אַן אַריינגעפּאַלענע אין אַ פרעמדער, אומבאַקאַנ־טער וועלט. מנשה האָט זי און חיימלען געוואָלט אויפמונטערן מיט האַ־פערדיקע רייד און געזאָגט: — „מען דאַרף זיך נאָר אַביסל צוגעוואוינען צום נייעם אַרום; מען דאַרף אויפהענגען נייע פאָרהאַנגען שיינע, ווי דו קענסט, רעגינאַ, מיט דיין פיינעם געשמאַק. מען דאַרף אויך אויספילן מיט מער מעבל די לאַנגע שטובן. צוזאַמען מיט מיין דבורהלען וועט איר, מיט די אָפגעשפּאָרטע פּאָר טולער קענען אַ סך אויפטאָן, אָדער מען קאָן דאָס גלייך בעמען אויף אָפּצאָל — אויף קרעדיט, וואָס דאָ טוט דאָס יעדער איינער. מיר וועלן נישט דאַרפן וואַרטן אויף שפּעטער. ווערסט זען, רעגינאַ, ווי שיין אונדזערע וואוינונגען וועלן זיין. מיר זאָלן נאָר זיין געזונט און מיטן רבונו של עולמס הילף וועט אַלץ זיין בסדר, ווי מען זאָגט אין נתניה״.

מנשה געזעגנט זיך מיט זיי: — „שלום רעגינאַ, שלום חיימל. פאַרגעס נישט צו זיין פּונקט אין צייט מאָרגן אינדערפרי זיבן אַזייגער, בערל זאָל נישט דאַרפן וואַרטן אויף אונדז״.

ווען מנשה קומט אַריין צו זיך אין הויז, הערט ער דאָס געוויין פונעם קינד וואָס דבורהלע קאָן אים איצט, בשום אופן נישט איינשטילן. זי שטופּט איר אינעם מיילכעל ד ברוסט צום זויגן, אָבער עס העלפט נישט. שטייט מנשה אַ פאַרזאָרגטער, דבורהלע באַרואיקט אים: — „סאיז גאָר נישט ס׳קינד איז נישט צוגעוואוינט צו דעם אַרומשלעפּן זיך אַזוי שפּעט ביי נאַכט. איצט, אַ דאַנקן גאָט, מיר זייבען שוין אין אַן אייגן ווינקל, וועט אַלץ זיין בסדר״. זי לייגט זיך מיטן קינד אין בעט, טוליעט עס צו זיך מיט איר וואַרעם לייב.

טונקל, דער טאָג גייט — איז שוין אַוועק.

זיי שלאָפן איין זייער ערשטע נאַכט, אינעם נייעם לאַנד אַמעריקע מיט ביטחון און האָפנונג.

יא.

# אין דער דימענטן־שלייפעריי

אויף מאָרגן אינדערפרי איז בערל מיט זיי אַרויפגעגאַנגען די הויכע טרעפ פונעם סאָבוויי און געקומען ביים פאַרמאַכטן פענצטערל מיט דער אונטערשטער, האַלב־פאַרונדיקטער קליינער עפענונג צען „טאָקנס״, ביים אָנגעשטעלטן מענטשן אינעווייניק; זיי געוויזן ווי דאָס אַריינצולאָזן אינעם אײַזערנעם אויסשניט, ווי אַ מויל, וואָס שלינגט די „טאָקנס״ ווי — „עשיו האָט אַמאָל געשלונגען יעקבס רויטע לינדזן״; נאָכדעם זיי געוויזן וואו אַזוי צו שטופּן מיטן בויך דאָס גראָב־פאַרשניצטע שטיק האָלץ, וואָס קלאַפּט־אָן ווען מען געפינט זיך שוין אויף דער אַנדערער זייט; דעמאָלט וואַרט מען ביז די באַן גליטשט זיך אַריין מיט געפּאַקטע וואַגאָנען מיט מענטשן, — צוזאַמענגעפּרעסטע הערינג אין אַ פאַס. די טירן צעפראַלן זיך מעכאַניש ווי נישט־גוטע אין די שטאָלענע ווענט אַריין. בערל איז שנעל אַריינגעלאָפן מיט זיי. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אינעם מיטלסטן ווייסן סלופּיקל מיט דער רעכטער האַנט איבער די פיל אַנדערע זיך־האַלטנדיקע הענט, ווייל די פון אויבן אַרויסגעשטאַרטע „האַנט־האַלטער״ זיינען שוין געווען פאַרנומען. ווען די באַן האָט זיך גערירט האָבן זיך די מענטשן אַ שאָקל געטאָן ווי אַ פעלד מיט געדיכטע זאַנגען אין אַ שטורמווינט.

מנשה און חיימל האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן בערלס רעקל און אין זיינע אַקסלען, זיי האָבן זיך געטוליעט צו אים, ווי קינדער קליינע ביי דער מאַמעס פאַרטעך. בערל האָט זיי געהייסן אָנצוכאַפּן זיך אין די שטעקעלעך פון די הענט־האַלטער איבער די אַנדערע הענט: — „האַטס נישט קיין מורא״ האָט ער צו זיי געזאָגט: — „כאַפּטס ענק אָן וואו נאָר עטץ קאָנט, דאָ מוז מען כאַפּן וואָס מען קאָן״.

זיי האָבן געקוקט מיט קנאָה אויף די זיצנדיקע וואָס לייענען געמיט־ליך די גרויסע צייטונגס־בלעטער, ווי פלאַכטעס. טייל לייענען קירצערע בלעטלעך מיט אַ סך בילדער פון געשאָסענע מענטשן אויסגעצויגענע, טויטע און נעבן זיי אויף די בילדער שטייען פּאָליציאַנטן מיט געלאָדענע פּיסטאָ־לעטן. אויף די אַנדערע זייטן פון די צייטונגס־בלעטער, זעען זיי בילדער פון האַלב נאַקעטע בתולות. דאָס מוז זיין, טראַכטן זיי, זייערע כלות וואָס טוען זיך איבער צו גיין צו די לוויהס פון זייערע דערשאָסענע חתנים. ווען די זיצנדיקע מישן די בלעטער וואָס זיינען אויסגעצויגן פאַר זייערע אויגן,

זעען זיי לאַנגע נקבהשע פיס, איינגעבויגענע מיטן אָנטאָן דינע, העלע זאָקן אויף זיי. דאָס מוזן זיין, טראַכטן זיי, „די גרינע", רעקלאַמעס פון געוויסע סאָרטן זאָקן. נעבן די פיס שטייען — אין די צייטונגען — הויכע פלעשער מיט שנאַפּסן, ווייל דאָ אין אַמעריקע, מוז מען צוגעבן אַ פלאַש בראָנפן צו יעדער געקויפטער פּאָר זאָקן, אָדער פאַרקערט, אַ פּאָר זאָקן צו יעדן גע־קויפטע פלעשל משקה.

ווי ערשט אָנגעקומענע, חידושן זיי זיך איבער די פיל רעקלאַמען אין די וואַגאָנען. ביים אָנקומען אין גרענד־סענטראַל, זעען זיי פאַרשיידענע פּלאַקאַטן אויף דער פּלאַטפאָרמע און אויף איינעם צינדט אַ בלאָנדע פרוי, בלוט און מילך, אַ צינד־העלצל, ביים מויל פון אַ געזונטן מאַן מיט פאַר־קאַטשעטע אַרבל פונעם העמד, אַזוי ווי ער וואָלט זיך גרייטן אימיצן צו דורסן. דאָס מוז אַוואַדע זיין, זיין ווייב, טראַכטן זיי, וואָס גיט אים צו פאַררויכערן, כדי איינצושטעלן זיין כעס, ווי זי וואָלט זיך בעטן ביי אים: — „שלאָג זיך ניט! האָב געדולד!" וואָרעם אָט טאַקע דערביי שטייט אַ בילד פון אַ קעמל מיטן הויקער, וואָס דאָס איז אַ לערנונג אַז מען מוז האָבן גע־דולד ווי דאָס קעמל...

אָט אַזוי האָבן די ערשט־געקומענע פאַרטייטשט פאַר זיך אַליין די ערשטע זאַכן וואָס זיי האָבן געזען אין דער אַמעריקע!

מען איז אַרויס פון סאָבווי. — „אַרויס!" האָט בערל קאָמאַנדעוועט. ער איז אַרויפגעלאָפן די טרעפּ און זיי נאָך אים. ער האָט זיי געוויזן די רייען פון די רויטע לעמפּלעך אויפן נידריקן סופיט: — „אָט די לעמפּלעך וועלן ענק פירן צום „שאַטל" וואָס פירט אַריבער פון איסט צו וועסט — פון מזרחדיקער צו מעריבדיקער זייט פון שטאָט".

ביים צוקומען פון „שאַטל" — אַ געלויף פון אַלע זייטן ווי ביי אַ שריפה אין דער היים. „דאָס לויפט מען" — זאָגט בערל — „זיך אַריינצור־כאַפּן אין די אָפענע טירן פון דער קליינער פאַרבינדונגס־באַן. קומטס!" זיי באַמערקן אַז ווי אויף צו ל.הכעיס פאַרהאַקן זיך די טירן פון דעם באַנדל פונקט דאַמאָלט ווען פיל אָנגעלאָפענע בלייבן שטיין ווי אָפּגענאַרטע, פאַר־סאָפּעטע ביים ראַנד פון דער פּלאַטפאָרמע. און דער אַלטער אירלאַנדער גוי שטייט זיך געמיטלעך מיט אַן אייזערנער לאַנגער שטאַבע, ווי אַ גזלן. מיט דער שטאַבע לאָזט ער אַרויס פונעם דיל פאַר יעדן באַנדל ביי די ברייטע עפענונגען די פאַרקיילעכדיקע, אַזאַ מעכאַניש געל געפאַרבט שמאָל בריקל, מ'זאָל נישט אַריינפאַלן צווישן די רעדער, ס'דאַכט זיך זיי אַז ער

פרעגלט זיך פאַר שמחה פון דעם בחינםדיקן לויפן פון די אָפּגעגנאַרטע מענטשן...

בערל האָט זיך, אין גרויס איילעניש, אַדורכגעשטופּט מיט זיי ביים אָנקומען צו טיימס־סקוועיר. ער האָט זיי דאָרט געוויזן דעם נאָענטן אַרויס־גאַנג וואו אין עטלעכע מינוט וועלן זיי זיין אין דער דזשולערי־גאַס, מיט אירע צירונג־עקסטשענדזשעס.

ער האָט זיי אַריינגעפירט, לויפנדיק פאָראויס, אין איינער פון די הויכע ביוראָ־געביידעס צו לינקס. זיי זיינען אַריין אינעם „עלעוועיטאָר". דער נעגער, אָנגעטאָן אין אַ ברוינעם מונדיר מיט גאָלדענע טאַשמעס און גאָלדענע לאַמפּאַסן ביי די זייטן פון די הויזן, מיט מעשענע קנעפּ און אַ צוגעפּאַסט היטל אַ שטייפס, מיט אַ פאַרשפּיצטער דענקע, ווי אַ היימישער הוזאַרן־אָפּי־ציר, האָט זיי אַרויפגעפירט אינעם געפּאַקטן מאַהאַגאַני־קאַסטן אויפן זעכצנטן שטאָק, זיינען אַדורך דעם געדרייטן קאָרידאָר, האָט ער זיי אַריינגעפירט אינעם צימער — 1608.

בערל האָט געעפנט די טיר מיט אַ ברייטן גוט ברודערישן „גוט־מאָרגן" צו די שוין שטייענדיקע שלייפערס ביי די לאַנגע טישן מיט די קיילעכיקע שווער אייזערנע שליף־מאַשינען מיט שרויפן, וואָס זעען אויס ווי די גרויסע, שווערע אייזן באַלעמס אין די צירקן, וואָס די מעכטיקע ריזן הויבן אויף אין דער לופטן. ביי טייל טישן האָבן די שלייפערס שוין געאַר־בעט ביי אַנדערע — ערשט אויסגעפּאַקט זייערע געברענגטע אָנבייסנס און די „סענדוויטשעס" פאַרן שנעלן מיטאָג־בייס, נאָך זייער איינגעשטעלטע געוואוינטקייט וואָרעם גלייך נאָכן דאַווענען לעבן זייערע נאָענטע שולן, בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך, אין דער ברוקלינער־ווילי־אַמסבורגער געגנט, „כאַפּן" זיי די סאָבוועי, מיטנעמענדיק מיט זיך זייערע פּעקלעך עסן פאַרן גאַנצן טאָג, אי צוליב כשרות און אויך צו שפּאָרן די עקסטראַ הוצאות אין דעם היינטיקן גרויסן יקרות.

אין דער גאָר קאָכיק־פאַרנומענער צייט אינעם האַרבסט־סעזאָן, ברענ־גען זיי מיט זיך אויך זייערע נאַכט־עסנס נאָכן דאַווענען מנחה־מעריב אין זייער שלייפעריייען מיט זייער אייגענע און אויך מיט נאָך יידן וואָס קומען צו זיי צום דאַווענען. דאָס זיינען יידן פון די געשעפטן אַרום און פון די דימענטן־בירזשעס — די דאַרפן קדיש־זאָגן אין די יאָר־צייטן. ס'זיינען פאַראַן אין דער יואוועלירן גאַס, עטלעכע מנינים אַזעלכע וואָס באַשטייען פון פּוילישע־גאַליצישע, אָבער אַממייסטנס פון די אונגאַרישע יידן, צווישן וועלכע אויך די יידן פון דער סלאָוואַקיי ווערן פאַררעכנט ווי אייגענע.

אַ חוץ די וואָס האָבן געוואוינט, פאַרן לעצטן וועלט־קריג אין בעלגישן אַנט־ווערפּן אַפילו בלויז עטלעכע וואָכן — יענע האָבן זיך ליב צו רופן: — „די בעלגיער". דאָס זעלבע איז מיט די וואָס האָבן בלויז אַריינגעשטעקט אַ פוס אין פּאַריז, און קאָנען מער נישט ווי זאָגן אין פראַנצויזיש „באָן זשור", יענע רופן זיך אויך, נישט גאַליציאַנער אָדער פּוילישע, נאָר „פראַנצויזן".

בערל האָט ביים אַריינקומען מיט זיינע נייע צוויי דימענט־שלייפער, מנשה און חיימל, צו זיינע אייגענע שלייפערס פון דער סלאָוואַקיי, זיי פאַרגעשטעלט בקול־רם: — „אָט כ'האָב ענק געבראַכט די צוויי בעסטע שלייפערס, רעגעלע פאַך־מענער פון נתניה, וואָס האָט אַ נאָמען, ווי עטץ ווייסט, אין דער דימענט־בראַנזשע מיט אירע עי־וואָן דיימאָנד קאַטערס".

בערל האָט זיך געווענדט צום הויכן שלייפער בנימין פון אונגאַרן, מיט וועמען ער האָט שוין פון פריער אָפּגעמאַכט אַז ער זאָל זיי ווייזן די היגע סיסטעם פון אַרבעט: — „אָט, עטץ זעט!".

פאַרן אַוועקגיין זעענדיק אויף זיין האַנט־זייגערל אַז ס'איז שוין שפּעט, האָט ער שנעל אַ זאָג געטאָן צו בנימינען: — „פאַרגעסט נישט וואָס מיר האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זעך, כ'וועל ענק צושטעלן גענוג אַרבעט, פּלענטי פאַר ענק אַלעמען".

בנימין האָט זיי אַוועקגעזעצט נעבן זיך ביים צוויטן טיש פונעם מיטלסטן פענצטער, ביי די צוויי געגרייטע שלייפער־מאַשינען. ער האָט זיי געגעבן פאַר פראָבע עטלעכע קליינע דימענטן־שטיינדלעך צום שלייפן.

די שלייפערס פון נתניה, אַזוי ווי אַלע אַנדערע דימענטן־שלייפערס פון מדינת ישראל, האָבן זיך געשאַפן אַ גוטן נאָמען אין שלייפן „מעלי", דאָס איז דער נאָמען פון די קליינע דימענטן וואָס גייען פון צוואַנציק שטיינדלעך ביז הונדערט צום קאַראַט. נאָכן אָפּאַרבעטן דעם ערשטן האַלבן טאָג האָט בנימין מיטן פאַרגרעסערונגס־גלאָז איבערגעקוקט זייער אַרבעט און אַ צו־פרידענער אויסגערופן אויפן הויכן קול, אַז די שלייפערס ביי די אַנדערע טישן זאָלן הערן: „אַז מ'קלינגט איז אַ חגא! אויב נתניה קאָן אַרויסגעבן אַזעלכע גוטע פאַכלייט, מעג זי טאַקע שטאָלצירן מיט איר „מעלי" און טאַקע הייסן זיך צאָלן אַ העכערן פּרייז. עהע! די סוחרים וואָס זיינען מבינים, צאָלן ווי אַ טאַטע, די קעפּ זיינען זיי נישט אויסגעדאַרט. יעס, זיי האָבן דאָס כשר פאַרדינט די נתניהער! די צוויי גריבע, זיינען „עי־וואָן"־שלייפערס". און ווענדענדיק זיך צו מנשה און חיימלען האָט ער צוגעגעבן: — „איר זענט אָקעי! ווי כבין אַ ייד. מיר וועלן אַרבעטן בשותפות".

נאָכן דאַווענען מנחה־ומעריב מיטן מנין, זיינען מנשה און חיימל צו־פרידענע אַהיימגעפאָרן.

# ערב פּסח און פּסח

אַזוי ווי ס׳איז שוין געווען נאָך די „רעשיקע פאַר־שטונדן" האָבן זיי אינעם סאָבוויי געקראָגן פּלעצער צו זיצן צוזאַמען און זיי האָבן זיך גע־מיטלעך געלייענט די יידישע צייטונגען וואָס זיי האָבן געקויפט ביים צייטונגס־געשטעל, נישט ווייט פון אַריינגאַנג אינעם סאָבוויי. נאָכן איבערלייענען די נייעס פון ישראל און אויך אַנדערע נייעסן האָבן זיי, ווי צוזאַמען, מיט גרויס נייגיר געקוקט אין צייטונג אויף די פאַרשיידענע רעקלאַמירטע סחורות און שפּייזן. זיי האָבן זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף די אַנאָנסן— גרעסטע רעקלאַמען! מעלות טובות מיט בלענדיקע כפל־שמונהדיקע אותיות: „מצות, מצות! אונדזערע מצות זיינען פריש און קרוכלע, אָן אייער און מיט אייער, האַלב מיט אייער, האַלב מיט וואַסער". — אַ צווייטער אַנאָנס:— „אונדזערע מצות! אונדזערע מצות זיינען העל און ווייס ווי פרישער שניי, גלייך געזעדלט, טעם־גן־עדן, צעגייען זיך אין מויל, ווי פּוטער אויף דער זון". און אַ דריטער אַנאָנס געגנאיבער: — „אונדזערע מצות זיינען געבאַקן אָן הענט, פונעם פאַרקנעטן ביזן פאַרפּאַקן, ספּעציעלע מצות, אָן עקסטראַ קאָסטן פאַר מענער און פרויען און פאַר קינדער, וואָס ליידן פאַרשיידענע מיחושן, ווי דיאַביטיקער, (צוקער־קראַנקע) צום ביישפּיל.

איין אַנאָנס וויל איבערשרייען דעם צווייטן. חיימל און מנשה שטיקן זיך פון געלעכטער איבער די אַמעריקאַנישע גוזמהדיקע אַנאָנסן. מנשה איז עס מסביר — „אַזוי ווי עס קריסטעלט זיך אַזוי יידלט זיך, דאָס איז דיר די אַמעריקע. די אַלטע תושבים דאָ, ווייזט ער אים אָן אויף קעגנאיבערדיקע יידן מיט יידישע צייטונגען אין די הענט, זיי גיבן שוין אַפילו קיין שמייכל נישט, ס׳קימערט זיי ניט פון די גוזמאָס! — „הרגל נעשה טבע" — לייגט צו חיימל. ביידע לייענען די ווייטערע אַנאָנסן, פון וויינען לכבוד פּסח, זעען בילדער: — „גרויסע ווייַנטרויבן, גרעסער ווי גענזענע אייער, פונעם סאַמעראַדנער זוניקער קאַליפאָרניע". דורך אַן אילוסטרירט בילד, ווערט געוויזן ווי דער וויין שפּריצט פון די ביימער; פאַנטאַנען גלייך אין די פעסער און אין די פלעשער אַריין: ס׳איז אַזאַ וויין, וואָס טרינקט זיך פון זיך אַליין". און ווייטער: — אַנאָנסן פון „כשר לפּסח"" „דיקע געפילטע

פיש, ערשט געכאַפּטע״, מיט אַ בילד ווי צוויי גרויסע, הויכע פישערס ציען אַרויס פון אַ טייך מענגעס צאַפּלדיקע פיש און אַן איבערשריפט מיט גרויסע אותיות — „אונדזערע פיש זיינען אַזוי באַטעמט, ווי די מאַמע אייערע וואָלט זיי געמאַכט״. — „כריין! כריין צעגייט אין אייער געביין; רייסט נישט, בייסט נישט. און איז דאָך שטאַרק צו געבן אייך אַ צופּ ביז אין דער זיבעטן ריפּ אַריין״... „קוקט! זעט! מאַקעראָנדעלעך, וואָס זיינען באַטעמטער פון מן אינעם מדבר״.

די אַלע פּסחדיקע פּראָדוקטן זיינען פּלאַמבירט מיט חתימות — „כשר לפסח, אַפילו למהדרין מן המדרין, אונטער דער השגחה פון די גרעסטע צדיקים יראים ושלמים און פון די שאַרפסטע גאונים פון דער וועלט, וועלכע באַוואַכן זיי טאָג און נאַכט ס׳זאָל זיך נישט אַריינכאַפּן, חלילה, קיין שטויבעלע חמץ״. און ווי דער שטאַרקסטער באַוויז פאַר דער פּסחדיקער כשרות, איז אין אַ באַזונדערן אַנאָנס אין אַ גאָלד־געראַמטן קעסטעלע געשריבן: — „ווער עס וועט געפינען אין קרישקעלע חמץ אין אונדזערע פּסחדיקע פּראָדוקטן, דער קריגט אַ פּרייע רייזע קיין מיאַמי, פלאָרידע, איינצושטיין דאָרטן פריי, פאַר צוויי וואָכן, ביים ביטש, אינעם גרעסטן, גלאַט־כשרן האָטעל, מגן־דוד״.

— „ס׳מוז שוין זיין דער אמתער האָטעל!״ גיט מנשה אַ זאָג. און חיימל ענטפערט: — „מסתמא אַ פּאַלאַץ ביים קיניג דוד!״...

אין דער היים, ביי זיך, האָבן בײדע, קודם כל, איבערגעגעבן זייערע ווייבלעך, רעגינאַ און דבורהלע, אַז זייער אַרבעט האָט נושא־חן געווען סיי ביי זייער נייעם שותף, בנימינען, און סיי אויך ביי אַלע שליפּערס. זיי נעמען דערנאָך אַרויס די ציטונגען פון זייערע קעשענעס און ווייזן זיי די אַלע פּסחדיקע אַנאָנסן, וואָס פאַרנעמען גאַנצע זייטן פון דער ציטונג. מנשה, מיט אַ טאָן פון חוזק לייענט דאָס פאַר זיי, כאָטש די ווייבלעך זיינען גאָר פאַרנומען מיטן העלפן איינע דער אַנדערער מיטן אויפהענגען די נייע פאַרהאַנגען. די פרויען שמייכלען מיט פריידיקע פּנימער. רעגינאַ באַמערקט אַז די יידישע ציטונגען האָבן זיך אויסגעלערנט דעם אַמעריקאַנישן „בלאָף״ וואָס שוועבט צווישן אַביסל אמת און אַ סך ליגן און מאַכן אַ גוטן „דזשאַב״, נישט ערגער פון די גוישע ציטונגען.

רעגינאַ לאָזט וויסן די מענער פונעם באַשלוס צווישן איר און דבורהלע, צו מאַכן בײדע סדרים ביי איר אין דער גרויסער שטוב — „וואו מיר וועלן אויך פאַרבעטן בערלען מיטן ווייב צו די סדרים, אויך זייער אָנקל מיט דער טאַנטע, אויב זיי וועלן זיך נישט האַלטן אין גרויסן — אַז זיי זאָלן גאָר

קומען צו קבצנים, ווי מיר". מנשה האָט צוגעזאָגט צו ריידן מיט בערלען וועגן דעם באַשלוס זייערן. ער האָט זיך דערביי געריבן די הענט פון שמחה פון דער דערוואַרטונג צו האָבן אַזאַ שיינעם, גרויסן סדר. חיימל האָט גע־שטראַלט פון זעען זיין רעגינאַס אַרומפאַרן זיך פאַרן פסח, ווי אַמאָל זיין מאַמע, ע"ה אין זייער אַמאָליקער וואַלד־מלוכה.

יב.

# ביים סדר

אויף מאָרגן זיינען ביידע געקומען פון דער אַרבעט פול מיט פרייד און געלאָזט וויסן זייערע ווייבלעך אַז בערל האָט שוין גערעדט מיטן אָנקל זיינעם און מיט דער טאַנטע, און יענע האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג מיט גרויסן דאַנק. דער אָנקל האָט געזאָגט: — „איך בין מער ווי צופרידן צו קומען צו די גרינע „איזראַעלדיקע" אויפן פּסחדיקן „האַלידעי", וואו איך וועל זיכער האָבן אַ סך „פאַן". איך האָב שוין באַלד פאַרגעסן ווי מען עסט עס פון זינט מיינע ייִנגלישע יאָרן מיט 53 יאָר צוריק".

בערל האָט צוגעשיקט צו זיי דורך פּאָסט, אַ טשעק אויף צוויי הונדערט דאָלער מיט אַ בריוול פון עטלעכע שורות: — „מיינע ליבע און טייערע! דעם טשעק וואָס יעך שיק ענק, זאָלט עטץ אָננעמען ווי אַ „לאָון" וואָס עטץ וועט דאָס מיר צוביסלעך צוריקצאָלן שפּעטער, ווען דער קריסטמעס־סעזאָן וועט קומען, ווען עטץ וועט פאַרדינען מער געלט. יעך בעט ענק דאָס אָנצו־נעמען ווי פריינט פון אַ פריינט. ענקער פריינד בערל".

לכתחילה האָבן זיי זיך אַ ביסל פאַרשעמט מיטן צוגעשיקטן טשעק. זיי האָבן געזען אין דעם ווי עפּעס אַ גרויסהאַלטעריי קעגן זיי, ווי דער היימישער בעל־עגלהניק וויל זיך אַרויסווייזן קעגן זיי, און דורך דעם זיך אַרויפהויבן איבער זיי. איבערהויפּט מנשה, וואָס האָט מיטגעבראַכט די אָפּגעשפּאָרטע עטלעכע הונדערט דאָלער פון נתניה פאַר אַן אייגענער דירה, וואָס ער מיט דבורהלע האָבן געפּלאַנט צו בויען אָדער קויפן. זיי האָבן אויך געהאַט אַביסל געלט פון די הויז־חפצים וואָס זיי האָבן פאַרקויפט פאַרן אַוועקפאָרן. דערפאַר איז זיין מיינונג געווען מען זאָל דעם טשעק תיכף צוריקשיקן בערעלען. אָבער רעגינאַ, האָט געפּסקנט, „אַז מען גיט — נעמט מען, און מיט גאָטס הילף, וועלן מיר דאָס אים צוריקצאָלן „סאָם־

טיים״, שפּעטער. (רעגינאַ וואַרפט שוין אַריין אַ סך ענגלישע ווערטלעך אין איר יידיש).

רעגינאַ האָט מיטן געלט געקויפט נאָך איר גבירישן שטייגער־נאָך די שענסטע ווענעציאַנער ראָלעטן פאַר אירע און דבורהלעס פענצטער, און מיט ניימאָדישע פריליגגס־גאַרדינען. זי האָט אויך גענומען אויף אויס־צוצאָלן שיינע, ניימאָדישע מעבל־גאַרניטורן, פאַר ביידע פּאַרלאָר־שטובן, עס הייסט פאַר די הויפּט אויפנאַמע־חדרים צו דער פראָנט, מיט עטלעכע שיינע שטיי־לאָמפּן און מיט נאָך אַנדערע נויטיקע הויז־זאַכן פאַר ביידע היימען.

אַז די אַלע זאַכן זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אין זייערע שטיבער, וואָס זיינען געווען ערשט פריש געפאַרבט, האָבן זייערע היימען, — ציכטיק אויפגערוימטע, — אויסגעזען „שיין, לייטיש, באַלעבאַטיש״ ווי דבורהלע האָט עס באַצייכנט. רעגינאַ האָט אויך געקויפט פאַרן קינד לכבוד יום־טוב אַ שיין קינדער־וועגעלעע, העל געפאַרבט, אַ זייער לייכטס, פון אַלו־מיניום מיט גומענע רעדלעך, וואָס לייגט זיך לייכט צוזאַמען. רעגינאַ האָט „אַפּעטיט״ און זי טוט אַלץ שנעל...

רעגינאַ האָט זיך אַ נעם געטאָן מיט איר פייער־אימפּעט צוצוגרייטן אַ פּסח כיד המלך. דבורהלע האָט איר צוגעהאָלפן ווען נאָר דאָס קינד איז איינגעשלאָפן, אָבער רעגינאַ האָט זיך ביי איר געבעטן: — „דאָס קינד איז בילכער פאַר אַלץ״, און אַז זי האָט אַליין גוטע פלייצעס מיט פלינקע הענט; זי וועט אַלץ טאָן מיט פאַרגעניגן! און צוגרייטן אַלץ פאַרן שיינעם יום־טוב פּסח״.

יג.

# דער פּסחדיקער טיש.

עטלעכע טעג פאַר פּסח האָט רעגינאַ איינגעקויפט די בעסטע פיש: אַ געמיש פון פרישע העכט, קאַרפּ, ווייסע פיש, אַקענעס, פּייק. רעגינאַ וויל אַלץ. אויך האָט זי איינגעקויפט פליישן פאַרשיידענע מיט אַ שיינעם יינגן אינדיק, מיט צוויי קאָפּ־הענער צום קאָכן און צו בראָטן. און אַזוי אויך אַלע אַנדערע פּסחדיקע שפּייזן און ביי־שפּייזן פונעם שענסטן און בעסטן. מנשה מיט חיימלען האָבן געקראָגן דורך זייערן אַ פרומען שלייפער פרישע, היימישע געבאַקטע מצות, פון אַ חסידישן בעקער אין וויליאַמס־

בורג, און נאָך באַשטעלט ביי אים פּאַרביידע סדרים, מצה־שמורה, געבאַקן פון מונקאַטשער חסידים. ביידע, דער עיקר חיימל, איז געווען גליקלעך־איבערגליקלעך!

ערב־פּסח זיינען ביידע אַהיימגעקומען פריער ווי אַלעמאָל כדי צו העלפן מיט עפּעס, און אויך זיך אַליין צוצוגרייטן צו דער ערשטער סדר־נאַכט.

ביים אַריינקומען אין הויז האָבן זיי דערזען, אַז רעגינאַ האָט שוין אַלץ צוגעגרייט צום סדר. אויבן־אָן איז געשטאַנען דער נייער לען־שטול, וואָס זי האָט געקויפט ווי אַ „סורפּרייז", מיט צוויי ווייסע קישנס ווי ווייסע שניי בערגלעך, אַלס היסב־בעט, פּאַר איר חיימלען. ער וועט זיין דער אָנפירער, דער מסדר, הייסט עס, פונעם ערשטן סדר. אַ שיין, ווייס טישטוך האָט באַדעקט ביידע צוזאַמענגערוקטע טישן. זי האָט אויך אַריבער־געבראַכט דבורהלעס נייע שטולן און זיי אויסגעשטעלט אין ביידע זייטן צוזאַמען מיט אירע שטולן, פּאַר די דערוואַרטעטע געסט, מיט דער עכטער זילבערוואַרג, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון נתניה, האָט זי געדעקט דעם טיש צוזאַמען מיט ווייס, שטייענדיקע סערוועטן, וואָס האָבן אויסגע־זען ווי קעפּלעך פון אַכט ווייסע טויבן, פּאַר די אַכט מענטשן צום סדר.

אַלע לאָמפּן זיינען שוין ביי זייער אַריינקומען געווען אָנגעצונדן; ס'האָט געלויכטן אין אַלע פיר ווינקלען; די הויכע, זילבערנע לייכטער, געבראַכט פון נתניה, זיינען געשטאַנען אין מיטן טיש מיט די אַריינגע־שטעקטע ווייס־סטעארינערנע ליכט; די ווייסע קנויטן האָבן באַשיינט דעם טיש מיט זייער גרויער ווייסקייט, ווי געפרוירענע צאַפּענס פון דינע סאָסנע־ביימלעך אין ווינטער און האָבן אַרויסגעשיינט באַחנטע ווי יום־טובדיק־פאַרפּוצטע ווינטער־אָרנאַמענטן אין די שווייצאַרישע אַלפּן בערג.

דאָס הויז האָט געשמעקט מיט געשמאַקע ריחות פון די געפילטע פיש, וואָס זיינען געווען אויסגעלייגט אין אַ ווייס־באַגולדעטן פּולמע־סאָק, מיט די רויטע פּעניצלעך מערלעך, דין־גלייך געשניטענע ווי גאָלדענע רענדלעך, אויף יעדן חלק פיש; אויך ריחות פונעם ברוין געבראָטענעם אינדיק פאַרווירצט מיט רויטע פּאַפּריקע און אַנדערע געווירצן אויפן אונגאַרישן שטייגער; אויך ריחות און טעם צו גומען פון די הינער און קאָפּ־הענער פאַרקאָכט מיט פאַרשיידענע גרינסן. און שטאַרק האָט פאַרשמעקט דער רייצנדיקער אַראָמאַט פונעם קאופער, וואָס וועט אויך באַנוצט ביים איינזייען פרישע, יונגע אוגערקעס; פון די מערלעך מיט האָניק פאַרן צימעס וואָס זיינען געווען ברוינלעך רויט ווי געטרוקנטע

אַפריקאַנער; אויך דער געשמאַקער ריח פון די געקאָכטע גרויסע פלוימען מיט געטריקנטע עפּל און באַרן. אין דעם אַלעמען איז געווען גאָר אַ סך פון רעגינאַס ברייט־נגידישן פּאַרנעם.

ביידע ווייבלעך, רעגינאַ און דבורהלע, זיינען שוין געשטאַנען ביים סדרדיקן טיש, געבאָדענע, פּאַרפּוצטע אין זייערע טונקל־בלוי נייע קליידלעך מיט ווייסע־זיידענע געהאָפטענע שפּיצן ביי די העלדזער און אַרבל, מיט פרישע געקאַרבטע האָר־פריזורן, ווי וואַסער־כוואַליעס, מיט ווייסע קורצע פּאַרטעכלעך פּאַרבונדן אַרום זייערע דיגע טאַליעס אויף זייערע היפשלעך פּאַרונדיקטע היפטן. זיי האָבן אויסגעזען ביים אַריינקומען פון זייערע מענער, ווי אמתע פסחדיקע מלכות. ביידע מענער האָבן געגאַפט מיט מחיהדיקער ליבשאַפט און מיט גלאַנציקע אויגן אויף זייערע ווייבלעך און אויף דעם הערלעכן צוגרייטן דעם יום־דיקן סדר.

חיימל און מנשה האָבן זיך געבאָדן און מיט גרויס רחבת־הדעת זיך געפּוצט זייערע געקרייזלטע בעדלעך, אַ האָר נאָך אַ האָר. זיי האָבן זיך אויסגעפּוצט אין זייערע שענסטע מלבושים מיט ווייסע, געפּרעסטע העמדער און מיט די נייע, בלויע קראַוואַטלעך, וואָס רעגינאַ האָט פאַר זיי געקויפט לכבוד פּסח.

ס'האָט ניט לאַנג גענומען און עס זיינען אָנגעקומען די געסט צום סדר, בערל מיט שורלי, אָנקל מעק דאַרפין מיטן ווייב, אַזוי זיינען זיי פאַרגעשטעלט געוואָרן פון שירלי. זי האָט דאָס פאָרשטעלן בכבודיק באַטאָנט.

אָנקל מעק, אַ ברייט צעשמייכלטער, ווי ער וואָלט שוין אַלעמען קענען פון יאָרן, האָט היימישלעך אַוועקגעשטעלט אויפן טיש צוויי שיין־פאַר־פּאַקטע געטראַנקן־פלעשער. ער האָט זיי גלייך טאַקע אויסגעפּאַקט צו זען וואָס דאָס איז, און געזאָגט מיט זיין נידעריק־באַסאָווער שטימע: — „כקאָן מיך פאַרלאָזן אויף מיין אונגאַרישן אַלטן פריינד, אַז ער וועט מיר געבן דעם ריכטיקן אונגאַרישן טאַקייער ווייַן, כשר של פסח; מיין פריינד, דזשאָ, דער בילדינג־קאָנטראַקטאָר, האָט עס נאָך באַהאַלטן פון פאַרן לעצטן וועלט־קריג". ער באַמערקט שפּאַסיק: „ביי מיינע איירישע פריינד, קאָן דאָס נישט געשען, ווייל ביי זיי דערלעבן נישט די געטראַנקען אַלט צו ווערן".

בערל האָט אויך געבראַכט צוויי ארץ־ישראלדיקע פלעשער ווייַן וואָס שטאַמען פון ראשון לציונדיקע ווייַן־קעלער. שורלי האָט אויפגעפּאַקט צוויי שיינע בלומען־קאָרסאַזשן און זיי צוגעשפּיליעט צו די בלויע קליידלעך

פון רעגינאַ און דבורהלע; אויך אַ גרויסן בוקעט פון נעלקין און נאַרציסן, וואָס רעגינאַ האָט מיט צעשטראַלטע אויגן זיי אַריינגעטאָן אין אַ גלעזערנע וואַזע, מיט פריש קאַלטע וואַסער און דאָס אַוועקגעשטעלט אין מיטן פון געדעקטן טיש.

חימל, מיט יום־טובדיקער אויפגעהייטערקייט, האָט אַלעמען געבעטן צום טיש. רעגינאַ האָט יעדן געזעצט נאָר איר פּלאַן נאָך, צו רעכטס פון חימלען האָט זי געבעטן זיך זעצן דעם אָנקל מיט דער טאַנטע און שוירלי מיט בערלען; צו לינקס — מנשה מיט דבורהלע. זי אַליין האָט זיך געזעצט אַקעגנאיבער איר חימלען. ביי יעדן איז געלעגן אַ נייע הגדה מיט פּאַרשיידענע, קאָלירטע טאָוועלעך וואָס האָבן האַרמאָנירט מיט די קאָלירן פון דער וואַזע מיט די בלומען.

געמאַכט קידוש האָבן נאָר חימל און מנשה. בערל, אום נישט צו שטעלן דעם אָנקל אין אַ פאַרלעגנהייט, האָט געזאָגט: — „מיר וועלן שוין יוצא זיין מיט ענקער קידוש". רעגינאַ און דבורהלע האָבן טועם געווען פון דעם קידוש־ווייַן פון זייערע מענער.

חימל האָט אַלעמען געטיילט שטיקלעך גרינע פּעטרעשקע, כרפּס; געטונקען אין זאַלץ־וואַסער, געמאַכט די ברכה — אָנגעגאָסן די כוסות, אויפגעהויבן דעם סדר־טעלער, און מיטן אַלט־פּסחדיקן געזאַנג אויסגעזונגען: — „כהאָ לחמאָ עניאָ".

דבורהלע, דעם מונקאַטשער סופרס טאָכטער, וואָס געדענקט נאָך שטיקלעך פונעם חומש, וואָס איר טאַטע עליו־השלום, האָט מיט איר אַלס קינד געלערנט, האָט פון אויסווייניק געפרעגט די פיר קשיות: מה־נשתנה, מיט איר קלינגענדיקער שטים ווי אַ יונג ייִנגל. חימל האָט ווי זיין טאַטע עליו־השלום, מיט חסידישער ברייטקייט און דבקות אָנגעהויבן דעם אַלט נוסחהדיקן זינגענדיקן ענטפער אויף די פיר קשיות... „עבדים היינו", און איז וואָס ווייטער ביים צעשאָקלען זיך מיט מנשהן, אַריין אין דעם מונקאַטשער חסידישן ברען. זייערע שטימען זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל לויטערער און העלער, געמישט מיט איינגעהאַלטענע דערשטיקטע טרערן. אָבער זיי וועלן נישט פאַרשטערן די יום־טובדיקע פרייד! חימל, ווי מנשה, האָבן זיצנדיק ביים סדר, ווידער דורכגעלעבט אין זייערע דמיונות זייערע קינדער־יאָרן און די סדרים ביי זייערע טאַטעס, ווי אויך זייערע סדרים אין די יאָרן פונעם פינצטערן גרוב און פון זייערע סיבירישע וואַנדערונגען.

ביים הויבן די כוסות, ביי „והיא שעמדה עלינו לכלותנו" איז זיי ווי אַ ציטער אַדורך זייערע לייבער, — דער ציטער פון די היטלער־טעג; —

ביים לעצטן פסוק „והקדוש ברוך הוא יצילנו מידם", האָבן זיי זיך דערמאָנט זייער גליקלעכן אָנקומען אין מדינת ישראל; ביי הלל, האָט זייער געזאַנג געקלונגען ווי אַ פייערלעכער הימן מיט ריינער לויטערקייט, ווי אַ זון נאָך אַ מיט־זומערדיקן שטורעם!...

אַלע ביים טיש זיינען באַווירקט געוואָרן פון חיימלס און מנשהס התלהבותדיקער התפעלות. דבורהלע און רעגינאַ האָבן אויך דורכגעלעבט זייערע פיינלעכע איבערלעבונגען. זי, רעגינאַ, האָט נאָכאַמאָל דורכגעפילט איר אַמאָליקן געפּאַלענעם לעבן, אַ לעבן דורך צוואַנג און שרעק כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן; זי האָט ביים סדר אויפסניי דערפילט דעם עקל צו די שכורים, צו די נאַצישע אָפיצירן און דאָס רחמנות צו איר אייגענעם גוף — ביז איר דערלייזונג און ביז איר באַהעפטונג מיט איר ריינעם מאַן חיימלען. אויך בערל האָט זיך מיטגעשאָקלט אַ פאַרטראַכטער מיט טיפער בענקשאַפט נאָך זיינע קינדער־יאָרן. אַפילו אָנקל מעק, וואָס האָט נישט געזאָגט קיין וואָרט פון דער הגדה, האָט געקוקט אויף די אותיות מיט אַזאַ היימישער ליבשאַפט. ווי ער וואָלט די ווערטער ווען איינשלינגען אין זיך. ער האָט זיך דערזען אַלס יינג יינגל, ווי אָט ערשט נעכטן וואָלט עס געווען. ער האָט דאָס טאַקע שפּעטער, ביים עסן, דערציילט: — „כהאָב היינט ביים סדר איבערגעלעבט מיינע קינדער־יאָרן אין די קאַרפּאַטן ביי מיין אָרעמען דאָרפס־טאַטן, ווען כהאָב אַ באָרוועסער געפּיטערט די צוויי מאָגערע בהמות מיט אַ ריטל אין האַנט; זיי געפּירט אויף דער לאָנקע־גראָז און צוריק צום שטאַל, וואו די מאַמע מיינע, וואָס האָט געאַרבעט שווער און ביטער, געשפּאָרט דאָס ביסן ברויט פאַר מיר, ביז כבין אַלט געוואָרן דרייצן יאָר. דעמאָלט האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אַ באָרוועסער צו וואַנדערן שטאָט־איין שטאָט־אויס, ביזקעל־וואַנעט זיך דערשלאָגן, אויף אַ קוילן־שיף צו גאַלוועסטאָן און שפּעטער קיין ניו־יאָרק".

ביים עסן, ווי אין צוזאַמענגעוואַקסענע משפחה, האָבן אַלע פריידיק, היימיש, געפּלאַפּלט און יעדער האָט זיך געסטאַרעט פון עפּעס פריילעכס זיך צו דערמאָנען. בערל האָט זיך גראָב געוויצלט, אַז אַ מלכה איז גוט ווען זי ווערט נישט „טרף" פונקט אַ טאָג פאַר פסח. אָנקל מעק, קוקט אויף זיין ווייב און זאָגט: — „דו, מיין דאַרלינג סוזען, ביסט שוין פאַר די לעצטע פופצן יאָר אַ שטענדיק געזיכערטע „כשרע קווין", זאָלן זיי, די יונגע צוציקעס זיך זאָרגן איבער זייערע מלכות.

נאָכן עסן, האָט דבורהלע געפונען דעם באַהאַלטענעם אפיקומן און אָנקל מעק האָט דאָס, מיט ברייטקייט, אָפּגעקויפט פאַר פופציק דאָלאַר.

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון זיין הינטערשטער הויזן־קעשענע אַ פּעקל מיט געלט גלייך איר צו באַצאָלן. מעק האָט מיט זיין נאַטירלעכער פּשטות געזאָגט: — „פּאַר מצוות ווי פאַר עבירות, צאָל איך „סטריקטלי קעש״. אָבער בערל האָט זיך אַריינגעמישט אים געבעטן דאָס געלט צוריקצולייגן אין קעשענע און געזאָגט: — „אָנקל! וועסט באַצאָלן פאַרן אַפּיקומן גלייך נאָך יום־טוב, דיין קרעדיט איז גוט״.

נאָכן עסן דעם אַפּיקומן האָט חיימל מכבד געווען מנשהן מיטן בענטשן מזומן. נאָכן אָנגיסן די כוסות מיטן גרויסן קאָלירטן כוס פאַר אליהו הנביא, האָט רעגינאַ געעפענט די טיר. דער „שפוך חמותך על הגויים״ האָט גע־קלונגען ווי אַ קללה אויף זייערע אייגענע פייניקער.

די אַלטע הגדה איז ביי זיי געווען אַזוי ווי זי וואָלט ערשט נעכטן פאַרפאַסט געוואָרן.

אַלע האָבן מיט תפילהדיקער שפּילעוודיקייט און פריילעכער צופרידנ־קייט אויסגעזונגען די לעצטע זינגענדיקע ניגונים פון דער הגדה מיטן שפּילעוודיקן קינדישן פינאַל פון „חד־גדיא״ — „אַ ציגעלע, אַ ציגעלע וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדן״...

די שטילע, איינפאַכע סוזען האָט אַ פריילעכע געזאָגט, ביים פאַר־ענדיקן דעם סדר, אַז פאַר לאַנגע יאָרן האָט זי נישט געזען איר מעקן אַזאַ אויפגעהייטערטן ווי ביים היינטיקן סדר.

צום צווייטן סדר האָט שוירלי געבראַכט אַ גרויסן בוקעט־בלומען — רויטע און ווייסע רויזן, מיט צוויי נייע פרילינג־קליידער מיט „פאַרגעס מיך נישט״ בלימעלעך אָפּגעדרוקט אויף זיי; אויך צוויי ווייס־זיידענע בלוזעס מיט שווייצאַרישע האַנט־געהאָפטענע שפּיצן — פאַר רעגינאַ און דבורהלע.

סוזאַן, מעקס ווייב, האָט זיי אויך מיטגעבראַכט צוויי נייע פרילינג־מאַנטלען פון „לאָרד און טעילאָר״ געשעפט. די ווייבער זיינען געווען אין זיבעטן הימל.

בערל, אַ פריילעכער איז אַריינגעקומען מיט אַ ברייטן גוט יום־טוב. זיין פּנים האָט געשטראַלט מיט מונאַקטשער היימישקייט.

אָנקל מעק איז ווי אַריינגעפאַלן מיט זיין האַרטן שוואַרצן דורבי־קאַ־פּעלוש מיט אַ שמייכלדיק געזיכט, אַ פריידיקער ווי אַ שטיפעריש יינגל; אַרומגענומען חיימלען און מנשהן מיט זיינע שטאַרקע אָרעמס, זיי געדריקט צו זיין האַרץ מיט ביידע הענט, זיי געקלאַפּט אין די פּלייצעס, זיינע אויגן פול מיט פייער. ער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן: — „גוד באָיעס,

ביי גאָד!״ „מיינע מונקאַטשער זיינען אַלע מאָל געווען די קליגסטע און די בעסטע אין דער גאַנצער סלאָוואַקיי, כאָטש מען האָט זיי נישט געגלויבט פון דאַנען אָן!״ דערביי האָט ער געוויזן דעם שפּיץ פון זיין ווייז־פינגער און באַרעדט די מונקאַטשער ווייבער, אַז זיי זיינען נישט געווען זויבער.

בערל האָט אויפגעהייטערט פונעם אָנקלס באַגייסטערטן דערמאָנען זיך פון מונקאַטש און צוגעגעבן: — „אונדזער רבי, דער מונקאַטשער, זכרונו לברכה, איז דאָך געווען דער גרעסטער רבי אין דער גאַנצער וועלט! די גאַנצע וועלט מיט וואַרשע אינאיינעם, האָבן דאָך שאלות געפרעגט נאָר ביי אים״.

מנשה האָט דערווייל צוגענומען ביי אָנקל מעקן, זיין „דוירבי״ און אויבערמאַנטל. אַלע האָבן אים שוין גערופן אָנקל. ער האָט, ווי די אַנדערע מענער זיך אָנגעטאָן דאָס ישראלדיקע ווייסע קאַפּל. ער האָט עס יעדע עטלעכע מינוט אַרונטערגענומען פונעם קאָפּ, באַטאַפּט און געגלעט ווי ער וואָלט האַלטן אַ מענטעלע פון אַ ספר־תורה.

נאָכן ווייבערישן ליבלעכן יום־טובדיקן אויספלאַפּלען זיך, וואָס האָבן פאַרקלונגען די שטוב מיט זייערע פאַלצעטן־שטימען, און זיך אויסגעמישט מיט דער גערעדעריי פון די מענער און ספּעציעל מיט אָנקל מעקס נידעריקן באַס — האָט זיך געשאַפן אַ האַרמאָנישער משפּחהדיקער, פּסחדיקער, סימ־פאָנישער פּרעליוד, אַ פּרעליוד פאַר דעם געזאַנג פון פרייע יידישע מענטשן, וואָס גייען איצט ווידער אַמאָל דערציילן ביי אַ פייערלעכן יום־טובדיקן טיש וועגן דעם באַגינען פון יידישן פרייהייט!

יאָ, אין דער צווייטער סדר־נאַכט איז זייער פרייד און געזאַנג געוואָרן אַלץ גרעסער, סיי דאָס זאָגן און זינגען, סיי דאָס היימישע פּלאַפּלען ביים עסן איז געוואָרן איינס, — אַ בונד פון אַ צוזאַמענגעוואַקסענער משפּחה! אַזוי ווי אַ קוואַל וואָלט זיך געעפנט. יעדער איינער האָט געזונגען זיינע לידער, מנשה און חיימל — חסידישע געזאַנגען; בערל — אַ בעל־עגלהיש פאָלקס־ליד; דבורהלע — אַ פרום ליד פון איר טאַטן, דער סופר, בעתן פאַרענדיקן שרייבן אַ ספר־תורה; רעגינאַ, האָט מיט איר טיפן פרויענלעכן עקסטאַז זיך דערמאָנט אַן אַלט ציגיינעריש לידל פון די בודאַפּעסטער נאַכט־קאַפעען און האָט זינגנדיק צוגעקלאַפּט מיט אירע לאַנגע, געטאָקטע פינגער אויף דער קרישטאָלענער וויין־קאַראַפינקע... זי האָט גובר גע־ווען: אַלע ביים טיש, ווי פאַרבענקטע אונטער איר היפּנאָז, האָבן איר אונטערגעהאַלטן מיטן אונטערברומען דעם ציגיינערישן עקסטאַטישן גע־זאַנג און קלאַפּעריי — אַ לידל וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ טרויעריקן

רעפריין פון ליבע און טויט, מיט אַ מין שטילן פאַרגיין אין אַ נישט דאַאי־קער, מיסטעריעזער וועלט!...

צום סוף האָט אָנקל מעק פאַרענדיקט דאָס פיל־ניגודיק געזאַנג מיטן דערמאָנען זיך אַ גאָר אַלט וואָלאַכיש פאַסטעך־ליד וואָס ער האָט אַמאָל געזונגען צוזאַמען מיט די יונגע גויאישע פאַסטוכער ביים פיטערן דעם טאַטנס דאַרע צוויי־בהמות אין די משופּעדיקע מאָגערע גראָזיקע טאָלן אין צופוסנס פון די קאַרפּאַטן־בערג. אָנקל מעק האָט עס איצט מיט אַ שטיל אונטערפייפן, ווי אַמאָל אויף זיין גרין צווייגיק פייפל. — „אַי, איז דאָס געווען אַ פייפל", האָט ער אַ זאָג געטאָן.

דאָס עסן און טרינקען מיטן זינגען האָט זיך די צווייטע סדר־נאַכט פאַרצויגן ביז העט נאָך האַלבער נאַכט. נאָכן עסן דעם אַפּיקומן און בענטשן האָט דבורהלע געעפנט די טיר פאַר אליהו הנביא. ביים אויפשטעלן זיך און זאָגן דעם „ברוך־הבאָ!" האָבן זיך ביי אָנקל מעק צעפינקלט די אויגן און ער האָט ווי געפילט אַ קלאַפּ צו טאָן אליהון אין די פּלייצעס, ווי אַ היימישן מענטשן פונעם מונקאַטשער מאַרק; געוואָלט אים אַריינרוקן זיין ברייטע לאַפּע מיט אַ נאָך ברייטערן אַמעריקאַנישן האַלאָ! האַלאָ, ר' נביאו!"

נאָכן פאַרענדיקן דעם סדר, האָט זיך זיי גאָר נישט געגלוסט אַוועקצוגיין פונעם טיש און זיך שיידן פון זייערע איבערלעבונגען.

מנשה און חיימל האָבן געציילט ספירה, האָבן געזונגען צוזאַמען שיר השירים און ווידער זיך דערמאָנט און דערציילט מעשיות פון אַמאָל, גע־דעכענישן פון זייערע יונגע יאָרן.

רעגינאַ, אַ לאַכנדיקע האָט דערציילט ווי איינמאָל אין דער צווייטער סדר־נאַכט ביים עפענען די טיר פאַר אליהו הנביא, האָט זי — אַ יונג מיידל — בשום אופן נישט געוואָלט צומאַכן די טיר ביז אליהו וועט איר נישט צוזאָגן אַז זי וועט ווערן די כלה־פּרינצעסין פון משיחן! זי האָט זיך שטאַרק צעוויינט ווען די מוטער האָט צוגעמאַכט די טיר מיטן זאָגן: — „שאַט! דער טאַטע וועט זיך וועגן דעם אַדורכריידן מיטן רבין!" רעגינאַ האָט דאָך אייביק געשוועבט אויף ווייטע פאַנטאַזיעס און פיל־פאַרלאַנגנדיקע אַמביציעס.

זיי זיינען אַלע אַזוי געזעסן ביזן פאַרגעסן זיך וואו די נאַכט פון פסח האָט זיך פאַרצויגן ביזן פרי־מאַרגן. אַזוי ווי די הגדה־מעשה פון רב אלי־עזר און עזריה. ביים אויפשטעלן זיך פון טיש האָט אָנקל מעק, דערזעענדיק די אַריינשיינענדיקע מאָרגנליכט, זיך דערפילט ווי אַ שטיפעריש יינגל, און אַלעמען איינגעלאַדן אין זיין אויטאָמאָביל דורכצופאָרן זיך דורך ריווער־

סייד־דרייוו, פא͏ַרביי דעם הא͏ָדסא͏ָן ריווער און צוריק א͏ַהיים דורך צענטרא͏ַל־פּא͏ַרק. ער הא͏ָט מיט זיין בטבעדיקער ברייטקייט גערזא͏ָגט: — „סאיז צו שפּעט פא͏ַר מיר צו גיין שלא͏ָפן, ווייל כדא͏ַרף זיין פריי אין אונדזער בא͏ַנק צו א͏ַ מיטינג פון דעם בא͏ָרד א͏ָף דירעקטא͏ָרס און איך, א͏ַלס טשערמא͏ַן, מוז א͏ַלס ביישפּיל פא͏ַר די א͏ַנדערע זיין פון די ערשטע. דערפא͏ַר קינדער, קומט מיט מיר פא͏ַר א͏ַ פרילנגדיקן פרימא͏ָרגן „רא͏ַיד״.

בערל הא͏ָט זיך געווענדעט צו חיימלען און מנשהען און געזא͏ָגט צו זיי: — „אין ישראל פייערט מען דא͏ָך נא͏ָר איין טא͏ָג פּסח, מיטן איין סדר־נא͏ַכט און עטץ וואס זענט נא͏ָך צוגעבונדן צו נתניה מעגט ענק פא͏ַרגינען מיטצופא͏ָרן, כנעם אויף זיך די עבירה. סהא͏ָבן א͏ָבער נישט געהא͏ָלפן די טענות ומענות. ביידע הא͏ָבן זיך בא͏ַדא͏ַנקט פא͏ַר דער איינלא͏ַדונג און בא͏ַ־מערקט צו בערלען, א͏ַז „נא͏ַכן דין נא͏ָך פון הכול כמנהג המדינה, זיינען מיר א͏ַצינד אין א͏ַמעריקע אין חוץ לארץ, וואו דער צווייטער טא͏ָג פּסח איז א͏ַזוי הייליק ווי דער ערשטער טא͏ָג פון פּסח.

דבורהלע הא͏ָט זיך בא͏ַדא͏ַנקט מיטן אויסרייד פון נישט קא͏ָנען איבער־לא͏ָזן דא͏ָס קינד, די איינציקע וואס הא͏ָט זיך מיט איר פרויערלעך־שטי־פעריש א͏ַרט, מיט אירע הענט פא͏ַרלייגט ביי די היפטן, א͏ַ שטעל געטא͏ָן מיטן טרא͏ַציקן בא͏ַשלוס יא͏ָ מיטצופא͏ָרן, איז געווען רעגינא͏ָ. זי הא͏ָט א͏ַ זא͏ָג געטא͏ָן: — „קיין גרעסערע עבירות זא͏ָל איך נישט הא͏ָבן אויף מיין קא͏ָפּ ווי דא͏ָס פא͏ָרן לכבוד יום־טוב אין א͏ַ שיינעם וואגן וואס גייט פון זיך א͏ַליין מיט דער לייכטקייט פון א͏ַ ריר מיט א͏ַ פינגער. כ׳לעבן, די א͏ַלטע א͏ָפּגעלעבטע נא͏ַרישקייטן הא͏ָט מען שוין לא͏ַנג געמעגט פא͏ַרגעסן״.

מעק און סוזען, בערל און שוירלי הא͏ָבן פריידיק־יום־טובדיק געשיינט, זיך געזעגנט און געדא͏ַנקט פא͏ַר די פיינע סדרים און געוואונטשן: — „לא͏ָמיר דערלעבן איבער־א͏ַ־יא͏ָר און ווידער זיין צוזא͏ַמען ביי די סדרים״.

חיימל הא͏ָט זיך געווענדעט צו זיין ווייבל און זי געבעטן „רעגינישי, זוים זיך נישט צו לא͏ַנג. פא͏ַרגעס נישט א͏ַז דו ביסט נישט מער דא͏ָס שטיפע־רישע קינד פון א͏ַמא͏ָל.

ביים א͏ַריינפא͏ָרן אויפן „הא͏ָדסא͏ָן דרייוו״, הא͏ָט זיך דער הא͏ָדסא͏ָן טייך אין פריי־מא͏ָרגנדיקן פרילינגס־ווינטל געפא͏ַליעט מיט ווייסע קעפּלעך, ווי מחנות שווימענדעיקע מעווען. לא͏ַנגע שיפן, ווי שטא͏ָלענע פעסטונגען מיט טורעמדיקע, לא͏ַנגע און קורצע רערן פון הא͏ַרמא͏ַטן, ווי גע־בויגענע בוימער, זיינען געשטא͏ַנען אין א͏ַ געפּא͏ַרמירטער שערענגע אין מיטן טייך געהוידעט זיך אין זייער פא͏ַרא͏ַנקערטקייט א͏ַנטקעגן דער אויפגייענדי־

קער זון איבער דעם דזשווירזער רויט־האַריזאָנטיקן ברעג. די זון האָט באַ־לויכטן די שטאָלענע ווענט און רערן פון די שיפן מיט אַ רויטלעכן גלאַנץ וואָס האָט געשיינט אין אַ געמיש פון רויטן שאַרלאַך מיט אַ העל זילבער־דיקן שיין.

דאָס פּילפאַרביקע ליכט פון די ריזיקע נעאָן־שילדן ביים אַנדערן ברעג האָט נאָך באַלויכטן די סקאַלער בערגלעך, וואָס האָבן אויפן אַנדערן זייט פון טייך געלויכטן ווי די זיך־דרייענדיקע רעדער־ליכט פונעם „פּאַליסעיד" פּאַרק. אַלץ האָט פון דערווייטנס געכישופט מיט טונקנדיקן שפּיגלען־זיך אינעם זילבערדיקן וואַסער, אַזוי ווי עפּעס אַ מאַגישע פאַנטאַזיע פון אַ נייער רייצנדיקער וועלט!

די „דזשאָרדזש וואַשינגטאָן" הענג־בריק, האָט אינעם לייכט־פּרילינג־דיקן פרימאָרגן נעפּל, אויסגעזען ווי אַ הענגענדיקער שטעג צווישן ה׳מל און ערד. די הענג־קאַבלען — שטאָלענע שטריק אַרונטערגעלאָזטע פון די הימלען. ווי הימלישע האַרפן.

ביים ווייטערדיקן אַרונטערפאָרן צום האַפן פון די פאַראַנקערטע גרויסע ריזן־שיפן, מיט זייער ווייסער ליכטיקייט און מיט די רויטע קוימענס, האָט אין רעגינאַס האַרץ געוועקט אַ געפיל — אי פון ווייטקייט, אי פון נאָענטקייט; אי דער טרויער פון אירע אַמאָליקע ווייטע איבערלעבונגען, ווי אויך איר טיפע בענקשאַפט נאָך אייראָפּע, נאָכן לאַנד פון איר יוגענטלעכן רייכן שטורמישן לעבן. אָבער די ווייסע, גרויסע מעוועס, מיט זייערע קוים באַוועג־לעכן פליען אַרום די שיפן, און מיט זייער געשריי און קלאַפּענדיקע פליגל, האָט איר דערמאָנט אָן די נאַציש זשומענדיקע מעסערשמיד עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געזייט טויט און פאַרניכטונג פון לענדער און פעלקער, און אויך אָן די געשרייען פון די דייטשע שטורם־טרופּערס ביים אַריינגעקומען אין מונקאַטש, און אין די גאַנצע סלאָוואַקיי און זייער חיהשן ווילדן געיעג נאָך שיכרות רציחה, און פרויען לייבער.

אָנקל מעק האָט אַ סך גערעדט, געפּלאַפּלט. מיט אַמאָל האָט ער ביי רעגינען געפרעגט צי, ביי איר אָנקומען מיט דער שיף, האָט זי געזען די „סטעטשו אָף ליבערטי? „יאָ" האָט זי געענטפערט — „כ׳בין געווען אַזוי צעטומלט, ס׳האָט מיך ווי עלעקטריזירט, ביים דערזען דעם פאַקל אין דער האַנט פון דער סטאַטוע. איך מיין, אַז דאָס דאַרף באַווירקן יעדן אימי־גראַנט ביז די טיפענישן פון דער נשמה צו פריידיקע טרערן".

מעק איז אַרונטערגעפאָרן ביז דער בעטערי, וואו דער ים־אַריינגוס פליסט, כוואַליעט אין זיין ברייט־שטחדיקייט, ברייט — קוים מיטן אויג צו

כאַפּן. מעק האָט איר דערקלערט: — „דאָס איז דאָך דער אָנהייב פון דעם אַטלאַנטישן ים וואָס דערמאָנט אונדז אַלעמען דעם גליקלעכן טאָג פון אונדזער קומען אַהער״.

רעגינאַ האָט ווידער אַמאָל דערזען די גרינלעכע סטאַטוע מיטן פאַקל אין האַנט. זי האָט קלאָרער זיך איינגעקוקט צום אינדיאַנישן קאָפּ מיט די פעדער־שפּיצן וואָס האָט, אין אירע אויגן אויסגעזען ווי די היימישע באַפּעדערטע קופּקע פון איר באָבען. זי האָט אָבער אין זיך אַ טראַכט געטאָן: — „ניין ס׳איז ניט קיין קופּקע. סזיינען פעדערן וואָס סימבאָליזירן די פלאַטערנדיקע פרייהייטס פליגלען פון דער פרייער אַמעריקע.

סוזאַן און מעק האָבן איר דערקלערט מיט באַגייסטערונג: — „דאָס איז דער סימבאָל פון אונדזער אַמעריקאַנער פרייהייט פאַר אַלע פאַרפאָלגטע פון דער וועלט״.

רעגינאַ האָט אָפּגעזיפצט הויך אויפן קול און ביי זיך געטראַכט: — „וואו זייט איר מיט דעם סימבאָל געווען ווען די נאַצישע דייטשלאַנד האָט געמאָרדעט אייראָפּע און געברענט אין די גאַז־אויוונס לעבעדיקערהייט מיליאָנען פון אונדזערע יידן און אַנדערע מענטשן? פאַרוואָס האָט איר ניט איינגעהאַלטן די האַנט פון רוצח?״

מעק האָט פאַרקירעוועט דעם אויטאָמאָביל צו צענטראַל פּאַרק וועסט. פאַרביי די שיינע, ריזיקע, עלטערע אַפּאַרטמענט הייזער און האָטעלן ווי פּאַלאַצן. מעק האָט גערעדט מיט היץ פון די רייכע מיטל־קלאַס מענטשן און „ווייס־קאַלער״ — ביוראָ מענטשן מיט גוטע געהאַלטן וועלכע וואוינען דאָ. ער האָט אויך אַ זאָג געטאָן: „פאַראַן אויך אַנדערע, עס וואוינען דאָ אויך פאַרשיידענע פאַרברעכער, לייט פון „לינקע״, טונקעלע געשעפטן, רעקעטירס, ווי זיי הייסן דאָ. אויך אַ סך פון יענע פרויען־פייגעלעך וואָס לאָזן זיך גוט באַצאָלן פון די מענער״.

די דאָזיקע ווערטער שטעכן רעגינען ווי מיט שאַרפע שפּיזן. זי דערשטיקט אָבער איר אינערלעכן פאַרשעמטן שטאָלץ מיטן באַמערקן: — „אָ, אַלס קינד, ביי מיינע גאָטזעליקע טאַטע־מאַמע, ביז כ׳בין געוואָרן אַ דערוואַקסן מיידל, האָבן מיר געוואוינט אין שענערע באַקוועמערע הייזער מיט שיינע גערטנער אַרום״!

ביים אַריינפאָרן אין צענטראַל־פּאַרק, איז מעק געפאָרן זייער לאַנגזאַם, אַלץ אַרום ליגט, שטייט און שפּיגלט זיך אין פרילינגדיקן פרישן גרינס; זילבערדיקע טוי אויף די גראָזן און קוסטן; די טוי־טראָפּנס בלענדן אַנטקעגן די אויפגייענדיקע זון־שטראַלן, טוי־טראָפּנס, ווי קרישטאָלן. די צוגע־

פּרעסטע קנאָספּן אויף די יונגעביימעלעך, זיינען ווי צוגעפּרעסטע קושנדיקע ליפּן פון פאַרליבטע פּאָרלעך; עטלעכע ביימער, שיינען מיט זייערע צע־העלטע ווייסע און ראָזע בלומען, ווי אויסגעצירט כלות פאַר זייערע חופּות. ביי די בענק אַרום טייכל, וואָס פּאַליעט זיך מיט דינער שטילקייט, זיצן עטלעכע פאַרשלאָפענע פּאָרלעך מיט מידע געזיכטער. דאָס זיינען די נאַכט־פליכטלינגען פאַרבליבענע דאָ פונעם ביינאַכטיקן טולען זיך אין די האַלב־קיילעכדיקע היילן און אין די פריש דופטענדיקע קוסטעס, נאָענט צום קליי־נעם טייכל. דאָרט שווימען די ווייסע ענטלעך מיט זייערע געלע פּיסלעך, געבויגענע מיט לייכטער גראַציעזקייט; זיי שווימען ביי די אַרומיקע ברעגן. און אַלע ווילע מיט אַן אויסגעשריי: קוואַ־גאַ, קוואַ־גאַ. דער אַלט־דאַרער דורכגעפּאַלענער פידלער, וואָס בעטלט געוויינלעך ווי אַ שנאָרער, ביי די אַריין־און־אַרויסגייער פון קאַרנעגי־האָל, גרימפּלט איצט מיט זיין אַלט פידעלע אַרום דעם לואיסאָן־סטאַדיום, סתם אין דער וועלט אַריין. אַ הויך ברייט־פּלייציקער מאַן, מיט אַ פאַרוויקלטן ווייסן טורבאַן אויפן קאָפּ, וואָס זעט אויס ווי איינער פון יענע רוסישע טשערקאַסן וואָס וואַרפן מיט די מיילער שפּיציקע קינזשאַלן אין די רוסישע נאַכט־קלובן אין מאַנהעטן, וואַשט זיך זיין קאַצאַפּישע געדיכטע באָרד, און זיין ווילד צעוואַקסענעם קאָפּ האָר, ביים ברעג פון טייכל און פאַרטרייבט די צעשראָקענע, שווימענ־דיקע ענטלעך צום אַנדערן ברעג.

די „וואָלקן־קראַצערס" פון מאַנהעטן, אינעם נאָך דינעם, הויכן נעפּל פונעם פרימאָרגן, פאַרכאַפּן תמיד דאָס אויג און דאָס גאַנצע געמיט מיט זייער צויבער. זיי זעען אויס ווי סודותדיקע שלעסער־פּאַלאַצן פון די מיטאָלאָגישע גריכישע געטער־סטאַטועןץ. רעגינאַ, אין איר אַנטציקונג, וואָלט וועלן אַריין אין יענעם כשופדיקן ווינקל און דאָרטן פאַרענדיקן דעם ברי פון איר הייסן פאַרחלומטן געביין! מעק און סוזען, בערל און שוירלי טראַכטן איצט אָבער ווייניק. זיי גענעצן פון מידקייט. מעק טרייבט שנעלער דעם אויטאָמאָביל רעגינען אַהיימצופירן.

מנשה און דבורהלע מוזן שוין לאַנג שלאָפן, האָט רעגינאַ געטראַכט ביים אַרויסגיין פונעם אויטאָמאָביל. זי האָט זיך געזעגנט מיט אַלעמען און געדאַנקט פאַר דער שיינער יום־טובדיקער רייזע. ביים אַרויפגיין די טרעפּ, קלאַפּנדיק מיט די הויכע קלעצלעך פון אירע קליינע שיכלעך, האָט זי דערזען חיימלען ווי ער איז איר אַקעגן געלאָפן. ער האָט זיך זייער געפרייט מיט איר צוריקקומען. — „אַ גאַסט אויף יום־טוב", האָט ער אַ זאָג געטאָן.

חול המועד פּסח האָבן ביידע, חיימל און מנשה נישט געאַרבעט. זיינען

זיי אַלע, מיט דבורהלעס קינד אין אַ נייעם וועגעלע, אַרונטערגעגאַנגען נאָך מיטאָג, אינעם דערבייאיקן קליינעם סקווער. פאַראַן דאָרט עטלעכעביימער און אַ סך הילצערנע בענק, גרין געפאַרבטע. די בענק זיינען שוין געווען באַזעצט מיט יידישע אַרבעטער און זייערע ווייבער, אַלע מיט צעקנייטשטע העלדזער און געפאַלדעוועטע, גרינצלטע באַקן אַרום זייערע בלוי־ליפּנדיקע מיילער. די רוב פון זיי שוין צוריקגעצויגענע פון זייערע פאַרשיידענע לאַנג־יאָריקע מלאָכות אין די שעפּער. זיי לעבן פון זייערע סאָציאַל־פאַרזיכערטע פּענסיעס און אויך מיטן ביסל אָפּגעשפּאָרטן געלט אין די באַנקן. צווישן זיי, עטלעכע יונגע מאַמעס וואָס זיינען געזעסן ביי זייערע קינדער־וועגעלעך און גערעדט צווישן זיך, הויך־שרייענדיק, אויף ענגליש. זייער שרייענדיקער ענגליש איז פאַרטרונקען געוואָרן אינעם ים פונעם אַמעריקאַנישן גאַסן־יידיש פון די פיל עלטערע מענטשן אַרום. יענע האָבן געפּלאַפּלט און גע־רעדט צווישן זיך וועגן זייערע יוניאָנס און זייערע קריגערייען וועגן סטאַ־ליניסטישן רוסלאַנד; וועגן זייערע אייגענע „גאָלדן־רינגען" — די נייע־גע־גרינדעטע וואו זיי טאַנצן זייערע פאָלקעס און וואַלצן, מיט אַ קאָזאַצקעלע אַמאָל; וועגן פּינאַקל און פּאָוקערלעך; וועגן די ראָמאַנען אין די יידישע צייטונגען; אויך רייד וועגן דער פּאָליטיק פון פּרעזידענט טרומאַן און וועגן די נייע, מעגלעכע פּרעזידענט־קאַנדידאַטן פון בײדע פּאַרטייען, וואָס גרייטן זיך צו זייערע קאָנווענשאָנס־ירידן אין שיקאַגאָ און סאַן פראַנציסקאָ. ביי די יונגערע פרויען האָט מען אויך געקענט הערן רכילות וועגן זייערע שכנות מיט זייערע יאַלדעוואַטע מענער וואָס זיינען נישט קיין מבינים אויף די פאַלשקייטן פון זייערע ווייבעלעך.

דער טאָג — אַ שיינער, אַ לויטערער! אַ וואַרעם ווינטל האָט געלאָס־טשעט מיט לייכטער באַוועגלעכקייט אינעם סקווער. חיימל, מנשה מיט זייערע ווייבלעך האָבן בשום אופן נישט געקאָנט געפינען קיין ליידיק שטיקל באַנק אַוועקצוזעצן זיך, דערצו האָבן זיי נישט געקאָנט פאַרליידן די אַלע צו זיי אַזוי פאַרפרעמדטע מענטשן. אַזוי האָבן זיי פונעם סקווער זיך אַרויס־גערוקט און שפּאַצירט אויפן זייטיקן טראָטואַר. רעגינאַ מיט דבורהלע האָבן זיך יעדע פּאָר מינוט געביטן מיטן שטופּן דאָס קינדער־וועגעלע.

ביים שפּאַצירן אַזוי געמיטלעך האָבן זיי צווישן זיך גערעדט וועגן דער היים; פון דעם אַמאָל־אַמאָל; פון בערל מיט שוירלין, מעקן און סוזען. מנשה האָט אויך אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן דער געמיטלעכער, היימי־שער נתניה. וואו מען האָט אין די שבתים און יום־טובים און אין די חול המועדן געשפּאַצירט ביים ים. דאָרט, געדענקט ער נאָך גאַנץ גוט איז זיין

האַרץ געוואַקסן פון שמחה מיט יעדן ביי־געבויטן הויז, מיט יעדן וואַקסנדיקן ביימעלע. אַזוי איז דאָך דאָרט די וואַקסנדיקע שמחה ביי יעטווידן איינעם.

דער יום־טוב פּסח איז אַוועק. מען האָט פאַרפּאַקט דאָס פּסחדיקע געשיר, עס אַריינגעשטעלט אין איינע פון די איינגעבויטע וואַנט־שאַנקען.

— לאָמיר דערלעבן איבעראַיאָר!

יד.

# דימענטן און בריליאַנטן

נאָך אסרו־חג זיינען מנשה און חיימל אַוועק צו דער אַרבעט אויף דער צירונג גאַס. דבורהלע איז געווען פאַרנומען מיטן קינד וואָס איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. דער געניס פון וואַקסן! זי האָט אָבער אויך מיטגעליטן מיטן קינדס ווייטיק איבער די ערשטע ציינדלעך.

רעגינאַ איז וואָס אַמאָל געוואָרן אומעטיקער פון דער טעגלעכער רוטין. זי איז יעדן טאָג צוגעלאָפן ביז דעם געשעפטס קוואַרטאַל אַזש אין פאַרדהאַם, געקוקט אין אַלע שויפענצטער פון די גרעסטע דעפּאַרטמענט־סטאָרס — אַ זאַך וואָס האָט איר קיינמאָל ניט צוגעגעסן.

שפּעטער, נאָכן צורוימען דאָס הויז, איז זי געפאָרן אין דער דאַון־טאַון געגנט, וואו זי האָט מיט פרויענלעכן בייגער געשלונגען די בייקייטן געוויזענע אין די רייכע שויפענצטער אויף דער פינפטער עוועניו, בראָדוויי און טאַימס־סקווער. זי האָט אָנגעקוואָלן ווי אַ קינד פון יעדער נייער אויסשטעל־אידיי. אָט, צום ביישפּיל, זעט זי אין אַ שויפענצטער פון אַ שוך־געשעפט אַ פאַרפוצט ברעטל, אַ לאַנגס וואָס הוידעט זיך ווי אַ קינדישע הושטאַפּקע מיט אַ שיין געשניצט פרויען שיכל אויף איין עק פון ברעטל, און אוי; דעם אַנדערן עק — אַ ווייסע שטרויס־פעדער, עטוואָס פאַרבויגן ווי ביי אַ לעבעדיקן שטרויס־פויגל. און די שטרויס־פעדער וועגט אַריבער דאָס עלעגאַנסטע שיכל מיטן הויכן קלעצל: אַן אימפּרעסיווע אָנצוהערעניש אַז דאָס שיכל איז גרינגער און לייכטער פון אַ פעדער! יעדער פאַרשטייט טאַקע אַז דאָס ברעט באַוועגט זיך דורך אַן עלעקטרישן מאָטאָר, דאָך איז רעגינען געפעלן ביז גאָר אָט דער אָריגינעלער איינפאַל. זי האָט געקוקט און האַרציק געשמייכלט מיט איר יונגן פריילעכן רייץ. אַזוי אויך האָט זי געקוועלט איבער אַלע אַנדערע רעקלאַמען־טריקס און פון די אַלע פאַרשיידענע שויפענצטער אַטראַקציעס צו סטימולירן „ביזנעס”.

רעגינא̈ איז אויך פיל מא̈ל פא̈רבייגעגא̈נגען דעם צירונג־צענטער. לא̈נג הא̈ט זי זיך א̈פּגעשטעלט ביי בערלס פענצטער צו בא̈וואונדערן די רייכע שימערירנדיקע בריליא̈נטן. פענצטער וווא̈ס בלא̈נקען מיט זייערע רייכע אויסשטעלונגען פון בריליא̈נטענע רינגען פון פא̈רשיידענע גרויס און פון א̈לערליי א̈רטן און סא̈רטן; ווי די געוויינלעכע רונדיק־גע־שליפענע בריליא̈נטן מיט פיל פא̈סא̈דן, מיט צוויי דין פא̈רשפּיצטע עקן; מא̈רקיזן־שניט; אויך געשליפענע בריליא̈נטן וווא̈ס זעען אויס ווי בא̈רנעס. א̈לע פון פא̈רשיידענע גרויסן; א̈לע געפּא̈סט אין פא̈רשיידענע פא̈סונגען פון ריינעם ווייסן־פּלא̈טינען; געמישט מיטן זעלטענעם מעטא̈ל בא̈ריליום, וווא̈ס קרעפטיקט און שטא̈רקט די רא̈כיטישע ווייכקייט פונעם פּלא̈טינעם מעטא̈ל. אויך פא̈סונגען פון געל־גא̈לד, געמישט מיט ווייסע גא̈לד־קעפלעך, א̈דער פון גא̈נץ ווייסן גא̈לד; ברא̈נזעלעטן, פּלא̈טינענע מיט גא̈ר א̈ סך קליינע בריליא̈נטן, בא̈פּוצט הא̈רמא̈ניש מיט שמא̈לע בא̈געטן פיר קא̈נטיקע, א̈דער לענגלעך געשליפן ווי גרויסע עמערא̈לדן, געמישט מיט א̈ווא̈לע צוויי־שפּיציקע קליינע מא̈רקיזן־בריליא̈נטן ביי ביידע רא̈נדן; דורכגעווא̈רפן אין פיינע סימעטרישע ליניעס מיט גרעסערע, פא̈רשיידנא̈רטיק געשליפענע בריליא̈נטן אינעם צענטער, וווא̈ס פא̈סן ווי גא̈רניטורן צו די בריליא̈נטענע רינגען. עס זיינען אויך אויסגעלייגט אויף א̈קווא̈מא̈רין — פּלושענע־הא̈לטערס אוירינגען פון פא̈רשיידענע פא̈סונגען פון א̈לערליי א̈רטן בריליא̈נטן צוגעפּא̈סט צו די פא̈רשיידענע פא̈רמירונגען און ליניעס פון פרויען־אויערן. אויך הא̈לדז־בא̈נדן מיט עמערא̈לדן, בא̈געטן און מא̈רקיזן, בא̈צירט מיט פיל קליינע בריליא̈נטן אין איינצל א̈דער אין פולן שלייף־שניט. פון די דא̈זיקע א̈לע בריליא̈נטן — בא̈לויכטן פון אויבן מיט די ווייסע לא̈נגע נעא̈ן־לא̈מפּן, שימערירט מיט פייערלעכע קא̈לירן פון בלוי־ווייס און מיט א̈ זוניקער רויט־לעכקייט א̈זוי ווי די פא̈רבן־קא̈לירן פונעם לויטערסטן רעגנבויגן נא̈ך א̈ דונערדיקן לייכטן רעגן.

ביי רעגינען ברענען די אויגן מיט תּא̈ווהדיקן געווּס. זי שפּירט אין זיך א̈ תּענוגדיקן איבערלעבן, ווי זי ווא̈לט ממש די בריליא̈נטן געטרא̈גן אויף זיך א̈ליין. קומט לייכט א̈רויס אין איר זכּרון דער ווייטער א̈מא̈ל, ווי זי הא̈ט א̈לס קינד אין איר בעטל מיט די זיידענע קישנס און קא̈לדרע, זיך געשפּילט מיט איר מא̈מעס צירונג פון בריליא̈נטן און פּערל; ווי זי הא̈ט עס א̈זוי ליב געהא̈ט א̈לץ א̈נצוטא̈ן אויף זיך און זיך שפּיגלען אינעם קעגנאיבערדיקן שפּיגל פון איר בעט.

ביים א̈וועקגיין פון פענצטער, דערוועקט זיך אין איר א̈ קנא̈ה־שנא̈הדיק

געפיל צו בערלען און צו די אַנאָנימע פּריוען וואָס וועלן טראָגן און זיך צירן מיט אָט די בריליאַנטן. צו שטילן איר גלאַנץ־צערייצטן צאָרן, רעדט זי ווי צו זיך: — „דאָס רוב פון אָט די וואונדערבאַרע צירונגען, וועלן גאָר געטראָגן ווערן פון גאַרניט קיין צניעותדיקע רייכע „לינקע־געליבטע". אָבער, האַ? אפשר וואָלט זי אַליין זיך נישט אָפּגעזאָגט פון ווערן איינע פון זיי? אויך אַזאַ געפיל גייט אויף אין איר מוח.

זי פאָרט צוריק אַהיים מיט געאיילקייט אָנצוקומען איידער איר חיימל וועט זיך צוריקקערן פון דער אַרבעט. אייגנטלעך איז ער איר, אין יענע מינוטן דערווידער. זי טראַכט פון אים ווי פון אַ חסידישן פרומען בטלן, וואָס איז פּאַסיק פאַר אַ דבורהלע, דעם סופרס טאָכטער, אָבער נישט פאַר איר — דער עלעגאַנטער דאַמע מיטן אייראָפּעאישן שיק, מיט איר געטאָקטער פיגור און מיט אירע נאָך שטייפלעכע, קליינע בריסטן, מיט איר נאָך פולן פּרויען־רייץ און הייס בלוטיקע שטורמישע באַגערן. זי — ווער איז זי? איז זי רעגינאַ? און אפשר גאָר — אַ יונגע צערייצטע טיגערן, וואָס קאָן מענער ברענגען צום וואַנזיניקן פאַלן צו אירע פיס. זי, די געוועזענע באַראָנעסע ווילאַנדהאוזן!

ביים אַריינקומען אין הויז, וואַרפט זי פאַרדריסיק פון זיך אַראָפּ דאָס קלייד מיט די שיך, וואַשט זיך אַרום מיט קאַלט וואַסער, טוט זיך אָן אין איר דין באַטיסטן קליידל ווי אַ פאַרטוך, טוט אָן די רויטע שטעקשיך און זי נעמט זיך שנעל צוצוגרייטן דאָס עסן מיט אַ ווידער־ווילן צו איר גאַנצן פאַרהייראַטן לעבן. איז דאָס אַלץ פאַר מיר? טראַכט זי...

טייל מאָל ווען זי פאַרשפּעטיקט זיך, לייגט זי זיך שנעל אין בעט אַריין. באַגעגנט, מיט איר ווייבלעך־קעצישער פאַלשקייט, חיימלען ביי זיין אַריינקומען, און זי זאָגט: — „איך לייד פון אַ שווערן קאָפּ־ווייטאָק און עס ברעכן מיר אַלע גלידער". און קרעכצט דערביי אַביסל אונטער.

חיימל לאָזט זי דאַמאָלט נישט אַרויסגיין פון בעט, מאַכט פאַר איר טיי, זי עלפט דערנאָך, מכלומרשט, אַ האַלב קראַנקע, צוצוגרייטן אויף שנעל אַ פאַלשן מאָלצייט פון בלעכענע קאָנסערוון, וואָס זי קויפט איין אין די זעלבסט־באַדינטע „מאַרקעטס".

אין די מערסטע נעכט, נאָכן עסן און צורוימען, גייען זיי באַזוכן מנשה און דבורהלען. רעגינאַ העלפט טיילמאָל מיטן פרעסן די קינדערעשע זאַכן. ווען דאָס קינד, דער קליינער סעמקע, איז נאָך וואַך, שטיפט זי מיט אים און ער לאַכט מיט אַזאַ הויך, פריידיק געלעכטערל, אַזש ער צעשלוקערט

זיך. דאַמאָלט כאַפּט אים דבורהלע אַרויס פון אירע הענט, גיט אים די ברוסט צום זויגן איינצווּשטילן דאָס שלוקערצן זיינס.

טעג און וואָכן ציען זיך ביי רעגינאַן ווי אין אַ וואַקום, אַ פּוסטן חלל. זי ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט זיך. די איינציקע צו וועמען עס ציט זי ווי מיט אַ מאַגנעט, איז צו בערלען און שוירלין. דאָרט קען זי שטילן איר דורשטיקן פאַרלאַנג צו געפינען זיך אַרום לוקסוסדיקער רייכקייט. אָבער יענע זיינען צו שטאַרק פאַרנומען צו קענען אָפּגעבן זיך מיט איר. ער, בערל, איז פאַרנומען אין דעם אַלץ־וואַקסנדיקן געשעפט זיינעם; זי ווידער, שוירלי, מיט אירע רייכע סאָסייעטי פריינדינעס. וואָרים, איר טאַנטע, די פעטלעכע סוזאַן, האָט זי אַריינגעפירט אין די הויכע פענצטער, אין לוקסעריעזע היימען, וואו עס שטייען יאַפּאַנעזישע „באַטלערס" און שוואַרצע באַדינער. שוירלי, טאַקע האָט איר שפּעטער, נאָכן אויסטרינקען אַ פּאָר שאַרפע גלעזלעך טאַקע געזאָגט, „אַז זי מיט איר היים זעען אויס ווי שנאָרער אַקעגן „יענע לייט". געווען איז עס די צווייטע נאָכט שבועות, ווען זי, שוירלי, האָט זיי איינגעלאַדן צום יום־טובדיקן מילכיקן מאָל־צייט, וואָס איר טאַנטעס דינסט־מיידל האָט עס פּאַר איר צוגעגרייט. אויב מ'האָט גוטע בלינצעס איז עס פאַר שוירלין אַ גרויסער יום־טוב.

ביים אַריינקומען מיט חיימלען צו זיי, אין בערלס און שוירליס לאַנג־איילענדער היים, האָט זיך מעק, מיט רעגינאַן אַרומגעכאַפּט, ווי מיט אַ געליבטע. ער האָט זי געקושט און געזאָגט, אַז „אין העלן באַטיסטן קליידל מיט די ברייט טשערקעסישע פאַלדן אַרום אירע היפטן, זעט זי אויס ווי אַ מלאָכל פונעם הימל אַרונטער". ער נעמט איר האַנט און זיינע ברייטע דלאָניעס דריקט מיט מענלעכער קרעפטיקייט און זאָגט הויך צו איר: —

„אַ שאָד וואָס דו, דאַרלינג, ביסט אַהערגעקומען שוין אַ פאַרהייראַטע, דו וואָלסט דאָ געקאָנט ווערן דער גרעסטער סוקסעס, דו וואָלסט, דאַרלינג דאָ געקענט זיין אַ פּריוואַטע סעקרעטאַרין ביי די רייכסטע וואָל־סטריט באַנקירן; מען וואָלט דיך, דאַרלינג, דאָ באַוואָרפן מיט די טייערסטע בריליאַנטן און מינק־קאָוטס און מיט אַן אייגענעם „ספּאָרט־קאַדילאַק" און וועגן געלט רעדט מען שוין נישט!"

רעגינאַ האָט זיך פון מעקס קאָמפּלימענטן שטאַרק פאַררויטלט, אירע גרויסע, ברוינע אויגן ווי טונקעלער בורשטין, זיינען נאָך שטאַרקער צע־פלאַמט געוואָרן. אירע גלידער האָבן שטיל פייערדיק געצוקט מיט אינערלעכע תאַווהדיקע באַגערן.

ער, חיימל, האָט מיט אַ געמאַכטער מינע געשמייכלט הינטער זיינע

בלאָנדע, דיקע וואָנסעס און אָן אַ וואָרט צו ענטפערן אויף מעקס גראָבלעכע קאָמפּלימענטן. ער האָט געקוקט אויף זיין רעגינאַ מיט אינערלעכן פאַר־דרוס און באַליידיקטער פאַרשעמטקייט. ס׳האָט אים געערגערט איר קאָקע־טישער באַנעם צום אַלטן מעק. ס׳איז אים אַדורך אַ פיינלעכער געפיל, אַז אפשר האָט ער געמאַכט אַ טעות מיטן נעמען זי פאַר אַ ווייב? אמת, זי האָט אים אַלץ דערציילט ווען זיי זיינען, אַ טאָג פאַר דער חתונה, געגאַנגען פאַר אַ שפּאַציר ביים ים, וואו זיי האָבן געוואוינט, ביים קורצן אויפהאַלטן זייערן אין תל־אביב; זי האָט דעמאָלט געוויינט פאַר אים מיט ביטערע טרערן און אים געזאָגט אַז זי — „איז אים נישט ווערט״; זי האָט אים גע־ראַטן זיך — „גוט איבערצולייגן איידער נאָכדעם צו ליידן פון איר דאָס גאַנצע לעבן״. עס שטייען פאַר אים נאָך אַצינד די מעשיות וואָס זי האָט אים דערציילט וועגן זיך, ווי ער וואָלט זיי געזען מיט זיינע אייגענע אויגן; דער עיקר איר געשיכטע פונעם גוטן אַלטן קאַפּיטאַן שרעדער, אַן עסטריי־כישער אינדזשינער, וואָס איז געווען איר פּראָטעזשעי — איר באַשיצער. ער האָט זי באַהאַלטן ביי זיך, בעת די נאַצישע קאָמאַנדע האָט איר באַפוילן צו גיין מיט דער מחנה יונגע מיידלעך, אַלס וויבער־פלייש הינטער די דייַ־טשישע אַרמייען, בעתן „מאַרשן נאָך אָסטן״. זי האָט זיך נישט געשעמט אַפילו אים איבערצוגעבן זייערע אינטימע פאַרהעלטענישן מיט אַלע דעטאַלן. חיימל האָט שמערציק געטראַכט: אפשר זעט זי עפּעס אין מעקן וואָס דער־מאָנט איר אין יענעם „בעל־תאווהניק״ אירן פון וועמען זי האָט גערעדט מיט אַזוי פיל פאַרערונג? חיימל האָט בכלל שוין באַמערקט אין איר אַ שוואַכ־קייט צו עלטערע שיין־פאַרפּוצטע מענער.

ביים עסן האָבן אַלע מיט גוטן אַפּעטיט געגעסן די געשמאַקע מילכיקע בלינצעס מיט זויערע סמעטענע. חיימל האָט נערוועז געהאַלטן אין איין ווישן זיך די וואָנצעס מיט דער סערוועטקע.

רעגינאַ האָט אים צוגעזען מיטן סערווירן אים די אַלע גוטע מאַכלים. נאָכן טרינקען די קאַווע מיטן געשמאַקן קעז־קוכן: — „עס, עס, מיין לי־בער״. נאָכן עסן האָט חיימל אָנגעהייבן דאָס בענטשן מיט מזומן און ביים לייכטן שאָקלען זיך, האָט ער געקוקט אויף זיין רעגינאַ מיט טיפער ליב־שאַפט צו איר און האָט פאַרגעסן זיין פריערדיקן פאַרדרוס אויף איר. דאָס בענטשן האָט אים אויפגעהייטערט די שטימונג זיינע.

אַלע זיינען אַריין אינעם גרויסן פיר־עקיגן זאַל און האָבן זיך צעזעצט אַרום דער טעלעוויזיע. די ווייבער האָבן דערוויַיל אָנגעהויבן צו ריידן וועגן די נייע מאָדעס מיט די פריזורן.

מעק האָט זיי געבעטן צו רעדן אַביסל שטילער און נישט צו שטערן אים אין זיין פּאַרקאָכטקייט אין דעם „בייס־באָל" שפּיל צווישן די ברוקלינער „דאָדזשערס" און די ניו יאָרקער „יענקיס". מעק האָט זיך יעדע מינוט געהויבן פון זיין שטול ווי ער וואָלט זיצן אויף הייסע קוילן.

בערל מורמלט שטיל צו חיימלען אַז דער אָנקל זיינער איז אַ הייסער חסיד פון די „יענקיס". חיימל האָט שפּאַסיק צוריקגעמורמלט — „אַז ער, מעק, איז פאַרקאָכט אין דעם „בעיס־באָל" שפּיל מער ווי להבדיל אין מתן־תורה. ס'איז דאָך היינט שבועות אויף דער וועלט!" „וואָס רעדסטו?" האָט בערל שטיל לאַכנדיק געזאָגט, — „ווען מיר ביידע האָבן אַ צענט־חלק פון זיין מאַטניאַ מיט געלט, וואָלטן מיר ביידע איינגעפּאַקט גאַנץ אַמעריקע און צוריקגעגעבן קיין נתניה אָדער ירושלים, און אים לאָזן זיך דאָ פּרעגלען מיטן נחת זיינעם איבער די שטאַרקע ריזן־יונגען מיט די אייזערנע הענט און פלינקע שטאַרקע פיס, די העלדן זיינע מיט די „האום־ראָנס". דו ווייסט? מ'האָט דאָך פאַר זיי אויפגעבויט אַ הויז — „דאָס הויז פון באַרימטקייטן", וואו עס שיינען די צדיקימלעך זיינע ווי אַ בעיב רוט, עליו השנאָבעל און אַנדערע. אַוודאי, שבועות איז שבועות, ביסט גערעכט. אַ? גוטע בלינצעס געוועזן. ניט אמת?

אַ קלייניקייט?!

אויף דער טעלעוויזיע האָט מען אין די נייעסן איבערגעגעבן פון דעם געקידנעפּטן קינד אין לאָנג־איילאַנד, ווי דער קידנעפּער פאָדערט מען זאָל אים אַוועקלייגן אין אַ באַשטימטן פּלאַץ, פינף טויזנט דאָלאַר. די פּאָליציי מיט די גרעסטע דעטעקטיווס פון דער פעדעראַלע רעגירונג. די באַרימטע „עף בי איי" אַרבעטן פיבעריש דעם קידנעפּער צו כאַפּן. מ'האָט אָבער מורא אַז ווער ווייסט צי דאָס קינד לעבט נאָך.

בערל האָט זיך אָנגערופן, אַז ווען ער וואָלט געווען דער טאַטע פונעם קינד און וואָלט דערהאַלטן אַזאַ צעטל צו געבן דאָס געלט וואָלט ער גלייך, אָנשטאָט צו מעלדן דער פּאָליציי, אַוועקגעלייגט דאָס אויסקויף־געלט אויפן פּלאַץ וואו מען הייסט אים און שטילערהייט אָן רעש און געפּילדער, וואָלט ער צוריקגעקראָגן דאָס קינד. אַצינד האָט ער מורא אַז זיי וועלן שוין דאָס קינד נעבעך, קיין לעבעדיקס נישט צוריקקריגן. מעק האָלט אַז בערל איז גערעכט: — „אַ כפּרה דאָס געלט! יאָ, געלט האָט שלמה המלך געזאָגט, איז גאָרנישט, דער עיקר איז דער מענטש. דאָ, איז אַגב, נישט די „אָלד־קאָנטרי" ווי אַ שטייגער מונקאַטש".

פון וואַנען מעק ווייס וועגן שלמה המלך איז אַ וואונדער. סיידן אויך אין אים האָט דער שבועות יום־טוב עפּעס אויפגעוועקט...

שוירלי מישט זיך אַריין, אַז ווען זי דערהאַלט אַ צעטל מיטן סטראַשן זי, אָדער בערלען, מיט ערמאָרדן איינעם פון זיי, אויב זיי לייגן נישט אַוועק אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ פינף אָדער אַפילו צען טויזנט דאָלאַר, וואָלט זי אויך קיין איין מינוט נישט געוואַרט. זי וואָלט אויך גלייך אַוועקגעלייגט דאָס געפאָדערטע געלט און זיך אָפּגעווישט דאָס מויל, אַבי צו ראַטעווען דאָס לעבן. מעק, זאָגט זי, איז הונדערט פּראָצענט גערעכט. אַלע האָבן צוגעשטימט אַז שוירלי און מעק ריידן ריכטיק.

רעגינאַ איז געווען די איינציקע וואָס איז געבליבן שטיל — אַ וואָרט ניט אַרויסגעזאָגט. זי איז געזעסן אַ פאַרטראַכטע ווי אין אַ הינער־פּלעט.

מעק האָט זיי, נאָכן צעזעגענען זיך, צוגעפירט מיט זיין אויטאָמאָביל צום נאָענסטן סאָבוויי וואָס וועט זיי ברענגען קיין בראָנקס.

אויפן וועג צום סאָבווײ האָט מעק געפרעגט חיימלען ווי ער מאַכט עפּעס אויס מיט זיין דימענטן־שלייפעריי.

„נישקשה!״ האָט חיימל אים געענטפערט, „אַ דאַנק גאָט דערפאַר, נישט צו פאַרזינדיקן, אַבי געזונד, מ'קומט אַדורך, רייך ווערן קאָן מען נישט פון דעם״.

רעגינאַ האָט פאַרביסן אירע שמאָל־קליינע ליפּן. דאָס בלוט האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין, ווי מען וואָלט זי אָפּגעגאָסן מיט זודיק וואַסער.ביידע האָבן זיך געזעגנט מיט מעקן און סוזען, און געדאַנקט פאַרן צופירן זיי. מעק האָט שטאַרק געדריקט רעגינאַס האַנט, געזאָגט צו איר: — „נישט געזאָרגט! אין אַמעריקע האָט יעדער איינער אַ שאַנס צו מאַכן געלט. שפּאָרט נאָר אָפּ די ערשטע טויזנט דאָלאַר. לייגט אין באַנק אַריין יעדע וואָך אויף אַ באַזונדער באַנק־ביכל עטלעכע דאָלער, וואָס מער איז בעסער, אויב איר ווילט ווערן לייטישע מענטשן, מען מוז נאָר שפּאָרן און לייגן געלט אין די בענק אַז אייערע בענק־ביכלעך זאָלן האַלטן אין איין וואַקסן. ס'איז גאָר זייער איינפאַך״!

דערנאָך האָט מעק צוגעגעבן: — „איר הערט, צי ניט? דער אַלטער ערשטער ראָקפעלער איז אויך נישט געבוירן געוואָרן קיין מיליאָנער. ער האָט, איר הערט, געאַרבעט אין אַ גראָסערי־סטאָר פאַר „אַ באָק און אַ העף״ אַ וואָך (אַנדערט האַלבן דאָלער) אַ וואָך. אָבער וואָס? ער האָט געהאַט עטלעכע באַנק־ביכלעך. און איך, ווען איך בין געקומען אויף אַ קוילן־שיף קיין אַמעריקע, האָב איך געהאַט אין קעשענע,ביים אַרונטערגיין פון דער

שיף, דרייצן סענט, דעם שלים־מזלדיקן נומער 13. אָבער נאָכן אַרבעטן שווער און ביטער עטלעכע וואָכן אין אַ לעדער־גאַרבעריי, האָב איך גלייך געהאַט אַ באַנק־ביכל. נאָר נישט געזאָרגט! אַמעריקע איז די בעסטע קאַונטרי אין דער וועלט. דער עיקר איז — אַ באַנק־ביכל״.

אַ גוטע נאַכט, גוד נאַיט!״ — האָבן זיי און סוזאַן צוזאַמען זיך נאָכגעשריען, — „מיר וועלן אייך איינלאַדן אַמאָל צו אונדז נאָכן זומער, ווען מיר וועלן צוריקקומען פון אונדזער זומער־היים אין קאָנעטיקוט״.

ביידע, חיימל און רעגינאַ, זיינען אַרונטערגעגאַנגען מיט די שטיגן צום סאָבוועי. רעגינאַ האָט געטראַכט פון מעקסעס אַקאַרשטיקע רייד צו זיי, זי האָט נישט געפילט קיין פאַראיבל אויף אים פאַר זיינע חכמות. כאָטש ס'האָט געקלונגען אין אירע אויערן, ווי ער וואָלט חוזק פון זיי. אָבער, שוין קענענדיק אים אַביסל, זיין אַרט באַנעם, האָט זי אַלץ פון אים אויפגענומען גוט. ער רעדט דאָך פשוט, האָט זי געטראַכט, און ער באַנעמט זיך מיט איינפאַכער אָפנהאַריצקייט, דערצו איז ער דאָך דער אַמעריקאַנישער סוקסעסמענטש, וואָס ווערט דאָ דורך דעם אַן עקספּערט אין אַלץ, אַפילו וועגן ראַביים און רבנים, און וועגן וואָס נישט? אַלע הערן זיך צו צו אים; „געלט רעדט״ — „מאָני טאָקס״ — איבער אַלץ און איבער אַלעמען! און מעק ווייסט וואָס ער רעדט.

ס'איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. די שטיינערנע גרוי־אומריינע סאָבוויי־פּלאַטפאָרם איז געווען באַדעקט מיט אַ סך צעריסענע און גאַנצע צייטונגען. זיי זיינען ווי געשפּרונגען און געפלויגן ביים דורכלויפנדן עקספּרעס, אויף די מיטלסטע רעלסן, צווישן די שוואַרץ־אייזערנע, הויכע שטאַנגען. אין דער טונקעלער מרה־שחורהדיקער סאָבוויי באַלייכטונג, האָבן די מאַטע, ווייס־קאַפּלענע ווענט מיט צעריסענע לעכער אין די זייטיקע פינצטערע עפענונגען, צווישן די ביידע פּלאַטפאַרמעס, אויסגעזען ווי אויסגעקאַלעכטע גריבער. עטלעכע נעגער זיינען געזעסן אויף דער לאַנגער, טונקעלער באַנק. די באַוועגלעכע ווייסלעך פון זייערע אויגן, די צעעפנטע, און די הויך־ווייסע ציין האָבן פון זייערע שוואַרצע פּנימער אַריינגעשיינט אינעם גרויען אומהיימלעכן חלל אַריין.

אַ יונג פּאָרל, ער אַ הויכער מיט אַ רויטער וועסט, זי אַ קליינטשיקע, דאַרע מיט געפאַסטע בלויע הויזן, האַלטן זיך ביי די הענט ווי קינדער ביי אַ טאַנצנדיקן שפּיל. אַזוי וואַרטנדיק אויפן אָנקומענדיקן סאָבוויי, טאַנצן זיי אויס אַ רומבאַ, אַ זאַמבאַ, און אַ טשאַ־טשאַ.

אַן אַלטער מאַן מיט צעפלאָשעטע גרויע האָר, טיילט פּאַנאַדער פּאַמ־

פלעטישע בלעטלעך און שרייט מיסיאָנעריש מיט אַ פרומער שטימע: — קערט זיך אום צו יעהאָוואַ דעם געטלעכן דערלייזער.

די זיצנדיקע נעגער נעמען די בלעטלעך און זיי זוכן מיט זייערע אַרויסשטאַרנדיקע גרויסע אויגן, דעם באַרוועסן „דזשיזוס" צווישן די מיטלסטע טונקעלע רעלסן, וואָס האָט אָקאָרשט פאַרבייגעשוועבט פאַר זייערע אויגן איבער דעם האַלב־רונדיקן דאַך פון דער סאָבוויי־באַן, אַ שוועב געטאָן און ניטאָ; אַ פּאָרטאָריקאַניש פּאָרל מיט טונקעלע, קיילעכדיקע געזיכטער און פלאַמיקע שוואַרצע אויגן, האָבן זיך ביי איינעם פון די אייזערנע סלופּעס שטאַרק געדריקט איינע צום צווייטן אין תאווהדיקן פאַרגיין. רעגינאַ מיט חיימלען האָבן זיך דערפילט ווי אַריינגעפאַלענע אין אַ מאָדנער, אויסגעמישטער, פרעמדער וועלט.

די סאָבוויי־באַן האָט זיך אַריינגעריסן מיט אירע באַלויכטענע וואַגאָנען און די טירן האָבן זיך מיט שנעלער מעכאַנישקייט אַריינגערוקט אין די ווענט. די באַן האָט אַלעמען פון דער פּלאַטפאָרמע ווי אַריינגעשלונגען אין זיך. רעגינאַ האָט זיך געפילט זייער מיד.

זיי האָבן נאָך עטלעכע סטאַנציעס געביטן דעם לאָקאַל־סאָבוויי אויף אַן עקספּרעס. אינעווייניק אין אַלע וואַגאָנען איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן ווי בייטאָג, זיינען זיי ביידע געשטאַנען מיט אויסגעצויגענע הענט, האַלטנדיק זיך ביי די לעדערנע האַנט־האַלטערס ביז זיי זיינען אָנגעקומען צום סטעישאָן קעגנאיבער זייער היים. ביידע זיינען אַרונטער פון די הויכע טרעפּ ווי שטומע, אַזוי אויך ביים גיין דאָס שטיקל וועג צו זייער היים. זי, אַ פאַרטראַכטע אין זיך; און פאַר אירע אויגן איז געשטאַנען שוירליס רייכע היים מיט אַלע לוקסוס־קאָמפאָרטן. און דאָ? דאַרף זי אַריין אין אירע דריי אָרימע שטובן. דאָרטן אויף דרויסן — אַזאַ רחבותדיקע שיינע אומגעבונג מיט בולוואַרן, גרינס און ביימער; דאָ — אַ שמוציקער טראָטואַר מיט בלעכענע קאַנען און שפּרינגנדיקע קעץ. קעגן אירע פענצטער זעט זי נאָר די הויכע, אייזערנע סלופּעס פון דער סאָבוויי, וואָס קלאַפּט און רעשט ווי אין אַ גיהנום. דאָס ערגסטע איז וואָס רעגינאַ זעט אַפילו נישט קיין אויסוועג פון אַן ענדערונג אַמאָל צום בעסערן. די עצה פון מעקן צו שפּאָרן געלט אין באַנק איז דאָך אַ בייזער געלעכטער, אַ חוזק איבער זייער לאַגע, כאָטש ער האָט צו דעם אפשר נישט געצילט, גיי שפּאָר, אַז מען קען קוים אויסקומען.

ביים אויסטאָן איר קלייד מיט די שיך, זיצנדיק אַזוי אויפן ראַנד פון בעט, צעלאַכט זי זיך מיט אַ ביטער געלעכטער און אין האַרצן שרייט זי צו זיך: — „רעגינאַ, האַלט אין איין לייגן געלט אין באַנק, און וואָס מער

באַנק־ביכלעך, אַלץ בעסער, אַזוי הייסט אונדז מעק, שוירליס אָנקל דער באַנקיר. „ראָקעפעלער האָט אויך אַזוי געטאָן! האַ! האַ! האַ! פון וועלכע געלטער? פון חיים גראפשטיינס פאַרדינסטן, וואָס קלעקן קוים אויף אונדזער אָרימער אויסקומעניש? און אויב מיר, טראַכט זי ווייטער, זאָלן שוין זיך ניט קויפן קיין מלבוש נאָר אַרומגיין ווי בעטלער, לייגן אין באַנק פינף דאָלאַר אַ וואָך, דאַרף דאָך דאָס נעמען מתושלחס יאָרן אָפּצושפּאָרן אַביסל געלט, מיר זאָלן קאָנען טראַכטן פון דערשלאָגן זיך צו אַ קליין שטעלעכל אַפילו אין איינעם פון די „עקסטשעינדזשעס" אין דער צירונגס־גאַס אָדער אין די נאָענסטע גאַסן אַרום. עס זעט אויס אַז ביז מיר וועלן דערלעבן די נחמה וועט אונדז אויסגיין די נשמה".

זי האָט זיך מיט צעהיצטער בייזקייט צעלאָזט איר טונקל שאַטענעם געדיכטן קאָפּ האָר. אירע גרויסע אויגן האָבן בליציק געפייערט ווי די ווייס־אָפּלען פון די נעגער אינעם סאָבווײַ, ביים דערהערן דעם אַלטן רוף — „צו יעהאָוואַ דעם דערלייזער!" און אים געזוכט צווישן די אייזערנע סלופּעס אין דער טונקלקייט פון די מיטלסטע רעלסן, וועמען זוכט זי?...

זי האָט זיך שנעל אויסגעטאָן, אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דאָס קלייד, די שיך און זאָקן, די קורצע ראָזע ניילאָנענע הויזן, דעם ווייסן ברוסטן־האַלטער; רוגזהדיק אַריינגעשפּרונגען אַ נאַקעטע אינעם בעט אַריין אָן צו זאָגן אַ גוטע נאַכט צו חיימלען און האָט זיך צוגעדעקט ביז איבערן קאָפּ מיט דער לייכטער קאָלדרע.

טו.

# בענקשאַפט

אויפמאָרגן איז זי געבליבן ליגן אין בעט שפּעטער ווי אַלע מאָל נאָך דער שלאָפלאָזער נאַכט. עס זיינען, אין האַלב דרימל, פאַרביי איר דורכ־געגאַנגען אַלע אירע איבערלעבונגען ביז אַהער אַזוי ווי קינאָמאַטאָגראַפישע בילדער אויפן לייוונט.

— אָט זעט זי זיך צוריק אַלס קינד אין איר טאַטע־מאַמעס רייכע היים מיט דינסטן און באַדינער; מען האָלט אין שטענדיקן אַרומפּאַדן אַרום איר ווי אַרום אַ פּרינצעסין, אַפילו דער פאָטער אירער, דער שטרענגער באַראָן, פאַר וועמען אַלע זיינע אָנגעשטעלטע האָבן געציטערט פאַר זיינעם אַ בליק,

איז געווען אַ שקלאַף צו איר, צו זיין בת־יחידהס קאַפּריזן. שטרענג איז ער געווען צו איר נאָר בנוגע פרומקייט. ער פלעגט צו איר זאָגן באַפעלעריש, מיטן האַרבן וואָרט. — „וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס צו לייט איז צו לייט". „אין דרויסן קאָנסטו זיין אַ מאַדיאַרין אָבער אינעם הויז פון אונדזער דורותדיקער גזע זאָלסטו נישט אָפּטרעטן אויף קיין האָר פון אונדזערע פּי־רונגען". ער האָט אַמאָל מיט חוזקדיקע רייד אָנגעוויזן אויף דער אַמאָליקער סטודענטקע ראָזאַליע, אויך אַ בת־יחידה, אַ טאָכטער פונעם אַמאָליקן רייכן עקספּאָרטירער און שפּעטערדיקער יורד, הער מאַנדעלקאָרן, אַז „ווען די ראָזאַליע וועט שטאַרבן וועט מען איר נאָכזאָגן דעם איינציקן ש ב ח, אַז זי מיטן טאַטן האָבן געהאַט שוואַך פּרנסה, און נישט מער. ער, דער באַראָן ווילאַנהאַוזן, האָט געהאַלטן אַ פרומען מונקאַטשער מלמד צו איר. זי אויס־געלערנט ברכה־זאָגן אויף אויסנווייניק און דאָס דאַווענען מיטן עברי־טייטש פון די תפילות פונעם סידור און מחזורים. דאָס ברכה־זאָגן יעדן פרימאָרגן האָט זי געהאַלטן פאַר אַ הייליק געבאָט, אפילו אין אירע געפּייניקטע וואַנדער־יאָרן; אַזוי פריער אין רייכן, מיידלשן פּאַנסיאָן אין בודאַפּעסט, וואו זי האָט געהאַט דעם שענסטן צימער מיט ספּעציעלע באַדינער פאַר איר; אַפילו די שטרענגע לערערין, די דירעקטאָרשע, מאַדמאַזעל סאָפיאַ נאַזשאַ, מיט איר איינגעפירטע אייזערנע דיסציפּלין, האָט פאַר איר זיך געבוקט און געבויגן און זיך נישט געמאַכט זעען ווען רעגינאַ האָט זיך אַרויסגעשאַרט ביי־נאַכט צו לויפן אין די וויין־קעלערן צו טאַנצן מיט די הולטאַיעס, די סטודענטן און דערנאָך תענוגדיק הנאה האָבן פונעם גובר זיין אירע ברע־נענדיקע ליידנשאַפטן ביים ראַנגלען זיך מיט זיי אין די ווינקלען פון די טונקעלע וויין־קעלערן. און געראַנגלט האָט זי זיך אויס טיפער ליבשאַפט צום אידעלען אַריסטאָקראַטיש־פרומען טאַטן אירן, וועמעס געשטאַלט סאיז איר שטענדיק געשטאַנען פאַר אירע אויגן, ביזן נאַצישן אומקום, ווען זי איז געצוואונגען געוואָרן זיך אַרומצוואַלגערן מיט די דייטשישע ווילד־שיכורע אָפיצערן. יענע האָבן זי פאַרשלעפּט קיין ווין און זי איז געווען זייער קרבן אין די ביינאַכטיקע ווילדע אָרגיעס, ביזן איר טרעפן זיך מיטן עסטרייכישן קאַפּיטאַן, שרעדער, יענער אַלטער אידעלער אינזשעניר וואָס האָט געהאַסט דאָס דייטשישע ווילדע געזינדל נאָך מער ווי זי. יענער האָט זי באַשיצט. ס'בליצט אויף פאַר איר ווידער און ווידער די געשטאַלט פון איר פאָטער... ער קוקט שטום און פרעגט: — „האָסטו כאָטש איינגעהאַלטן מיין ירושה?"...

זי דערמאָנט זיך ווי דער אינזשעניר שרעדער פלעגט איר אויסקושן יעדן גליד אירן, מיט אַזויפיל דעליקאַטער צאַרטקייט. ער פלעגט זיך שפּילן מיט

איר מיט אַזאַ עסטעטיש עקסטאַטישער באַוואונדערונג, ווי אַ קונסט קאַנאַ־סעיר, מיט אַ הערלעך קונסט־ווערק.

זי געדענקט עס נאָך, אַזוי ווי היינט, זיינע ווערטער: — „אַז די דייטשי־שע באַרבאַרן ווילן אָפּמעקן דאָס הערלעכע קאַפּיטאַל פון דער אייראָפּאַי־שער קולטור; זיי ווילן פאַרניכטן די שענסטע שאַפונגען פונעם מערבדיקן הומאַניסטישן גייסט, פאַרוואַנדלען אייראָפּע אין אַ היטלער־דזשאַנגל. דערפאַר מוזן זיי, דאָס ערשטע אויסראָטן די יידן, די טרעגער פון געטלעכקייט און די העכסטע סאָציאַלע אידעאַלן".

זי איז צו אים צוגעבונדן געוואָרן מיט אינערלעכער, טיפער באַהעפטונג ווי אַמאָל צו איר טאַטן. זי האָט זיך אים איבערגעגעבן מיט אַלע אירע יונגע צעברויזטע שוין סיי־ווי צעלאָזענע ליידנשאַפטן. זיי האָבן געפלאַקערט אין איר צוזאַמען מיטן פלאַמיקן האַס אירן צו די נאַצישע פייניקער און מערדער פון איר גאַנצער משפחה און פון איר שטאָם. זי האָט זיך געטוליעט צו אים ווי צו אַן איינציק געבליבענעם מענטש אין אַ וואַלד פון פאַרצוקענדיקע וועלף.

בליצט ווידער אויף אין דער פינצטער די געשטאַלט פון איר פאָטער. מורמלט זי: — „פאָטער פאַרגיב! זע, איך האָב דאָך עטוואָס געראַטעוועט פון דיינע געבאָטן!...

גייען די ביינאַכטיקע רעיונות און זעאונגען וויטער...

אויך חיימל, איר מאַן, טראַכט זי פלאַטערט איבער איר אין די טיפסטע עקסטאַזן, אָבער ס'איז פון גאָר אַן אַנדער גאַטונג. „ביי מיר ביסטו" — האָט ער איינמאָל צו איר געזאָגט — „אַ הייליקייט ווי להבדיל אַ פאַרפלעקטע, געשענדעטע ספר־תורה נאָך אַ פּאָגראָם, וואָס איז נאָך הייליקער פון אַ ריינער ספר־תורה".

זי האָט אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די קאָלדרע און האָט זיך אויסגעצויגן אַקעגן דער אַריינשיינענדיקער זון־ליכט, וואָס האָט זיך אַדורך געריסן דורך די ווענעציאַנישע פענצטער־פאַרטונקלער. זי האָט אין איר פאַרבענקט־קייט נאָכן אַלטן קאַפּיטאַן, שרעדער, ווי דערפילט אים נעבן זיך. זי האָט אויסגעשפרייט אירע הענט אַזוי ווי זי וואָלט אים נאָך אַמאָל געוואָלט צו־דריקן צו זיך, קושן זיין צעקאַרבטן הויכן שטערן און אַזוי האָט זי ווידער איבערגעלעבט זייער צוזאַמען־זיין מיט איר צוקנדיקן קעפער ביזן אַנגסטלעכן און טראַנסדיקן פאַרגיין... זי האָט זיך צוביסלעך אָפּגעקילט, איז אַרויס פון בעט אַן אומעטיקע, בייזלעך אויף זיך, אויף חיימלען און אויף אַלעמען.

ביים עפענען די ראַדיאָ, ווי אַלע טאָג ביים אויפשטיין, האָט זי געפילט

אַ ווידערווילן צו די וואולגאַרע ווידערהאָלונגען פון די סענטימענטאַלע, נאַרישע, פאַלשע לידלעך ווי זיי באַזינגען און באַשפּילן די רעקלאַמירנדיקע סיגאַרעטן, די וואונדער־פּילן, די אָפּפיר־מיטלען און די מציאותדיקע אוי־טאָמאָבילן; די פּראָגראַמען — די שרייענדיקע וואָס ענדיקן זיך קורץ און שאַרף מיט שטענדיק די זעלביקע געדונגענע לאַכער און בראַוואָ־פּאַטשער. זי האָט מיט בייזן עקל פאַרדרייט די ראַדיאָ, האָט געבלעטערט די מאָדע־זשורנאַלן, געלייענט וועגן די נייע פאַריזער מאָדער־קליידער און די עצות טובות פון קריסטיאַן דיאָר פון פּאַריז צו די פרויען איבער גאָר דער וועלט, וואָס פאַראַ קליידער צו טראָגן אין דער פרי, בייטאָג, און אין די אָוונטן. „ניין! זי האָט פאַרמאַכט מיט רוגזה דעם זשורנאַל. — „איך קען זיך דאָס ניט פאַרגינען!"

זי איז אַריין אין באָד־צימער, האָט זיך געוואַשן איר הייס לייב מיט קאַלט וואַסער און פון איר העל־טונקל הויט האָט אַרויסגעשיינט אַ ראָזע ליכטקייט ווי אַ רויטלעכע זוניקייט אין שקיעה דורך אַ העל טונקלדיקן וואָלקן. זי האָט באַטראַכט אירע גלידער, די געטאָקטע; האָט געגלעט מיט יונג ווייבלעכן גענוס אירע ברוסטן — די קיילעכדיקע מיט די לענגלעכע רויטע וואָרצלען ווי פרישע בליענדיקע בלומען־קנאָספּן. סהאָט זי פאַר־דראָסן וואָס זיי זיינען עטוואָס קלענער געוואָרן ווי זיי זיינען אַמאָל געווען. זי גיסט אויף זיי דאָס קאַלטע וואַסער און מאַסאַזשירט זיי מיט אַ שמעקנדי־קער אויל־פעטקייט, אָט פון די רעקלאַמירטע מיטלען אין די שיינהייט זשורנאַלן. זי וועט זיך אויך באַראַטן מיט דער בלאָנדער מיידל, בעווערלי, וואָס אַרבעט אינעם שיינהייטס־פּאַרלאָר, וועלכע האָט אַזאַ שיינעם הויך־רייצנדיקן בוזעם. רעגינאַ האָט אויף אירע אַקסלען אָנגעהאָנגען איר פרי־מאָרגן ראָק, דער לייכט זיידענעם, האָט אַרויפגעצויגן די ווענעציאַנער פענצטער־פּאַרטונקלער און געעפנט די פענצטער.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ הייסער אָן קיין שום ווינטל. די עט־לעכעביימער פונעם ווייטערן קליינעם סקווער זיינען געשטאַנען באַוועגלאָז ווי מומיעס; די הייסע דעמפיקייט האָט געמאַכט שווער רעגינאַס גלידער. דער געלער אייז־וואָגן האָט זיך ווי יעדן טאָג אָפּגעשטעלט ביי דער שענק אַקעגנאיבער. פון די נאַסע פעלן פון די טונקל ברוינע פערד האָט געשלאָגן מיט אַ לייכטער אומבאַוועגלעכער פּאַרע.

נאָכן זאָגן די ברכה האָט זי געגעסן איר אָנבייסן און דערנאָך זיך אָנ־געטאָן דאָס ווייסע, אָן אַרבל, קליידל. מיט דעם נייעם ברוסט־האַלטער הינטערן קליידל, האָט איר בוזעם אויסגעזען העכער, עקספּרעסיווער. זי

האָט זיך עטלעכע מאָל אָנגעקוקט אינעם שפּיגל, זיך נאָך אַמאָל געפּודערט און פאַררויטלט מיטן פאַרבן־שטיפט די נאַטירלעכע רויטע ליפּן פון איר קליין מויל; האָט דעם שטיפט מיטן פּודער אַריינגעלייגט אינעם ווייסן־האַנט־בייטל און איז מיט שנעלע טריט אַרויס פונעם הויז ווי אַ שוועבנדיקער שמעטערלינג; איז אַרונטער פון די טרעפּ און — ווי איר טעגלעכע געוואוינהייט — איז זי אַרויפגעגאַנגען זעען דבורהלען מיטן קינד.

דבורהלע איז שוין געשטאַנען ביים טיר מיטן קינד אויפן האַנט, אַרויס־צוגיין עפּעס איינקויפן. זי האָט אויך געטראָגן דאָס צוזאַמענגעלייגטע קינדער־וועגעלע וואו נאָכן איינקויפן וועט זי אַריבער צום סקוועער — דער סקוועער מיט די פּאָרביימער און מיט די עטלעכע בענק.

רעגינאַ האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס קינד פון דבורהלעס הענט; האָט אַרונטערגעצויגן אירע לאַנגע הענטשקעס; האָט דאָס קינד געדריקט צו איר האַרץ, האָט עס געוואָלט אויסקושן, אָבער דבורהלע האָט איר דערמאָנט נישט צו פאַרשמירן מיטן רוזש דעם קינדס פּנימל. רעגינאַ האָט איר גע־האָלפן אַרונטערטראָגן דאָס וועגעלע מיטן בלויען האַנט־זאַק אין וועלכן דבורהלע האַלט די קינדערשע מכשירים.

פיל מאָל פלעגט רעגינאַ אַזוי מיטגיין מיט איר אוןביידע זיינען גע־זעסן לעבן קינד אינעם סקוועער און האָבן גערעדט פון אַלערליי זאַכן. אַמאָל פלעגט רעגינאַ מיטנעמען מיט זיך אַ בוך אין אונגאַריש אָדער דייטש צום לייענען. זי פלעגט לאַנג זיצן מיט דבורהלען, אָבער יענעם טאָג האָט זי זיך — אונטן, אויפן טראַטואַר, — געזעגנט מיט דבורהלען, איר געזאָגט אַז זי גייט אויף דער פינפטער עוועניו שפּאַצירן, צו באַפרידיקן איר וויבערישן נייגער ביים זעען די נייע זומער־מאָדעס, און אפשר וועט זי נאָך האָבן צייט אַריינצוגיין אין צענטראַל־פּאַרק, באַטראַכטן און באַוואונדערן די פאַרשיידענע בלומען וואָס בליען אין מיטן יוני אין זייער פולער רייפקייט.

טז.

# אין צענטראַל פּאַרק

רעגינאַ איז שנעל פאַרטיק געוואָרן מיטן קוקן אין די שוי־פענצטער. עפּעס האָט איר פאַרפאַלגט און צערודערט אַ געהיים־טראַכטנדיקער פּלאַן ווי צו קריגן געלט, וואָס שנעלער. נישט ווי אָנקל מעק׳ס עצה פון שפּאָרן קישקע־געלט, ביז זי וועט פאַרוויאַנעט ווערן אין דעם פריען האַרבסטיקן עלטער ווערן. אַ פרוי איז נישט ווי אַ מאַן, רעדט זי צו זיך, אַ מאַן איז

געבענטשט מיט מענלעכן רייץ, וואָס האָט ווי די נאַטור עטלעכע צייטן פון יאָר מיט שיינקייט אין יעדער צייט. אַזוי אין אייראָפּע און נאָך מער אין אַמעריקע. ניין, אַ פרוי איז ניט קיין מאַן. אַ פרוי האָט נאָר צוויי רייץ־פּעריאָדן, פרילינג — ביז די דרייסיקער, און זומער — ביז די שפּעטע פערציקער. זייער אַ קליינע צאָל קענען נאָך דורך קינסטלעכע מיטלען, אָדער מיט נאַטור געבענטשטע קערפּערס, דערשלעפּן דעם זומערדיקן רייץ ביז צו די פופציקער יאָרן. אָבער שפּעטער מעגן זיי זיצן אין די שיינהייטס־וואַרשטאַטן שעהן לאַנג מיט די הויכע עלעקטרישע קרוינען אויף זייערע קעפּ, ווי פּאַיאַצן; מעגן זיי פאַרבן זייערע האָר אין אַלע קאָלירן און מאַסאַזשירן זייערע האַלדז־קאַרבן ווי איינגעפאַלענע רייפן — וועט עס זיי אַלץ העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. ניין, טראַכט זי, דעם אָנקל מעקס עצה פון האָבן געדולד און שפּאָרן איז ניט פאַר מיר, סאיז לעכערלעך.

ניין!... יאָ!... זי מוז געפינען אַ שנעלן מיטל אַרויסצוקריכן פון איר אָרעמער שטאַנד. ווי אַזוי? נאָר דער פּלאַן ליגט נאָך ביי איר אין אַ געהיימנספולער קעסטעלע פון מאַרך...

זי איז אַריין אין פּאַרק. דער פּאַרק האָט תמיד אויף איר אַ כישופדיקע ווירקונג. דער פּאַרק פאַרשלאָגט אירע געדאַנקען מיט אַזאַ רואיקייט. רעגינאַ אין צענטראַל־פּאַרק איז ווי אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין.

ביי אירע שפּאַצירן אינעם פּאַרק פלעגט זי אַנטציקט ווערן פון אַלץ וואָס אירע אויגן האָבן געזען. אַזוי ווי זי וואָלט אַריינגעקומען אין אַ פּאַנטאַסטישער וועלט. שוין ביים אַריינגאַנג פון דער פינפטער עוועניו, אין דער איין און זיבעציקסטער גאַס, האָט זי זיך געפרייט ווי אַ קליין קינד. זי האָט גאָר פאַרגעסן אָן די שיינע שוי־פענצטער מיטן האַנדל־האַרמידער און האָט געגאַפט אויף די קליינע וועווערקעס מיט די לאַנגע, בויגיקע עקעלעך, די האָריקע, אין פאַרשיידענע קאָלירן, וואָס נעסטן אין די ביימער, קריכן אַרונטער, שפּילן זיך צוזאַמען מיט די פאַרשיידענע טויבן, און יעדער פון זיי געפינט עפּעס. אַז מען זוכט געפינט מען... די טויבן — בלויע און פּאָפּעליאַטע, שאָקלען מיט זייערע שטאָלצע קעפּלעך און זיי טאַנצן שטאַרק צעפרידענע מיט זייערע רויטלעך־דינע פיסלעך — פון יעדער געפונענער זשערנע. אַרום זיי טאַנצן אויך די וועווערקעס דעם טאַנץ פון לעבן. זיי הייבן מיט די פאָדערשטע פיסלעך די געפונענע ביסנס צו זייערע קליינע מיילער, קייען ווי די מאַלפּעלעך, סגלאַנצן ביי זיי די אייגעלעך. זיי שרעקן זיך גאָרנישט פאַר די מענטשן און די קינדער אַרום. זיי קוקן אויף די וואָס ברענגען זיי ניסלעך און שטיקלעך „פּאַפּקאָרן”, ווי אויף נאָענטע פריינט.

אפשר גאָר זיינען די מענטשן אין זייערע אויגן אַזוינע גרויסע ברידערלעכע ווערעקעס ?

זי האָט אויך באַוואונדערט די גרויסע, שוואַרצלעכע גראַניט־שטיינער, וואָס שטאַרטשן אַרויס פון דעם נידעריקן געשוירענעם גרינעם גראָז ווי פאַר־שטיינערטע חיות. דערהויפּט האָט זי ליב צו קוקן אויף דעם בערגלדיקן גרויען שטיין, צווישן די צוויי זילבערנע טייכלעך ווען די זון פאַרגייט אין רויטלעכער פלאַמיקייט און באַלויכט די הייזער און טורעמס אין צענטראַל־פּאַרק וועסט. דער שטיין אַקעגן ווי ער וואָלט זיין געפּאַסט מיט די שענסטע מאַרקאַזיטן־שטיינער, וואָס מען געפינט אין די קוילן־שאַכטן. זיין בלישטשן מיניעט זיך אַקעגן דעם פּאַנטאַן, נאָכן צווייטן טייכל, מיט די שפּריצנדיקע רעגן־טראָפּנס אין אַזאַ צירקל, וואָס זעט אויס ווי אַן אָפענער פּאַראַסאָל. די טראָפּנס שימערן קעגן דער רויט פאַרגייענדיקער זון ווי ווייס־בלויע ברי־ליאַנטן. און זע ! אַ שטייענדיקער מלאך באַשיצט מיט זיינע פליגל די קינ־דישע מלאכימלעך אַרום אים!... רעגינאַ האָט אויך ליב צוצוגיין צום קליינעם שעקספּיר־בלומען גאָרטן, וואו מען גייט אַרונטער פון אַ משופּעדיק בערגל אויף אַ שמאָלער סטעזשקע. צו לינקס הויערט אַ הויכער ווייס־גרוי־לעכער שטיין פון ריזיקן גרויס, מיט גלייכע סימעטרישע ליניעס. ווי אַ קינסטלער־בוימייסטער וואָלט זיי אַזוי גראַדלינג פאַרמירט. פאַרנעמט זי זיך ווידער צו רעכטס, שטייגט אַרויף אַ בערגל פול מיט גרינע גראָזן, קוסטן און אַ סך יינגע ביימעלעך צווישן הויכע טענענביימער. צו לינקס זיינען אויך צעוואָרפן נידעריקע שטיינער אַרום דעם פיר־עקיקן וואַסער־באַסיין מיט אַ הילצערן געבויגן בריקל אין מיטן. דאָס שטענדיקע פליסינדיקע וואַסער פאַלט אַרונטער ווי אַ שטילער וואַסער־פאַל אין אַ שמאָל ריטשקעלע.

אַרום די שטיינער חנדלען זיך פאַרשיידענע בלומען; רויזן — רויטע, ווייסע און גאָלדיק־געלע באַצירן דעם אַרום ווי פראַנזן פון אַ געהאָפטן, אָריענטאַלישן טישטעך, דורכגעוואָרפן מיט אַלערליי קאָלירטע פעלד־בלימ־לעך. צופוסנס, אַרונטער, שטייען ווי וועכטער אַרום דעם באַסיין, די הויך שטאַנגיקע בלויע, האַלב־ווייסע, האַלב פורפורנע פיענעס־בלומען מיט גרויס פאַרקיילעכדיקע קעפּ ווי יונג־נעגערישע געקרייזלטע מיידל־קעפּ.

רעגינאַ האָט ליב צו טרעפן דאָרטן די נאַקעטע נעגער־קינדער, וואָס בעטן מזאָל זיי וואַרפן פעניס, אָדער ניקלס אינם באַסיין אַריין; און זיי שפּרינגען אַריין, טויכן די מטבעות אַרויס פון דעם לויטערן וואַסער.

ביים אַרונטערגיין אויפן שמאָלן שטעג וואָס פירט צום מוזעאום, דרייען זיך אַרום ווייסע טויבן ווי שניי. פון די גאָר הויכע, געדיכטע קוסטן קריכט

אַרויס אַ ווערעווערקע, גאָר פון אַן אַנדער קאָליר, ניט ווי געווײַנלעכע — אַ העלע, גרויס, און מיט אַ געל קעפּל. און דאָס ווערעווערקעלע שפּרינגט צו איר, הייבט אויף די צוויי פאָדערשטע פיסעלעך ווי אַ טרענירט הינטל, מיט אַ געבעט: — עסן! רעגינאַ האָט שוין מיט זיך תמיד אַביסל שפּאַנישע, אָדער האָזן־ניסלעך און זיי, די ווערעווערקעס נעמען דאָס שנעל, אַביסל שרעק־קעוודיק, פון איר האַנט אַרויס. באַלד באַווײַזן זיך נאָך עטלעכע פונעם זעלביקן מין און קאָליר און זיי רינגלען זי אַרום ווי היימישע, אַלטע באַקאַנטע. עס קומען אויך צו נענטער, אויף זייערע טאַנצנדיקע דינע פיסלעך עטלעכע ווייסע טויבן. זיי לעבן אין פרידן מיט די ווערעווערקעס, רייסן נישט איינער בײַם אַנדערן דעם ביסן און געניסן די ניסלעך מיט רואיקער צופרידנקייט — אַ מין חברשאַפט פון בעטלער...

טייל מאָל האָט רעגינאַ גרויס עגמת־נפש ווען זי גייט דאָרטן אַדורך אָן ניסלעך און די ערשטע געל־קעפּיקע ווערעווערקע קומט איר אַקעגן מיט די אויפגעהייבענע פיסלעך און מוז נעבעך אַוועקגיין מיט גאָרנישט. דאַמאָלט פילט זי זיך אַ פאַרשעמטע פאַר דער ווערעווערקע, וואָס האָט אַזוי איידל אָבער בחינמדיק בײַ איר עפּעס געבעטן. בײַם אַהיימקומען דערציילט זי דאָס חיימלען, אויך דבורהלען מיט מנשהן. זיי פילן מיט מיט איר רחמנות צו אַלע באַשעפענישן און באַשליסן צווישן זיך אַז זונטיק, אם ירצה השם, פאָרט מען אינעם פּאַרק און מוועט מיטנעמען געצוג ניסלעך מיט קיכלעך צו פאַרגיטיקן די עוולה אַקעגן דעם געל־קעפּיקן פאַרשעמטן ווערעווערקעלע נעבעך.

ווען רעגינאַ רעדט מיט זיי וועגן איר פאַרליבטקייט אין צענטראַל־פּאַרק, שײַנען אויף אירע גרויסע, ברוינע אויגן ווי זי וואָלט געפונען דאָס גרעסטע פאַרמעגן. זי זאָגט דאַמאָלט צו זיי: — „איך האָב שוין געזען אין די גרויסע שטעט פון אייראָפּע, די שענסטע, באַרימסטע שטאָט־גערטנער, אָבער יענע גערטנער און פּאַרקן זײַנען געשאַפן און קולטיווירט געוואָרן פון מענטשן, פון גערטנער־קינסטלער און פון טרוימערישע אַרכיטעקטן מיט פּאָעטישע פאַנטאַזיעס.

אָבער סענטראַל־פּאַרק איז די שאַפונג פון גאָט אַליין. שפּערישע מענטשן האָבן עפּעס צוגעגעבן, ווי אַ שטייגער די בריקלעך, פאָנטאַנען, קולטיווירטע גערטנער עטלעכע: די געפלאַסטערטע און זײַטיקע שפּאַציר־וועגן, און אויך אַנדערע באַפּוצונגען, ווי די פאַרשיידענע סקולפּטורן צווישן זיי; די בראָנדז־געשטאַלטונג פון די ברידער גרימס קינדער־מעשהלעך און דער קעגנאיבערדיקער סקאַנדינאַווער מעשה־דערציילער אַנדערסאָן מיט

דער אָפּגעבליאַקירטער רויט בראָנזענער נאָז... אָבער צענטראַל פּאַרק אַליין מיט זיין גאַנצער הערלעכער ראָמאַנטישקייט און ראָמאַנטישע קאַפּ־ריזן — דאָס איז באַשאַפן געוואָרן פון גאָט אַליין!

אַפילו די הויכע ריזיקע הייזער אַרום, פון ביידע זייטן פון מזרח און פון מערב, זעען אויס ווי אָרנאַמענטאַלע באַפּוצונגען צום פּאַרק. זיי גיבן אויך צו חן און צויבער.

רעגינאַ באַמערקט ביים אַרויסגיין פון פּאַרק אויף דער איין־און־אַכ־ציקסטער גאַס, אַז אָט די געביידע וואָס שטייט דאָרט מיט אירע הונדערטער פענצטער זעט אויס פון דער נאָענט ווי אַ מיליטערישע קאַזאַרמע. אָבער אין דער אָפּשפּיגלונגס־דיסטאַנץ אין פּאַרק, וואו אַלץ צויבערט מיט טרוימערישן כישוף, זעט די געביידע אויס מיט אירע רעקטענגולאַרע קופּאָלן ווי אַן אור־אַלטער אָריענטאַלישער שלאָס, פול מיט מיסטישן צויבער; אָדער גאָר ווי אַ בודיסטישער אַלטער טעמפּל אין באָמבעי אָדער, דערמאָנט אַן אי־מאַזש פון די הימעלייען־בערג.

זי באַווירקט ניט זעלטן חיימלען צו גיין מיט איר צו די קאָנצערטן אינעם לואיסאָן־סטאַדיום און ביידע געניסן פון דער מוזיק וואָס קלינגט דאָ אָפּ אין פּאַרק מיט אַ באַזונדערן אַראָמאַט. זי פילט אַדורך די דינסטע, לויטערע אַקאָרדן, וואָס דער פיינסטער און שענסטער זאַל מיט דער פיינסטער אַקוסטיק קאָן מער ניט אַרויסגעבן. רעגינאַ מורמלט שטילערהייט צו חיימלען נאָך יעדן געשפּילטן נומער; „דאָ אין דעם הערלעכן אַרום, אונטער דעם פרייען הימל, ווערן די טענער אין פּערפעקטן ריטם פון יעדן אינסטרומענט אַזאַ קאָסמיש־געטלעכע האַרמאָניע". אין אַזאַ מאָמענט באַקומט זי חיימל זייער ליב. ווי באַלד זי, זיין רעגינאַ, מיט איר אייביק־וואַכנדיקער פרויען־לעכקייט צעזינגט זיך און צעטרוימט זיך מכח דער געטלעכער האַרמאָניע, איז עס אים צום האַרצן. ער דערמאָנט זיך אָן די עקסטאַטישע נאַטור־שורות פון „ברכי נפשי"! און סווערט אים גוט. עס דוכט זיך אים, אַז זי טאַקע, די געטלעכע נאַטור, וועט העלפן, איינצוהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט אין זיין פיל־נשמהדיקער רעגינאַ...

ווען די היצן שטאַרקן זיך מיט זייער פייכטקייט און דושנעקייט און מען קען קוים דעם אָטעם אָפּכאַפּן, באַפאַלט זי אַ שווערע אומעטיקייט אַ בענקשאַפט נאָך איר קינדערשער היים מיט די אַמאָליקע רחבותדיקע גערט־נער און מיט די וועלדער און די טייכן אַרום. זי ווייסט, אַז די געבענטשטע פון גאָט, אַמעריקע, איז רייכער אויך מיט אָט די דאָזיקע נאַטור שיינקייטן. אָבער זי, אין איר מצב, קאָן זיך נישט פאַרגינען צו רייזן און געניסן דעם

פאַרגעניגן, ווייל גראָד אין די זומער חדשים האָט חיימל וויניקער אַרבעט און איר חיימלס פאַרדינסטן זיינען אין יענער צייט זייער מאָגערע.

זיי זיינען איינמאָל געפאָרן קיין קוני־איילאַנד אין אַ הייסן זונטיק, זיך צו באָדן אינעם ים. נו, וועט זי שוין זיך פאַרזאָגן אַ צענטן נאָך אַמאָל מער נישט אַהין צו פאָרן. דאָס שטיקעניש אין סאָבווי, דער גהינומדיקער טומל פונעם פעבלדיקן המון־עם, און די ווילדע פאַרשפּילערייען האָט זי שאָקירט ביז גאָר. די לופ־דע־לופ מיט די אימפּראָוויזירטע עראָפּלאַנען און פאַראַשוטן; דאָס שיפלען זיך אין די מכלומרשטע פאַרבאָרגענע־היילן, מיט די אומגעלומפּערטע עלעקטרישע שטאַנגען און מיטן בריאַזגען פון אַלע זייטן; מיט דער ווילדער שפּיל פון די צוזאַמענגעשטויסענע, אימיטירטע אויטאָמאָבילן, מיט דעם געמיש פון די וואולגאַרע געלעכטערס אַרום די שפּילערייען — דאָס אַלץ האָט רעגינאַן זייער אויפגערעגט. דערצו האָט דאָס אַלץ איבערגעשראָקן דאָס קינד, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וויינען. רעגינאַ האָט זיך פאַרשוואָרן — „דאָס איז דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל פון אונדזער קומען אַהער. סאיז נאָר אַ גרויס רחמנות אויף דעם הערלעכן ים־ברעג, וואָס ווערט אַזוי נאַריש פאַרשוועכט און פאַרביזנעוועט. און דער ווילדער טומעל הייסט נאָך ביי זיי „דער ליבעס־טונעל !"

ביים אַהיימפאָרן האָט זי נאָך געטראַכט, אַז אפשר איז זי נישט גע־רעכט, ווייל נאָך אַלעמען גיט דאָס דאָך עפּעס פאַר מיליאָנען מענטשן. אפשר דאַרף מען אויך טראַכטן וועגן די יעניקע וואָס דאַרפן ניט קיין בע־סערס... אָבער דאָך איז רעגינאַ אַהין מער ניט געפאָרן. זומער־צייט איז זי בעסער געזעסן אין דער היים. זי האָט געלייענט ביכער פון ווייטע רייזעס איבער ימים און לענדער, געחלומט פון די קאַרפּאַטן־בערג און פון די שווייצאַרישע אַלפּן; אָבער גאָר די נאָענטע קעטסקילס און אַדיראַנ־דעק־בערג וואו שוירלי איז אַוועקגעפאָרן פאַרן גאַנצן זומער און בערל פאָרט אַהין צו איר אין יעדן סוף־וואָך.

יז.

# אויף ימים נוראים אין וויליאַמסבורג

דער זומער איז פאַרביי. עס זיינען אָנגעקומען די טעג פון חודש אלול.

אויף ראש־השנה זיינען זיי פאַרבעטן געוואָרן קיין וויליאַמסבורג, צו מרדכי, מנשהס אַ קוזין, אַ זייגער מאַכער, אויך פון דער שארית הפליטה. מרדכי איז אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק, אַ בן־תורה און אַ פאַרברענטער סאַטמאַרער חסיד. ער איז געקומען צו זיי אַ וואָך פאַר יום־טוב און נישט אָפּגעטראָטן ביז זיי האָבן אים צוגעזאָגט צו קומען אויף יום־טוב, וואו ער וועט זיי אָפּגעבן צוויי באַזונדערע חדרים. ער האָט געזאָגט: — „איך מיט מיין פרוי האָבן שוין אַלץ צוגעגרייט פאַר אייך. מיר וועלן אַלע דאַווענען ביים רבין אין בית המדרש, און איך קאַוויר אייך פאַר אַזאַ עונג יום־טוב, וואָס איר וועט דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן".

אויף רעגינאַן און דבורהלען וואָס האָבן אים געזען דאָס ערשטע מאָל, האָט מרדכי געמאַכט אַ זייער גוטן איינדרוק מיט זיין לויטער, איידל פנים און מיט די ליב מחיהדיקע אויגן. ביים אָנקומען אַהין, אין וויליאַמסבורג, ערב ראש־השנה, האָט עס דאָרטן אין יענער געגנט געווימלט מיט באַבערדיקע און פּאותדיקע יידן, מיט בעקעשעס און שטריימלעך ווי אין מונקאַטש. פון אַלע שטובן האָט געשמעקט מיט היימישע יום־טובדיקייט; פון אַלע פנימער, פון די זקנים און זקנות ביז די יינגסטע קינדער האָט געשיינט מיטן געמישט פון יום־טובדיקער פריידיקייט און מיט יראהדיקן ציטער פון גרייטן זיך צום יום הדין!

מרדכי מיטן ווייב, רבקהלע, האָבן זיי אויפגענומען מיט גרויס התקרבות. זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן פאַר זיי — „אַזעלכע טייערע געסט"! האָט מרדכיס ווייב געהאַלטן אין איין איבערחזרן. זי האָט געהאַלטן אין איין טראָגן צום טיש פאַרשיידענע געבעקסן אייגן־געבאַקענע, פאַרשיידענע אויבסטן, אַ סך זיסע זאַכן וואָס זי די בעל הביתטע האָט וועגן דעם זיי דערמאָנט: — „סאיז אַ מצווה צו עסן זיסע זאַכן אום צו האָבן אַ גוט און זיס יאָר, „טאַטעניו זיסער"...

זי האָט דערלאַנגט טיי צום טיש און מען האָט געשמועסט ביים גע־דעקטן טיש פון דער היים דער אַמאַליקער און פון דאָ, וואָס — „דאַנקען גאָט דערפאַר, מיר האָבן זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן", האָט געזאָגט רבקהלע— „מיר פילן זיך דאָ ווי אין דער היים, אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען". זי פאַר־ענדיקט אירע רייד מיט אַ טיפן זיפץ, ביים דערמאָנען דעם אומקום דורך

די נאַציס ימח־שמם! „פון אונדזערע נאָענסטע און טייערסטע״. אַלע ביים טיש, קייענדיק געשמאַק די גוטע זיסע זאַכן האָבן מיטגעזיפצט. מרדכי האָט זיי געבעטן אויסצוטאָן די רעקלעך, ווייל סאיז געווען נאָך גאַנץ וואַרעם אין דרויסן, כאָטש טייל בלעטער פון דיביימער האָבן שוין אָנגעהויבן צו פאַלן. דער „אינדיאַנישער זומער״ האָט זיך שוין אָנגעזען אויף די עטלעכע ביימער אין גאַס, מיטן אויפשיינען אין אַ געמיש פון שיינע קאָלירן — אָרענדזש, גרין, רויט קופּער... דער הימל אין זיין העל בלויאיקייט און לויטערקייט, מיטן לייכטן ווינטל האָט צוגעגעבן אַ רחבותדיקע רואיקייט ביי זייער אַרויסגיין אויף דער פאָדערשטע וועראַנדע.

סאיז געווען נאָך גענוג צייט צו גיין מנחה־דאַווענען. די זון האָט זיך שוין גענייגט צום מעריב און זי האָט דורכגעשיינט דורך די אַקעגנאיבערי־קע אַלטע, רויט־ציגלענע הייזער. אַלע האָבן זיך שנעל דערנענטערט ווי מען וואָלט זיך שוין קאָנען פון יאָרן, מיט זייער צוגעלאָזנקייט. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן זייער מצב הפּרנסה.

מנשה, מיט זיין שטענדיקן בטחונדיקער כאַראַקטער, האָט מיט האָפער־דיקייט דערציילט פון זיין אַרבעט, די בשותפותדיקע, מיט חיימלען און די געמיינזאַמע אַרבעט מיט אַנדערע אין דער ברילי‌אַנטן־שלייפערײ. „גאָט זיי דאַנק דערפאַר, מען האָט פּרנסה בכבוד, אין די שטילע זומער־חדשים, אין די גרויסע היצן מאַכט מען ווייניקער. אָבער מען קומט דורך אָן דחקות״. מנשה האָט בטחונדיק פאַרענדיקט: — „אָבער אַצינד הייבט זיך אָן דער נייער סעזאָן, זיינען מיר שוין באַלייגט מיט אַרבעט איבערן קאָפּ. אַבי געזונט!״

חיימל גלעט זיך זיין צוגעשוירן בערדל און באַמקעט צו מיטן קאָפּ. גיט צום לעצט צופרידן אַ זאָג: „אַ דאַנק דעם בורא עולם!״

רעגינאַ גיט אַ קוק אויף חיימל, אויף זיין פּנים, אויף זיין בערדל און איר געזיכט נעמט אָן אַ חוזקדיקע גרימאַסע. איז זי דאָך די תמיד־ניט צופרי־דענע מיט איר דאָליע. זי גיט זיך אַהייב אויף פון איר זיץ־פּלאַץ און גייט מיט לאַנגזאַמע טריט אַריין אין דעם פראָנט־פּאַרלאָר. דאָרט טאַפּט זי מיט אַ כלומערשטן אינטערעס די נייע פאָרהאַנגען און די גאָלדפאַרביקע גאַרדינען, גיט אַ קוק אויף צוריק און אַ סאַרקאַסטיש שמייכעלע טליעט אויף אירע ליפּן.

די באַלעבאָסטע פון הויז, רבקהלע, איז איר נאָכגעגאַנגען אויס גאַסט־לעכער העפלעכקייט ניט באַנעמענדיק פאַרוואָס רעגינאַ איז אַוועק. דבורהלע אָבער פאַרשטייט עס יאָ, זי ווייסט דאָך אַז ווי נאָר רעגינאַ דערהערט וועגן דאַנקען גאָט פאַר דעם וואָס מען האָט — ווערט זי, רעגינאַ, אַן אויפגעקאָכ־

טע... זי האָט דאָך שוין אויך זי אָנגעשטעקט מיט אומצופרידנהייט. אָבער צוימט זיך.

דאָ האָט דבורהלע, כדי אויפצוהייטערן רעגינאַס שטימונג, אָנגעהויבן צו ריידן וועגן מאַדעס, וועגן באַלעבאַטישקייט און וועגן מאכלים. רעגינאַ האָט זיך געלאָזט אַריינציען אין דעם. אַבי מען רעדט וועגן מאַדעס! דער בייט פון מאַדעס ליגט דאָך אין איר נאַטור, אַזוי ווי דער בייט פון שטי־מונגען.

דערווייל האָט מרדכי פאַר די געסט דערציילט וועגן דעם פּלאַץ וואו ער אַרבעט, ביים אימפּאָרטירן שווייצאַרישע זייגערלעך. ער האָט געזאָגט: — „למאי זאָל איך זאָגן, קיין גרויסע גליקן מאַכט מען ניט אָבער, נישט צום פאַרזינדיקן. מען מאַכט אויך אַ זייטיקן דאָלער פון פאַרריכטן פּריוואַטע זייגערלעך; מען קריגט אַביסל אַרבעט פון די זייטיקע, קליינע זייגער־און־צירונג געוועלבלעך, מען אַרבעט צו ביסלעך אין די זונטיקס, אַזוי אַרום קומט מען אַדורך, אַ דאַנק השם יתברך. מען גיט נאָך אַביסל אויף צדקה. דער עיקר די צדקה דורך אונדזער רבין. זאָל לעבן. מיר דאַרפן דאָך אויפ־האַלטן ישיבות און דער סאַטמאַרער שפּייזט אויך אָרעמע תלמידים. האָט איר ניט געהערט פון דעם סאַטמאַרער? ער איז דאָך דער גרעסטער רבי! ער ציט זיין הייליקע גזע פון ווייט, ווייט, פון צדיקים און רביים. אָט וועלן מיר האָבן דעם גרויסן נחת צו דאַוונען אין דעם סאַטמאַרערס גרויסן בית המדרש. ביים רבין פאַרציט זיך דאָס ראש־השנהדיק דאַוונען ביז זייער שפּעט נאָכמיטאָג. אָבער ס׳וועט ענק ניט באַנג טאָן״.

מען האָט אַ ווײַלע געשוויגן. דערנאָך האָט מרדכי אָנגעהייבן: — איך בין ענק דער עיקר מקנא וואָס עטץ זייט ענקערע אייגענע באַלעבאַטים, וואָס איר אַרבעט ניט פאַר יענעם און איר דאַרפט זיך ניט אויסשטיין פון דער חוצפּהדיקער, גראָב־יינגישקייט פון די מישטיינס־געזאָגט, שוין אַמעריי־קאַניזירטע פון צווישן די באָסישע יידן, אַ שטייגער ווי איינער פון מיינע באַלעבאַטים אַ פּוילישער ייד פון די פרייע פייגל, וואָס גלויבן נישט אין קיין זאַך — ניט אין מענטש, און ניט אין גאָט, נאָר אין דעם דאָלער!...

מרדכי האָט גערעדט מיט אויפגערעגטקייט...

— מען דערציילט אַז אין יענע אַמאָליקע יאָרן, אין זייער אָרעמקייט, האָבן זיי געגלויבט אין קאַרל מאַרקס מיט זיין חברותא, ימח־שמם וזכרם! נאָכדעם האָט זיך דער שיינער תכשיט דער באַלעבאָס מיינער, ווי מען דערציילט, אַוועקגעלאָזט צו דינען אַלע סאָרטן עבודה־זרות, אַלערליי שווינדלערייען, אַבי געלט צו מאַכן און איז געלעגן ביין קלאַפּטער אין

די אַדמה. וואָס מאַרקס, ווען מאַרקס, אַבי געלט! ביז די לעצטע יאָרן נאָכן צווייטן וועלט־קריג האָט עס אים צוגעשפּילט דורך די אַמעריקאַנישע צו־פאַלן; האָט זיך אים, דעם אַמאָליקן סאָציאַליסט, אַזוי דער קאָפּ פאַרדרייט, אַז ער קוקט אויף יעדן אַרבעטער נישט נאָר ווי אויף אַ שנאָרער און בעטלער וואָס דאַרף זיך בוקן צו אים ווי פאַר אַ קיניג נאָר, ער קוקט אויף אונדז אַרונטער ווי מיר וואָלטן בכלל קיין מענטשן נישט געווען. ער האָלט אין איין בורטשן און קאָמאַנדעווען אַלץ אויף אַ צעבראָכענעם ענגליש וואָס אַפילו מיר, די גרינע, שטיקן זיך פון געלעכטער. אָט ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק, איז געקומען אַ זייגער פאַבריקאַנט פון שווייצאַריע, אין דער ביורא אַריין; האָט ער געגעבן אַ באַפעל דורך דער בוכהאַלטערן, אַז ווען ער וועט אַריינקומען אינעם וואַרשטאַט פון די זייגערמאַכער מיטן פאַבריקאַנט, זאָלן זיך די פרומע זייגער־מאַכערס פון דער סלאָוואַקיי, אונגאַרן, אויסטאָן די קאַפּלען, ווייל סאיז נישט שיין פאַרן גויאישן שווייצאַרער צו זען ווי יידן מיט קאַפּלעך אַרבעטן ביי אים. איך מיט נאָך עטלעכע פון אונדזערע האָבן אים געהערט ווי דעם קאָטער. נאָכן אַוועקגיין פון דעם גוי איז ער געקומען צו לויפן צו אונדז מיט אַזאַ רוגזה און כפּרה־דיקע געשרייען אַז מיר האָבן מורא געהאַט ער זאָל נישט קריגן די אַפּאָפּלעקציע ווייל ער ליידט פון אַ הויכן בלוט־דרוק.

איך האָב זיך אַרויסגעשטעלט פאַר מיר און פאַר די אַנדערע און אים געזאָגט: — „מיר וועלן נישט אויסטאָן אונדזערע יאַרמעלקעס, נישט נאָר פאַר אים און זיינע גויים, נאָר אַפילו ניט פאַרן פּרעזידענט פון אַמעריקע. און אפשר גראָד וואָלט דער פּרעזידענט, אַלס איידעלער מענטש, אונדז גראָד רעספּעקטירט פאַר אונדזער געטריישאַפט צו אונדזער אמונה".

ער איז אַרויס פון וואַרשטאַט מיט ווילדע געשרייען, דאָס מאָל שוין אין זיין יידיש; — „יו דוירטי באָנטש פּרומאַקעס! קאַיקס! שיניס! די פּאַסקודנע יאַרמולקעס זיינע אַ „שעים" פאַר די גויים; מען דאַרף אייך צוריקשיקן קיין אונגאַרן".

מנשה האָט געזאָגט:

— „גאָטעניו! סאיז היינט ערב־ראש־השנה און מען טאָר אויף קיין יידן קיין שלעכטס ניט ריידן. לאָמיר אַפּריער גוט באַטראַכטן אונדזערע אייגענע מעשים. סזיינען דאָך ימים נוראים!"...

סאיז שוין געוואָרן פאַרנאַכט, מרדכי האָט אַ זאָג געטאָן: — „גע־רעכט!" „מיר האָבן זיך אַביסל פאַררעדט, מען מוז זיך צואיילן איבערטאָן זיך און גיין דאַווענען.

זיי האָבן זיך נאָך אַמאָל געוואַשן, האָבן אויסגעקעמט זייערע יינגע בערדלעך. מרדכי און מנשה האָבן אָנגעטאָן זייערע ריינגעפּרעסטע בעקעשעס. חימל האָט אָנגעטאָן זיין שוואַרצן סורדוט מיטן געפּרעסטן שטייפן העמד און שוואַרץ קראַוואַטל וואָס רעגינאַ האָט פאַר אים געקויפט אויף יום־טוב, און לייכט שמייכלענדיק צו זייערע ווייבלעך, וואָס זיינען געבליבן אין דער היים, זיינען זיי אַרויס פון הויז, געקושט די מזוזה און געגאַנגען מיט מרדכי ווי מיט אַ וועגווייזער צום דאַווענען.

פון אַלע זייטיקע גאַסן און געסלעך אין וויליאַמסבורג, האָבן זיך געצויגן מחנות יידן מיט בעקעשעס און שטריימלעך. אַלע מיט לאַנגע, געקרייזלטע פּאהתן, יונג און אַלט; גרויע און שוואַרצע בערד האָבן זיך געמיניעט אינעם פאַרנאַכטיקן שאָטן.

די יידן אין די קיטלען האָבן מיט זייער ווייסקייט באַהעלט די גייענדיקע מחנות אין שוואַרצע בעקעשעס.

די רייען יידן האָבן זיך געצויגן אין פאַרשיידענע זייטן צו די פיל שולן און בתי מדרשים אַרום די ישיבות און רביים. דער גרעסטער און געדיכסטער שטראָם חסידים האָט זיך געצויגן צום בית המדרש פונעם סאַטמאַרער רבין.

סזיינען אויך געגאַנגען צום דאַוונען אַ היבש ביסל פרויען, עלטערע מיט העלע קופּקעס; מיטל־יאָריקע און יונגע — מיט שייטלען שוואַרצע און בלאָנדע, מיט ווייסע זיידענע טיכלעך פאַרבונדן הינטער זייערע דינע געמבעס און פאַרקיילעכדיקע גוידערט. אַלע פרויען — באָבעס, מאַמעס און טעכטער האָבן זיך אויסגעמישט צוזאַמען. אַ סך פון זיי אויסגעפּוצט יום־טובדיק אין נייע מאָדישע קליידער און מיט מאָדישע שיכלעך, אָבער מיט לאַנג־ווייסע זאָקן — זיינען מיט יידישער משפחהדיקייט געגאַנגען הינטער די באַשטראַמלטע מענער צום דאַווענען.

זיי האָבן זיך אַריינגעשאָטן אין דעם סאַטאַמאַרער בית המדרש. סאיז אַן אַלט, גרוי, רויט־ציגלנע הויז מיט זייטיקע לאַבירינטישע חדרימלעך, טייל אָן פענצטער אַפילו, דער עזרת־נשים ביי דער זייט, שטאַרק אָפּגעזונדערט, נאָר דורך אַ פאַרבאַרגענער עפענונג אין דער הויך, הילכט אַריין ווי אין אַ פאַס די געדאַוונטע און געזונגענע תפילות.

דער בית המדרש מיט אַלע חדרימלעך אַרום זיינען געפּאַקט מיט שטראַלנדיקע יום־טובדיקע חסידים. יינגלעך מיט געגאָלטע קעפּלעך, מיט פאַרשיידענע קאָלירטע לאַנגע פאהתן — ברוין, רויט, שוואַרץ, דראַפּן זיך אויף די פענצטער. טייל קריכן אויף דער הויכער טעלעפאָן־בודקע ביי

איינער פון די זייטיקע אַריינגאַנגען. זיי קוקן אַרונטער מיט ייִנגלישער, שקאָציִשער פֿאַרשייטקייט, מיט זייערע ברענענדיקע אייגעלעך, בוכצן זיך אין די זייטלעך ; די שוואַכערע ווערן אַרונטערגעשטופּט און די שטאַרקערע ספּריטנערע דראַפּען זיך צוריק אַרויף, דאָס חזרט זיך איבער כאָטש ס׳איז ראש־השנה. דער שטאַרקערער שטופּט דעם שוואַכן.

מען דאַוונט מנחה. די מתפּללים שאָקלען זיך אין אַלע זייטן מיט דבקות, מיט ימים נוראימדיק יראהדיקער פּאַרטיפונג ; זיי שאָקלען זיך מיט די באַוועגנדיקע מחזורים אין זייערע הענט און מיט צוקנדיקע בליקן צום הייליקן רבין, צו זייער שליח־ציבור, וואָס שטייט פּאַרטיפט אין די עולמות העליונים, די חסידים פילן אַ בטחון, אַ התעוררות אין זיין נאָענטקייט אין דעם רבינס הרת־עולמדיקן שטיין פאַרן קודשא ברוך־הוא, וואָס איז פול מיט חסד און רחמים !

אַלע דאַוונען מיט גרויס כוונה. דער בעל תפילה ביים עמוד, ר׳ יאַנ־קעלע, איינער פון די יראים ושלמים, פון די נאָענסטע מקורבים צום רבין, שטייט אינעם ברייט־געפאַלדעוועטן קיטל, נאָענט צום אָרון קודש, ביים ווייסן, זיידענעם פּרוכת, דאַוונט הויך אויפן קול. אָבער דאָס זיינען נישט קיין געשרייען, חלילה, נייערט ווי געבעטן צו אַן אייגענעם טאַטן, צום אָב־השמים ! נאָכן קדיש פון די יתומים וואָס הערט זיך פון אַלע ווינקלען, זעצן זיך די וואָס האָבן פּלעצער אויף די לאַנגע בענק. מרדכי האָט פּאַר זיינע געסט באַזאָרגט פּלעצער נעבן זיך און זיי זיצן מיט אַלעמען. פיל חסידים אָן פּלעצער שטייען ביי די טירן און ביי די ווענט אַרום, אַלע וואַרטן מיט פרומע יראת־הכבוד אויף דעם רבינס מערב דאַווענען.

עס גייט צו צו דער לינקער זייט פונעם עמוד, נעבן אָרון קודש, דער ברייט־פּלייציקער מיטלוואוקסיקער גבאי, ר׳ אַהרן וועלכער שטאַמט פון אַ פּויליש־רבנישער חסידישער גזע. דער סאַטמאַרער רבי איז אין יענער משפּחה געווען אַן איידעם אויף קעסט. נאָכן גבאי גייען דרייסיק יונגעלייט און ייִנגלעך, זיי זיינען די געקליבענע משוררים.

אַלעמענס אויגן זיינען געווענדעט צום רבינס גיין צום עמוד. דער רבי קומט אין דעם ווייסן קיטל מיט דער ברייט־זילבערנער עטרה אויף זיין ברייט דיקלעכן גוף, זיין פּנים ווייסער ווי זיין ווייסע באָרד און קיטל, זיינע ברייט צעעפנטע שוואַרצע אויגן זיינען פול מיט ברענענדיקן פייער, ער קוקט צום עמוד און ער גיט אויך אַ רחמימדיקן בליק אויפן עולם חסידים, וואָס האָבן זיך פוןביידע זייטן געשטעלט אַנטקעגן אים. דער סאַטמאַרער רבי שווייגט אַ ווייל. עס דערהערט זיך באַלד פון אים אַ דין

ברומען, — ווייטע קלאַנגען... דערנאָך הייבט ער אָן צו דאַווענען מיט אַ דין קול, ווי מיט לויטערע, דינע טענער פון אַ פינגער־באַרירטער האַרפע דער גבאי מיט די משוררים האַלטן אונטער אויפן חסידישן שטייגער. ביי שמונה־עשרה, צעטראָגט זיך זיין איינגעהאַלטן יראת־הכבודיק געוויין פאַר דעם האַר און באַשעפער פון אַלע וועלטן און פון אַלע ברואים. דער רבי בעט ביי אים סליחה און מחילה פאַר זיין עדה און פאַר דעם פאָלק ישראל. ער בעט ביי אים אויך צו פאַרגעבן די זינד פון דער גאַנצער וועלט! אַלע־מענס אויגן, אנשים נשים וטף, ווערן טרערנדיק פייכט; עס צעטראָגן זיך אין דער שמונה־עשרה־דיקער שטילקייט כליפּענדיקע דערשטיקטע געוויי־נען. אַלעמענס הערצער זיינען פול מיט פּחדיקן ציטער און מיט נאָענטער באַהעפטונג צום רחמימדיקן גאָט אין הימל!

דער רבי האָט פאַרענדיקט דאָס מעריב־דאַווענען מיט אויפגעהייטערטע חסידישע געזאַנגען. און דער גאַנצער עולם חסידים זינגען מיט ווי אין אַ כאָר אַחוץ ביים נייעם ניגון וואָס ר' אהרן איז מחדש אויף יעדן יום־טוב. די חסידים הערן זיך צו, ברומען אונטער מיט אינערלעכן באַגער, באַלד טאַקע אויסצולערנען זיך אָט דעם ערשט־געהערטן ניגון.

אַלע שטעלן זיך אויף ביים רבינס אַרויסגיין פונעם בית־המדרש. דער רבי נייגט זיין קאָפּ אויף אַלע זייטן ווינטשענדיק אַלעמען אַ גוט יום־טוב, לשנה טובה תכתבו! עס הילכט דעם רבינס אויפגעהייטערט קול מיטן פריי־דיקן האַרציקן ענטפער פונעם עולם:

— גוט יום־טוב, רבי! לשנה טובה תכתבו!

דורך דער צייט פון זייער זיין ביים דאַווענען, ביזן אַהיימקומען, האָבן די דריי יונגע ווייבלעך, וואָס זיינען געבליבן אין דער היים, געהאַלטן אין איין רעדן צווישן זיך ווי זיי וואָלטן שוין אַלע זיין באַקאַנטע זייט יאָרן. רבקהלע ווערט איינע פון זיי, זי, רבקהלע, מרדכיס ווייבל, איז אַ פּעטלעכע מיט בלאָנדע האָר וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פון איר געלאָקט שייטל מיט בלויע, מילדע אויגן, מיט האַרציקער צוגעלאָזנקייט פון איינער וואָס באַקלאָגט זיך ניט אויף אירע דורכגעגאַנגענע פיינען אין די נאַצישע לאַ־גערן און איז ניט מתרעם אויף אירע שפּעטערדיקע וואַנדערונגען ביז מינכען, וואו זי האָט זיך געטראָפן מיט מרדכין, און דאָרטן טאַקע חתונה געהאַט מיט אים. ער איז אירס אַ ווייטער קרוב פון אַ שטעטל פון זאַגרעב. רבקהלע דערציילט אַלץ מיט רואיקע רייד. נאָכן אָנדערציילן זיך פון זייערע דורכלעבונגען האָט רעגינאַ זיך גענומען באַקלאָגן מיט איר אומ־צופרידנקייט אויף דעם לעבן אין בראָנקס און אויף דער דירה וואָס בערל

און שוירלי האָבן פּאָר זיי צוגעגרייט, און בכלל אויף דעם מצב אירן. נאָר זי האָפּט אַז זי וועט זעען זיך אַרויסצוראַטעווען פון דאָרטן אונטער אַלע אומשטענדן: — „דערווייל איז ניט גוט. עס שטיקט אויף דער נשמה. כוואָלט שוין בעסער געוואוינט דאָ אין וויליאַמסבורג, כאָטש איך בין נישט אַזאַ פרומע, ווי דאָרטן, אין בראָנקס, צווישן די רוסישע און פוילישע שניידערס און קירזשנערס. יענע זיינען נישט אַזוי פרום ווי די יידן דאָ, אָבער פון זייערע פּנימער און מאַניערן שמעקט מיט פּראָסטקייט אַזוי ווי פון אונדזערע רוטענישע קאַרפּאַטן־פּויערים. כקען זיך צו זיי ניט צוגע־וואוינען. היינט, די שוואַרצע שכנים! אפשר גוטע מענטשן בטבע, אַמאָל, ווי קינדער, איז מיר אָבער דערווידער זייער טומל; זייערע געשרייען און געררודער. ביי זיי זיינען אויך דאָ יונגע „גענגס", וואָס באַפאַלן ביינאַכט די דורכגייענדע ווייסע פרויען, רייסן ביי זיי אַרויס די האַנט־בייטלען, ווי עס האָט ערשט געטראָפן מיט מיינער אַ שכנה ביי איר אַריינגיין אין הויז. און די נישט ריינקייט אַרום! און דאָס רוישן און קלאַפּן דעם גאַנצן טאָג פון די לאַסט־וועגענער, און דאָס בראַזגען פון עלעוויי טאָר. ס'איז מיר נמאס דאָס לעבן דאָרטן".

רעגינאַ האָט זיך אַזוי צעלייגט מיט אַ גאַנצער טיראַדע. זי האָט נאָך קיינמאָל אַזוי פיל, מיט איינמאָל, זיך ניט אַרויסגעוואָרפן אויף די ניו־יאָרקער אומשטענדן פון איר לעבן. אפשר גאָר האָט די ראש־השנהדיקע שטימונג אַרום געווירקט אויף איר צו נעמען זיך מודה זיין, אַרויסשרייען דעם אמת — איר אמת, דעם אמת פון אַ פרוי וואָס טראָגט אין זיך אַ צעריסענע נשמה, וואָס איז ניט אַהין און ניט אַהער... די צעפּיעטשעטע און פיל־געליטענע, אייביק פאַרבענקטע בת יחידקעלע, רעגינאַ!

די גאַנצע צייט וואָס רעגינאַ האָט זיך אַזוי געקאָכט, האָט דבורהלע גע־שוויגן. זי האָט נאָר מאַמעדיק באַמערקט, אַז זי איז אַזוי פאַרנומען טאָג און נאַכט מיטן קינד, זאָל לעבן, אַז זי הערט נישט און זעט נישט וואָס אַרום איר טוט זיך.

רבקהלע צעשמייכלט זיך, זאָגט צו רעגינאַ: — „דאַרפסט בעסער זען צו האָבן אַ קינד ווי זי און איך, וואָלסטו קיין צייט נישט געהאַט צו זען די אַלע שלעכטע זאַכן אַרום זיך".

רעגינאַ, וואָס האָט זיך געפילט געטראָפן פון רבקהלעס רייד, כאָטש נישט־געמיינט איר ווי צו טאָן, חס־וחלילה, האָט זיך אויפגעשטעלט פון דעם שטול, זיך אַנטשולדיקט, איז אַריין אינעם וואַש־צימער און האָט זיך גענומען צו־רוזשען איר בלייך־געוואָרן פּנים. רבקהלע, וואָס האָט מיט

איר פרויען־אינסטינקט דערפילט אַז זי דאַרף ענדערן דאָס געשפּרעך, ווען רעגינאַ איז צוריקגעקומען, האָט זי פאַרפירט אַ שמועס וועגן די שלעכטע שכנים. „יאָ", האָט זי געזאָגט, „די שחורימדיקע שכנימלעך, די פאַרטאָריקאַנער, האָבן זיך לעצטנס באַזעצט אַרום אונדז אין די אַלטע שמאָלע געסלעך דאָ, אין הייזער וואָס מען האָט זיי באַדאַרפט שוין פון לאַנג אַרונטערוואַרפן. — סאיז אומהיימלעך צו האָבן זיי פאַר שכנים. עס זיינען געקומען געלט־גייציקע לענדלאָרס, האָבן די חורבהס אָפּגעקויפט פאַר אַ שיבוש, האָבן זיי מכלומרשט פון אויבן־אויף עטוואָס רעמאָנטירט, געמאַכט פון אַלטע פינף צימערן — אַכט, און מער; קליינע לעכער אויס־געטיילט און אַ נאָמען געגעבן: — „נייע אַפּאַרטמענטס". זיי פאַרדינגען עס צו די ניי־געקומענע פאַרטאָריקאַנישע קרבנות אויף הויך דירה־געלט; וואוינט מען אַזוי צוזאַמען צו זעקס און צען מענטשן, אָנגעפּלאָשעטע מיט קינדער און יונגוואַרג. איז עפּעס אַ וואונדער וואָס פון דעם אָרימען לעבן אַליין זאָל אַ טייל יונגוואַרג זייערע, ווערן פשוטע וואַנדאַלן, ביינאַכט באַ־פאַלן דורכגייער. סאיז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי רייסן אויף אונדזערע בריוו־קעסטלעך, אַ זאַך וואָס ברענגט זיי קיין שום נוצן, נאָר באַפרידיקט זייערע פאַרברעכערישע נייגונגען. טאָ פאַרוואָס, רעגינאַ, זאָלסטו זיך באַקלאָגן אויף בראָנקס? באַקלאָגן קענען זיך אַלע. און ווידער, דו, רעגינאַ, בענקסט דען אַזוי נאָך אַ געגנט מיט פרומע בערד? דאָס איז מיר אַ נייעס!

רעגינאַ האָט געזאָגט: — „בערד און פאות דערמאָנען מיך כאָטש אָן די מאַדיאַרישע יידן, אַבי ניט די פוילישע און ליטווישע שוסטער־שניי־דערס"...

— „זעסטו", האָט רבקהלע ווייטער גערעדט, „דעם, וועמען יידישקייט איז ליב, קען ער אין וויליאַמסבורג געפינען מעלות. אונדזערע קינדער וואַקסן דאָ אויס אין יידישקייט. פונדעסטוועגן ווילט זיך אַרויסציען פון דאַנען. „לאָמיר אייך זאָגן דעם אמת, אַז אויך איך מיט מיין מאַן האָפן צו גאָט, אַז אונדז וועט געלונגען אָפּצושפּאָרן אַביסל געלט און מיר זאָלן זיך קאָנען אַריבערציען אין אַ לייטישער געגנט ווי אַ שטייגער, באָראָ־פּאַרק, אויך צווישן יידן און ישיבות, נאָר יענע זיינען פריי פון אָט די שכנימלעך. אַ דאַנק גאָט, צווישן יידן הערט מען זייער ווייניק וועגן יידישע געגנסטערלעך. גאָט זאָל אונדז ווייטער אויסהיטן פון דעם.

רעגינאַ, שוין מיט באַרואיקטקייט זאָגט: — „טאַקע אמת, אין אַל־

געמיין, געטומען, לעבן אונדזערע יידן משפחהדיק ריינער ווי זיי, אַפילו די אָרעמסטע. ס׳איז אַזאַ לעבנס־שטייגער פון דורותדיקער גאָטס־פאַרכטיקייט. אָבער אין אַ לאַנד פון פרעמדער איינוואַנדערונג וואו עס קומען אָרעמע מענטשן, וועלכע ווערן פּלוצים אָפּגעריסן פון זייער איינגעוואוינטן שטייגער לעבן, איז די צופּאַסונג צייט זייער אַ שווערע און פּיינלעכע. וואָס דאַרפט איר מער? אַפילו אין מדינת ישראל, איז דער צופּאַסונג־פּראָצעס אויך אַ שווערער. בעת אונדזער זיין דאָרטן, האָב איך געלייענט אין די צייטונגען, אַז עס געפינען זיך דאָרטן אַרום דרייסיק טויזנט מענטשן, דאָס רוב יונגע, אין די ישראלדיקע פּריזאָנס! ווער שמועסט נאָך אין אַזאַ לאַנד ווי אַמעריקע מיט אומגעהויערע קאָנטראַסטן צווישן אַזוי פיל רייכקייט און דער שרעקלעכער אָרעמקייט פון די ניי געקומענע. דאָרטן, אין פּאָרטאָ־ריקאָ, זיינען זיי געווען רואיקע אָרעמע טלעכע מענטשן, אָבער זייער אַריינ־פאַלן דאָ אין דעם לאַנד פון אַזוי פיל אויסערלעכן גלאַנץ, רעגט די יוגנט אויף און די נייע, פרעמדע אומגעבונג שטופּט אַ סך צו פאַרברעכערישקייט. פריער זיינען דאָס געווען אַלע אַנדערע אימיגראַנטן. זיי אַלע — יעדער אין זיין צייט — זיינען אויסגענוצט געוואָרן פאַר שקלאַפּישער אַרבעט, דער עיקר — די נעגערס. היינט זיינע די שוואַרצע פאַרשפּרייט אין אַלע ווינקלען פון אַמעריקע, שוין געוואָרן גאַנצע פּריצים. סוועט אָבער קומען אַמאָל אַ צייט ווען אַמעריקע מיט דער נייער טעכניק וועט זיך ניט נייטיקן מער אין שקלאַפן־אַרבעט. די צייט וועט אַמאָל קומען. אָבער דערווייל ביז דאַמאָלט, איז דאָ נאָר איין וועג וואָס שנעלער זיך אַרויפצואַרבעטן, צו צושלאָגן זיך צו ביזנעס, מאַכן אַ „סוסקעס״. דאָ זיינען נאָך דאָ אַלע מעג־לעכקייטן פאַר מענטשן מיט אַמביציעס צו דערגרייכן אַ שיינעם שטאַנד. היינט דאַרף מען אַנטלויפן פון דאַנען אַזוי שנעל ווי מעגלעך. מען קען ניט לעבן נאָר מיט חלומען.

ווען די מענער זיינען צוריקגעקומען שפּעטלעך פון דאַוונען, האָבן זיי געטראָפן זייערע ווייבלעך אויסגעפּוצטע מיט יום־טובדיקן חן. זייערע לויכטנדיקע פּנימער, זייערע אויגן האָבן געשיינט אַקעגן די לויכטנדיקע געבענטשטע ליכט אויפן געגרייטן, ווייס־געדעקטן טיש מיט די פאַרדעקטע חלות, רודישן נעבן זיי, מיט דעם ברוין־פאַרגליווערטן האָניג, מיט די שוואַרץ־רויטלעכע ווייַנטרויבן. אַלע האָבן זיך פריידיק, מיט יום־טובדיק־אויפגעהייטערטער ליבשאַפט געוואונטשן: גוט יום־טוב! לשנה טובה ומתוקה! אַ גוט יאָר, אַ זיס יאָר! מיט געזונט און פּרנסה.

רבקהלע האָט זיך פאַרגעסן און געוואונטשן חיימלען צו מאַכן אַ ברית

דעם יאָר, און ווייבעריש צוגעפּלוידערט, בעת רעגינאַ האָט ווידער ווי פריער אַרונטערגעלאָזט די אויגן אין פאַרשעמטקייט. זי ווייסט דאָך אַז זי קען קיין קינד מער ניט געבוירן.

זי האָט געשוויגן מיט אינערלעכן ווייַ און עגבערדיקן צער פון איר עקרהשאַפט, צוליב איר איבערגעלעבטן פּיינלעכן לעבן. חיימל האָט בלאָס־פאַרוויטלט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

נאָכן קידוש מאַכן, האָבן די פרויען געטרונקען פונעם קידוש־ווייַן מיט קוים באַרירטע ליפּן, ווי זייערע צניעותדיקע מאַמעס, די אומגע־קומענע, האָבן עס געטאָן.

נאָכן וואַשן זיך, האָבן די מענער געשניטן די המוציאס, יעדער פון זיין חלה; האָבן באַשמירט מיט האָניק ביי די במוצאדיקע עקן, נאָכדעם געטונקען די ווייַנטרויבן אינעם האָניג און אַלע האָבן זיך נאָך אַמאָל געוואונטשן — „לשנה טובה ומתוקה".

רעגינאַ האָט צוגעהאָלפן רבקהלען מיטן דערלאַנגען צום טיש די יום־טובדיקע מאַכלים און נאָך יעדן מאַכל האָבן אַלע געזונגען די חסידישע און ישראל־ניגונים.

נאָכן בענטשן האָט מרדכי געזאָגט רבקהלען, אַז זיי, זי און די אַנדערע ווייבעלעך, זאָלן נישט וואַרטן אויף די מענער ביז זייער צוריקקומען פונעם רבינס טיש ווייל סקאָן זיך אַמאָל פאַרציען „ביז די הענער וועלן קרייען".

זיי זיינען נאָך געזעסן אַביסל ביים צוגערוימטן טיש מיט שבת־מנו־חהדיקער אידלקייט, ווי פּרינצעסינס. די יום־טוב־ליכט האָבן אַפילו ביים אויסצאַנקען אַרויסגעאָטעמט אַזאַ הייליקע פייערלעכקייט.

מנשה האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט מרדכין וועגן דעם אויס־טערלישן טעם און חן פון אַ שבת אָדער יום־טוב אין ישראל.

„דאָרט איז יום־טוב יום־טובדיקער!" זיינע אויגן צעלויכטן זיך אין זיין התפּעלותדיקן זאָגן אַז: „דאָרטן באַגלייטן נישט די מלאכים די יידן ביים אַהיימגיין פון שול נאָכן קבלת שבת, נאָר זיי, די מלאכים שוועבן פאָרויס; מען פילט ממש דאָס פלאַטערן פון זייערע פליגלען ווי זיי פירן די יידן צו זייערע שבת־ישראלדיקע היימען; זיי טריפן אַריין אין יעדן קי־דוש־בעכער אַ געטלעכע פריידיקע טרער צו די זיך צוריקקערנדיקע קינ־דער אין געהייליקטן לאַנד ישראל!

בעת די דריי ווייבלעך פאָרן זיך אַרום אין קיך ביים וואַשן און ווישן דאָס געשיר און ביים בטלען ווייבעריש איבער אַלע פלאָטקעס און איבער אַלערליי פרויען־שמאָכטעס, הערן זיך מרדכי און חיימל צו, מיט חסידישער

דביקות צו מנשהס באַגייסטערטע רייד. זיין פּנים לויכט, די אויגן ברענען. זיין קערפּער אין אַ לייכטן שאָקלען זיך ווי ער וואָלט דאַווענען. מנשה זעצט פאָר זיין באַגייסטערטע פאַרבענקטקייט נאָך ארץ ישראל: — „אויך די ימים־טובים זיינען דאָרטן אַנדערש ווי אין חוץ־לאָרץ. פּסח פילסטו ווי דו וואָלסט געווען איינער פון די יוצאי מצרים; ביים אַהיימגיין פון דאַווע־נען פילסטו דעם דופטיקן אַראָמאַט פון די אַפּעלסינען־גערטנער; פון די פעלדער קומט דאָס אַמאָליקע אויפגיין אין בית המקדש מיט דעם עומר; און מען ווערט געריניקט און געהייליקט אין דער קדושה של מעלה, ווי עס שטייט אין דער תפילה פונעם ספירת־העומר; דאָרטן פילט מען בחוש ווי מען טראָגט די פרי־צייטיקע פּרוכטן אין די קויבערלעך און די גרין־שמעקנדיקע זאַנגען אויף די פלייצעס אין געבונדענע גאַרבן אויף די וועגן קיין ירושלים. וואָס זאָל איך מאַריך זיין? אין יום־טוב שבועות, זעט מען בחוש דאָס שטיין אונטערן באַרג סיני ביי מתן תורה, ווי אַ באַשיינ־פערלעכע זאַך".

מנשה בויגט זיך צו נענטער צו מרדכין ווי ער וואָלט אים וועלן אַ סוד אַריינרוימען. מרדכי און חיימל בויגן אויך נענטער זייערע קעפּ אונטערן היפּנאָז פון זיינע וואַרעמע רייד. ער שעפּטשעט מיט שטילע רייד צו זיי: — „סאיז נאָענט די צייט ווען מיר וועלן מיט השם יתברכס הילף, זוכה זיין צום בנין בית המקדש במהרה בימינו. דאָס פילט יעדער ייד אין ארץ ישראל". ער מאַכט צו זיינע אויגן צו פאַרהאַלטן די טריפנ־דיקע, פריידיקע טרערן פון זיינע אויגן און האַלב בליפנדיק זאָגט ער: — „מרדכי! ווייסטו וואָס דאָס מיינט? ווידער דער בית המקדש אין ירו־שלים! מיט כוהנים און לוויים; און אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט וועלן עולה זיין צום בית המקדש, דעם באַנייטן, אַ ראש השנה און אַ יום כיפור אינעם חצר פון בית המקדש, וואו מיר וועלן זען דעם כוהן גדול אַריין און אַרויס פונעם קודשי קודשים".

דאָ זיינען אַריינגעקומען די דריי ווייבלעך פון קיך. די דריי מענער האָבן פאַנאַנדער גענומען זייערע קעפּ, די צוזאַמען־באַהאַפטענע, און שע־מעוודיק, ווי קליינע קינדער פאַר זייערע מאַמעס, האָבן זיי מיט שמייכלדי־קער שטראַליקייט זיך אויסגעווישט זייערע פייכט פריידיקע אויגן.

רבקהלע, מרדכיס ווייבל, האָט איבערגעהאַקט דאָס פּלוצים־געפּלעפטע שטיל־שווייגן און געזאָגט צו איר מרדכי: — — „עסט וועט ענק שוין גע־נוג אויסוויינען מאַרגן ביים דאַווענען, זינג בעסער, מיין מאַן, דאָס בייע פריילעכע געזאַנג פון רבין, זאָל לעבן. איך וועל דערנאָך ברענגען טיי!"

ביים זינגען דעם רבינס ניגון מיט מתיקותדיקע דביקות. האָבן זיי פּאַטשנדיק מיט די הענט און פאַרמאַכטע אויגן, געזען בחוש מנשהס וויזיע פונעם באַנייטן בית־המקדש.

ביים טרינקען די טיי, האָט מנשה געוואָלט האָבן אַן ענטפער פון מרדכין, „וואָרום דער סאַטמאַרער רבי איז אַזוי איינגעשפאַרט מיט זיין קנאהדיקער מחלוקת קעגן מדינת ישראל?"

מרדכי, דער פאַרברענטער סאַטמאַרער חסיד, ענטפערט אים אַז: —

„דער רבי איז חלילה־וחס נישט קעגן דער מדינה, אַדרבה! ער האָט שוין עטלעכע מאָל אין זיינע דרשות מרמז געווען אויף דעם, וואָס דו, מנשה, און אַלע פרומע יראים ושלמים פילן און האָפן זוכה צו זיין, צו זען נאָך אין אונדזערע טעג די אמתע גאולה שלימה פון ביאת המשיח. אָבער ער איז קעגן די איצטיקע ווענן פון יענע וואָס ווילן ווערן ככל הגויים. ער וויל אַ גאולת ישראל דורך אַן עם קדוש, אַנדערש וועלן מיר קיין תקומה נישט האָבן. דערווייל איז ער עוסק אין בויען ישיבות אינעם ישוב ארץ ישראל וואָס מיר העלפן אים מיט אַלע אונדזערע כוחות און מיט גאָטס הילף וועט עס אים געלינגען גובר צו זיין אַלע מכשולים!

נאָכן אויסטרינקען די טיי האָבן זיי זיך געזעגנט מיט זייערע ווייבלעך און געגאַנגען צום רבינס טיש.

יח.

# ביים רבינס טיש

ווען זיי זיינען געקומען צום רבינס טיש, זיינען שוין אַלע טישן געווען פאַרנומען מיט זיצנדיקע חסידים. אַלע אין זייערע שטריימלעך. די דריי האָבן זיך געשטעלט, קוים דורכשטופנדיק זיך, נישט ווייט פונעם רבינס שטול. ביים אַריינקומען פונעם רבין איז דער געדראַנג פונעם עולם חסידים, געווען אַזוי שטאַרק אַז די שריימלעך האָבן זיך באַרירט איינס אָן אַנדערן. האָבן דאָך אַלע געפילט די זכיה פון דער נאָענטקייט צו אים. די חסידים זיינען אַריין אין גרויס התפעלות ביים כאַפּן, מיט געלאַסנקייט, די שיריים. דערנאָך, ביים רבינס תורה זאָגן, אַזוי פול מיט משלים און רזי־דרזין, רמזים און ניגונידיקע מחשבות.

ביי זייער אַהיימגיין האָט די נאַכט שוין געהאַלטן ביים שיידן זיך מיטן

נייעם טאָג־ליכט וואָס האָט זיך שוין געוויזן ביים מזרח־האָריזאָנט. די בלויקייט ווערט העלער. די שטערן בלישטשן מיט העלער ווייסקייט. אַ קיל ווינטל בלאָזט אַקעגן, געלע צענויף־געקאָרטשטע בלעטער פון די עטלעכעביימער דרייען זיך אין אַ געווירבל צוזאַמען מיט שטיקער ציימונגס־פּאַ־פּירן און צעריסענע שקאַרמיצן. מרדכי איז נאָך אַלץ פאַרטיפט אין די רעיונות פון רבינס משלים. מנשה טראַכט וועגן דער שיינער ראש־השנה־דיקער נאַכט אין נתניה. חיימל, כאָטש אַזאַ פרומער בענקט נאָך רעגינאַס נאַקעטקייט. רעגינאַ, רעגט, כאָטש זי איז תמיד אומצופרידן...

זייער שטילע האַלב מידע פאַרטראַכטקייט האָט זיך פּלוצים פאַרענדערט ביים ווידער פאַרבייגיין דעם פאַרדעקטן גרוב מיט די רויטע לעמפּלעך אַרום דעם הויכן הויב־מאַשין דעם „בולדאָזער”. מנשה, האָט ווי אַ געלעמ־טער זיך אָנגעכאַפּט אָן חיימלען, שווער זיפצנדיק ווי אַן אָקאָרשטער אָבל ביים פאַרבייגיין אַ בית־עולם. חיימל און מרדכי וואָס האָבן אינסטינקטיוו דערשפּירט די סיבה, וואָס מן־הסתם האָט ער אין דימיון זיך דערמאָנט אינם וואַלד גרוב, האָבן זיי אים געהאָלפן אַריבער גיין אויף דער אַנדערער זייט גאַס, און אָפּגעווישט מיט זייערע וואַרימע הענט דעם קאַלטן שווייס פון זיין הויכן בלאַסן שטערן, זיי האָבן זיך נאָכדעם אָפּגערוט עטלעכע מי־נוט צייט. כאָטש בטבע האָבן די קאָצעטניקעס נישט ליב צו רעדן וועגן זייערע יסורימדיקע איבערלעבונגען, צו דערפאַר אום נישט צו שיטן זאַלץ אויף זייערע נאָך נישט פאַרהיילטע וואונדן, אָדער אפשר ווייל יעדער פון זיי וויל דערשטיקן אין טיפע פאַרשעמונג יענע בזיונדיקע פיינען די איבערגעלעבטע וואָס די נאַצישע רוצחים האָבן סאַדיסטישע נישט נאָר זייערע גופים פאַרצערט נאָר מיט בכוונדיקע דייטש־פּינקטלעכע געדולטקייט צו פאַרשעמען דאָס מענטשלעכע אינעם מענטש. מרדכי, האָט זיך חסידישלעך געשאָקלט און האָט זיך מיט דער רעכטער האַנט געריבן דעם שטערן, זיך אַוועקגעשטעלט אין פאָרנט פון זיי, און איבערגעהאַקט דאָס שטומע־שווייגן מיט אַרומנעמען זיי מיט גרויס צערטלעכקייט ווי אַ לייבלעכער ברודער און צו זיי געזאָגט: — איר אינעם גרוב זענט טאָקי דורכגעגאַנגען חבוט־הקברדיקע יאָרן, וואו אין אייער פינצטערן פּיין האָט איר אין אייער איינזאַמקייט נישט נאָר איבער געלעבט אייערע אייגענע ליידן, נאָר אייער באַצערטן טראַכטן איבערן גורל פון אייערע טאַטעס און מאַמעס וואָס זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון אייך ווען איר זענט נאָך געווען קינדער, אָבער מיר אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן האָבן דאָך ממש צוגעזען דעם שוידערלעכן אומ־קום פון גאַנצע עדות יידן, די פאַרטיליקונג פונעם פאָלק ישראל, אמת ! מיר די

יידן פון דער סלאָוואַקאַי, פון אונגאַרן, אַזוי ווי די דייטשישע יידן די יעקעס, האָבן אין אָנפאַנג נישט געגלייבט די וואָרענדיקע רייד פון די פוילישע רו־סישע און גאַליצישע קאַצעטניקעס, אַז נאָכן אויסמאַטערן די יידן דורך הונגער און שווערער קאַטאָרזשנע אַרבעט ביזן נישט בלייבן מער ווי וואַק־לענדיקע סקעלעטן וועט מען אַלעמען אַוועקפירן קיין אוישוויץ, טרעב־לינקע, מיידאַנעק, און דאַכאו. און די גאַז־קאַמערן מיטן אַריינאַרן נאַקעטער־הייט מענער פרויען און קינדער צום פאַרגאַזט ווערן אינעם מכלומרשטן גלויבן אַז זיי נעמען אַ הייסן טוש. דערנאָך האָבן מיר דאָס אַליין געזען מיט אונדזערע אייגענע אייגן. מרדכי האָט אויפגעהויבן זיין האַנט צום הימל און צו זיי געזאָגט, מיר דאַרפן לויבן דעם בורא־עולם וואָס מיר זיינען נצול געוואָרן און זוכה געווען צו בלייבן צווישן ביסל שארית־הפליטה דאָס הייפעלע יידן. דער רבי אונדזערער דער סאַטמאַרער, האָט לכתחילה גלייך נאָכן חורבן אויף אונדז גוזר געווען אַז מיר זאָלן נאָר אויף אַזוי פיל גע־דענקען דאָס פאַרגאַנגענע כדי נאָך שטאַרקער צו לויבן זיין ליבן נאָמען פאַר דאָס חסדיקע פאַראַנענע.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו מרדכיס היים, האָט ער זיך אָפגעשטעלט פאַר דער טיר, געשעפּטשעט צו זיי שטילערהייט קיינעם נישט אויף צו וועקן, הערט! דער סאַטמאַרער רבי מיינער, האָט מיט זיין זאָג וואָס כהאָב אייך פריער איבער געגעבן אַוודאי אויך אָנגעוואונקען אויף דעם וואָס גע־טריבענע קאַצעטניקעס פון לאַגער צו לאַגער האָבן אונדז דערציילט אַז ביים דורכגיין פאַרביי פּראַג, האָבן גויים אַריין געוואָרפן ברויט צווישן די מחנות וואַגעלדיקע יידן. דאָס זעלביקע איז אויך געשען אויף די פינצטערע וואָקזאַלן פון פאַרחשוכדיקע, וואַרטענדיקע יידישע מחנות, האָט מען אונטער געוואָרפן זעק מיט ברויטן, מען האָט אַפילו געמורמעלט אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן פון די באַהאַלטענע פּאַרטיזאַנען אין די וועלדער דאָס זעלביקע איז געשען (בעיני — ראיתי) ווען מיר אַן עדה געטריבענע יידן זיינען ביינאַכט צוגעקומען נאָענט צום לאַגער אין פלאָסענבערג, אין נידערביירערן, האָבן די דאָרטיקע פּויערן אויסגעלייגט ברויטן אויף די פענצטער פון זייערע נידעריקע הייזער, און הונגעריקע יידן האָבן ריזיקירט מיט זייער שיין אויסגעמאַטערטן לעבן און געכאַפּט בגנבה עטלעכע פון די אַוועק־געלייגטע ברויטן.

מרדכי האָט פאַרענדיקט אין טיפע פאַרטראַכטונג, ביים צובייגן זיין רעכטע האַנט צום קיילעכיקן פנים זיינעם מיטן שוואַרצן בערדל, מיטן שטיל שעפּטשענדן זאָגן, אַז דאָס טאַקע האָט דער רבי אונדזערער מרמז געווען אין זיינס אַ דרשה, דעם ערשטן ראש־השנה נאָכן חורבן, אויף די

צוויי פּסוקים פונעם חזן נאָכן שופר בלאָזן. פונעם באור פּניך יהלכון, און שומע תפילות עמך ישראל ברחמים, אַז ס׳איז הא בהא תליה (איינס איז געווענדעט אינעם אַנדערן). אויב מגייט שטענדיק דעם בורא־עולם אַקעגן מיט ליכטיקייט און דערהויבענע אויפגעהויטערטקייט, דערהערט ער אַלע מענטשנס געבעטן מיט רחמים. און אויך מיר די געליטענע מוזן אויפ־האַלטן אינעם זיכרון רק דאָס רחמימדיקע. זיי האָבן מיט יום־טובדיקן געזעגענען, זיך אַריינגעשלייכט אויף די שפּיץ־פינגער אין זייערע חדרים אַריין.

ביים אויפשטיין ראש־השנה אין דער פרי, האָט זיי מרדכי מיטגענומען אין דער נאָענטער מקוה. נאָכן אַהיימקומען זיינען זיי מיט זייערע ווייבלעך, וואָס זיינען שוין געווען אָנגעטאָן אין זייערע ווייסע קליידלעך מיט ווייסע זיידענע טיכלעך אויף זייערע קעפּ, אַוועק דאַווענען ביים רבין. די מענער גייען פאָראויס, די פרויען הינטער זיי. אַלע באַוואונדערן דעם שיינעם פרי־מאָרגן, דעם זוניק־קילן, וואָס דערפרישט זייערע קרעפטיקע יונגע גופים.

ביים אַריינקומען אינעם גרויסן בית־המדרש האָט שוין דער בעל־שחרית, אַן אַלטער חסיד פון פוילן, געדאַוונט בעל־תפילהדיק מיט התלה־בותדיקער מתיקות. דער פול־געפּאַקטער עולם אין קיטלען און מיט לאַנגע טליתים, דער רוב מיט אַלטע, פאַרגעלטע עטרות איבער די קעפּ, האָבן גע־דאַוונט מיט פרומער פאַרטיפטקייט און האַסטיקן שאָקלען זיך אין אַלע זייטן אום צו פאַרטרייבן אַלע וואָכנדיקע רעיונות. ביי די שמונה־עשרה און די „יוצרות״ ברומען זיי מיט נוסחדיקע געזאַנגען.

נאָך שחרית האָבן אַלע זיך אָפּגערוט אַביסל. די עלטערע מתפּללים, בלייבן אויף זייערע פּלעצער, קוקן אויפן רבין, וואָס איז פאַרטיפט ווי זיין שטייגער איז אין זיין זיידנס ספר „ישמח משה״. אַלע חסידים האָבן ליב איבערצוחזרן צום טויזנסטן מאָל די מסורה פון זייערע טאַטעס, אַז לויטן זוהר־הקודש איז אליהו הנביא, זינט נאָכן חורבן בית־המקדש, מקריב קרבנות יעדן טאָג.

איינמאָל האָט דער פאָטער פונעם היינטיקן רבין אים — דעם זון — געוויזן ווי אליהו הנביא, פאַרשטעלט פאַר אַ פויער, קויפט איין בהמות פאַר קרבנות. האָט דער זון אים געענטפערט: — „טאַטע, כ׳האָב נאָך נישט זוכה געווען אַלץ צו זען מיט אַזאַ ריינער לויטערקייט ווי דו. איך בין אין דער מדרגה פונעם ניי־געבוירן קינד, ביי וועמען די ליכטיקייט לייכט דורך אַ נעפּל״.

טייל פון די פראָסטערע חסידים האָבן, בעתן אָפּרוען זיך, אַ גרויסן תענוג, געמישט מיט פאַרבענקטער צער, צו קוקן אויפן אָרון־קודש מיטן

ווייסן פּרוכת אָקעגן, וואו אינעווייניק, אין דער הייליקער טיפקייט שטייען די ספרי־תורות. בעת מעשה זען זיי מיט אַלע זייערע חושים ווי דאָרטן, אינעם אָרון קודש שיינט דורך זייער הייליקער ספרי־תורהדיקער עניוות. מאַכן זיי זיך פינצטער חושך ווען מען עפנט דעם אָרון קודש אַרויסצונעמען די תורה צום לייענען.

די חסידים זיינען זיכער אַז דערהויפּט לייכטן דאָרטן מיט אַ בלענדנדיק ליכט, ווי די זון אין תמוז, אפשר נאָך שטאַרקער, די צוויי געראַטעוועטע ספרי תורהס פון דער מונקאַטשער שול, וואָס מען האָט געפונען באַהאַלטן אינעם קעלער פונעם אומגעקומענעם שול שמש, ר׳ עוזרל.

די ספרי תורהס זיינען געלעגן באַהאַלטענע אין אַ ווינקל, איינגעהילט אין אַ זאַק פון קאַרטאָפליעס און צוגעדעקט מיט הויפנס שפּענער האָלץ. דער גוטער גוי, דער מאַרק־קערער, יוזעף סטעפּניאַק, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער פאַרנומענער דירה פונעם שמש, ר׳ עוזרל, האָט די באַהאַלטענע ספרי־תורות, וואָס ער האָט דאָרטן געפונען, געהיטן נאָך מער ווי להבדיל — זיינע הייליקייטן. ער האָט זיי איבערגעגעבן, גלייך נאָכן היטלער חורבן, צו אַ רוסישן אָפיציר, וואָס האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן, ביים באַזוכן די חורבע־שול. אפשר איז ער געווען אַ ייד?...

ווי אַזוי די ספרי־תורות זיינען אָנגעקומען צום רבין? דאָס ווייסט קיינער נישט אַ חוץ אים.

ביי די אָפטע פּתיחת־הארון אום ראש השנה און יום כיפור, שטרענגען די פּראָסטערע חסידים אָן זייערע בליקן צום אָרון קודש צו כאַפּן עפּעס פון יענער ליכטיקייט וואָס שימערירט דאָרט... אַ טייל פון יענע חסידים זיינען זיכער ביי זיך, זיי וואָלטן כמעט שווערן דערויף, אַז ביים ראַפּטומדיקן עפענען אַמאָל די טירלעך פונעם אָרון הקודש, האָבן זיי געזען אַזאַ העל־שאַרפע שיין ווי — „אַדורכלויפנדיקן שנעלן בליץ נאָך אַ זומערדיקן דריבנעם רעגן. דאָס האָבן זיי געזען באַשיינפּערלעך, זינט מען האָט אַריינגעשטעלט די צוויי מונקאַטשער געראַטעוועטע ספרי־תורות. דערפאַר טשאַטעווען זיי אַזוי מיט זייערע אָנגעשטרענגטן קוקן ביי יעדער פּתיחה און זיי מאַלן זיך אויס רעיונות און פאַנטאַזיעס וואָס ס׳טוט זיך אַלץ אינעווייניק אין אָרון קודש!

די דערוואַקסענע בחורים און יונגע יינגלעך, אויך אַ טייל פון די יונגע־לייטלעך מיט שטריימלעך און נייע, גלאַנציק־זיידענע קאַפּאָטעס מיט ברייטע, זיידענע גאַרטלען, גייען אַרויס פון בית־המדרש עטלעכע מאָל דורכן טאָג — אויפן ברייטן, שטיינערנעם טראָטואַר. אַ סך פון זיי פּאַר־

רויכערן סיגאַרעטלעך ביים פלאַם פון די אַנדערע רויכערער. זיי רעדן, פלאַפלען מיט אייגענע און מיט באַקאַנטע, דאָס טוען אויך די יינגערע פרויען פון עזרת־נשים.

אין געוויסע צייטן פון טאָג איז דער ברייטערער טראָטואַר, איבער דער גאַנצער לענג פונעם בית־המדרש געפּאַקט מיט מענטשן ביז די אַקעגנ־איבערדיקע הייזער.

פאַראַן יונגע יינגלעך וואָס שטייענדיק ביים טראָטואַר, וואַרפן זיי זיך מיט — פון פּאַפּיר צוזאַמענגעקוועטשטע באַלן — נאָר די טאַטעס לאָזן נישט. — „שאַט, נישט דאָ, עס איז ראש־השנה!"

אַ מונקאַטשער קליינע יידענע, וועמען רעגינאַ און דבורהלע האָבן ערשט באַגעגנט אויפן טראָטואַר ביים אַרויסגיין צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט, רעדט אַלץ וועגן דער גרויסקייט פונעם רבין: — „מילא פון זיין טאַטן און זיידן, זכרונם לברכה, איז דאָך נישטאָ וואָס צו ריידן! דער זיידע זיינער, האָט מיר אַמאָל מיין טאַטע ע"ה געזאָגט, האָט מיט איין בליק געקאָנט זען פון איין עק וועלט ביז צו דער אַנדערער. אויף דעם טאַטן זיינעם זאָגט זיך אַז ער האָט געהאַט גלוי אליהו".

דבורהלע שטימט איין מיט איר צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ. רעגינאַ שמייכלט מיט איר גאַנצן באַחנטן פּנים און טראַכט דערביי מיט גרויס הנאה אַז סאיז בעסער צו טרעפן אַ פרומע, שטאָלצע מונקאַטשערין איידער איינעם פון יענעם סאָרט מונקאַטשער וואָס באַרימען זיך: „כ'בין טאַקע אַ מונ־קאַטשער, אָבער געגנבעט און געגזלט האָב איך נישט".

רעגינאַ, קוקט זיך איין צום דרויסנדיקן אַרום. ניין, ניט אַלץ געפעלט איר; זי איז ניט צופרידן מיטן געפילדער און מיט דעם אַרומוואַנדערן פון די יידן אַרום קלויז, אויף דעם טראָטואַר, ווי אויף אַ היימישן יריד. און דאָס הילכן פון די געשרייען פון וויינענדיקע קינדער, און די שפּיל־געשרייען פון די היציקע יינגלעך, קונדיסים. איינער אַ הויך אויס־געוואַקסן יינגל מיט אַ לאַנגן טלית־קטן מיט ציצית איבער די קניען, לויפט אַרום מיט אַ געמאַכטן בלאָזער ווי אַ היטל־צוקער און ער בלאָזט אַריין אין די אויערן פון יינגלעך, ביז ער טרעפט אָן אויף אַ יינגל אַ כעסן, מיט רויטע, שיטערע פּאותן, ביז די אַקסלען, וועלכער יאָגט אים נאָך ווי אַ ווילד טיגערל מיט אַן אָפן מויל צו בייסן. — „אַה, דו! לאָמיר דיר נאָר פּאַקן!"

נאָך קריאַת התורה, ווערן די טראָטואַרן ליידיק. אַלע, גרויס און קליין, שטייען געפּאַקט ווי הערינג אין אַ פאַס, אין אַ פּאַרכטיקער שטימונג ביים

וואַרטן אויפן רבינס שופר־בלאָזן. דער רבי מיטן גרויסן געלן שופר,ביים רעכטן ווינקל פונעם מויל שטייט מיט אַזאַ שווערער אָנשטרענגונג ווי ער וואָלט זיך ראַנגלען מיטן שטן; בלאָזט קוים אַרויס די ערשטע תקיעה. אַזוי ראַנגעלט ער זיך אַלץ שטאַרקער ביי די שברים — אָבער ער קומט־ביי אַלע מכשולים! ביי תרועות ווערט נאָך שטאַרקער ביי די מתפללים די מורא פאַרן יום־הדין און טיפער זייער התעוררות הנפש. זיי גלויבן אַז דער רבי, דער צדיק, וועט אָנקלאַפּן אין דער סאַמע יענערוועלטיקע טירן!

נאָכן אַריינשטעלן אין אָרון קודש די ספרי־תורות הויבט דער רבי אָן צו דאַווענען מוסף. דאָס גאַנצע מוסף דאַווענען איז אויסגעמישט מיט ניגון און מיט טיפער כוונה, מיט שטילע געוויינען און מיט הייטערדיקע חסידישע געזאַנגען. אַלע טענער, אַלע תפילות ווערן אונטערגעהאַלטן פונעם גבאי מיט די משוררים און מיט דעם אונטערברומען פון גאַנצן עולם חסידים. דאָס דאַווענען מוסף פאַרציט זיך, על פּי נוסח סאַטמאַר, ביז פינף פאַרנאַכט.

ביים אַהיימגיין באַגעגענען די מתפללים אַנדערע שפּאַצירנדיקע מענער און פרויען. יענע זיינען שוין נאָכן עסן; יענע רוען זיך שוין אָפּ. דאָס זיינען יידן פון אַנדערע שולן און בתי מדרשים. אָט די אַלע פאַרבייגייער קוקן נאָך די פאַרשפּעטיקטע און זיי ווייסן שוין אַז דאָס גייען די סאַטמאַ־מאַרער".

אָט אַזוי האָט זיך אויך איבערגעחזרט די אַנדערע נאַכט יום־טוב ביים רבינס טיש. אין אָוונט נאָכן צווייטן טאָג ראש השנה, ווען זיי פּאַקן זיך שוין זייערע מיטגעבראַכטע זאַכן אַהיימצופאָרן, האָבן רבקהלע און מרדכי זיי דערמאָנט — "למען השם, נישט זיך קווענקלען און ווידער קומען צו זיי ערב יום כיפּור". "קומט פרי" — האָט רבקהלע זיי האַרציק געבעטן. די געסט באַדאַנקען זיי פאַרן שיינעם יום־טוב. די פרויען האָבן זיך צעקושט, מיט האַרציקייט, ביים שיידן זיך. מרדכי האָט זיי באַגלייט צום סאַבוויי.

ווען זיי זיינען אַריין אין וואַגאָן האָבן די פרויען געפונען צוויי פרייע פּלעצער אויף איין זייט באַנק; די מענער אויף דער אַקעגנאיבערדיקע באַנק, פּונקט אַקעגן זיי. רעגינאַ און דבורהלע האָבן גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגן דעם פיינעם יום־טוב ביי די הערצקאַייטשעס — מרדכי און רבקהלע.— "טייערע מענטשן! אידל, פיין! לעבן זיך ווי די טויבן!"

"אַ גאָלדן פאָר פאָלק", האָט רעגינאַ געזאָגט. דבורהלע, מיט אַ שמייכל האָט איר אויסגעבעסערט: — "גאָלד מיט בריליאַנטן זיינען זיי, אַזעלכע האַרציקע מענטשן טרעפט מען זעלטן". זיי האָבן צווישן זיך באַשלאָסן צו

קויפן אַ שיינע מתנה פאַרן הויז זייערן און דאָס מיטברענגען ביים קומען צו זיי נאָך אַמאָל, „מ׳זאָל דערלעבן ערב יום כיפור״.

רעגינאַ האָט אַ זאָג געטאָן צו דבורהלען: — „האָסט זיי פאַרגליכן צו גאָלד און בריליאַנטן. יאָ, ניט קיין רויע בריליאַנטן, נאָר אַרומגעשליפטע, אַזוי ווי אונדזערע מענער טוען אין שאַפּ זייערן. אַ מענטש דאַרף, הפנים, אויך אַרומגעשליפט ווערן, ער זאָל גלאַנצן מיט דעם אמתן אינערלעכן גלאַנץ. סיי־ווי, זיי לעבן זיך גליקלעך, דאָס איז גוט״.

רעגינאַ זאָל בענקען נאָך אַ רואיק פאַמיליען־לעבן, נאָך אַ געצוימט פאַמיליען־לעבן, דאָס איז ביי דבורהלען געווען אַ נייעס. אָבער זי האָט טראַכטנדיק געשוויגן.

מנשה און חימל האָבן צווישן זיך אויך גערעדט וועגן דעם פיינעם קוזין מיטן ווייב זיינעם. מנשה זאָגט: — „דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פונעם ביימעלע. זיין טאַטע־מאַמע, וועלכע ער געדענקט זיי נאָך פון זיין קינדהייט, זיינען געווען גרייט אָוועקצוגעבן דאָס בלוט פונעם פינגער פאַר יעדן מענטשן״. חימל פאַלט אים אַריין אין די רייד זיינע, גיט אים אַ ייִנגליש־שטיפערישן קלעפּל מיטן האַנט אין זייט: — „זע נאָר מנשה, ווי זי בלאַנקט, קוק נאָר איר אָן — מיין רעגינאַ! זע ווי צופרידן זי איז פון דעם יום־טוב ביי דיין קוזין. כ׳וואָלט דאָך קיינמאָל נישט געגלייבט מיינע אויערן ווען מען זאָגט מיר דאָס!״ חימל שטויסט אים ווייטער מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט אים וועלן קיצלען, און זאָגט מיט קינדערשער התפּעלות: — „מנשה טייערער, קוק דיך גוט איין אין איר! אַ בליענדע בלום איז דאָך דאָס״. מנשה, גוט ברודעריש, שטופּט אים די האַנט אָוועק און זאָגט צו אים: — „איך קוק, ווי דען, איך קוק נישט? כ׳בין בלינד? די צרה איז נאָר מיט דיר, וואָס אין דיין פאַרליבטקייט אין איר, האָסטו געמאַכט פון איר אַ געטשקע, רחמנא־לצלן, דאָס איז שוין נישט אַהבה. דאָס איז עבודה זרה. דאָס קאָן איינעם פירן ווער ווייסט וואו? אינעם שאול תחתיות אַריין. אָט, מיין דבורהלע איז אויך שיין, זי איז מיר געטריי, אָבער קיין געטשקע איז זי ביי מיר נישט. אין חומש שטייט: — אַ ווייב זאָל זיין אַן עוזר־כנגדו — אָבער נישט קיין געטשקע״.

זיי האָבן דערנאָך אָנגעהייבן צו רעדן צווישן זיך וועגן רבין. חימלען געפעלט זייער דער רבי, — „כאָטש אין אַלגעמיין בין איך נישט קיין פאַר־ברענטער חסיד ווי מיין טאַטע, ע״ה. ער איז געפאָרן צום בעלזער ע״ה, און געווען אַן אַריינגייער ביים מונקאַטשער ע״ה. איך קען און געדענק עטלעכע רביים. אָבער כ׳מוז מודה זיין, אַז דער סאַטמאַרער איז אַ שיינע

פערזענלעכקייט; ער קען צוציען מענטשן צו זיך און זיי באַווירקן נאָכצו־גיין נאָך זיינע דרכים". מנשה ענטפערט אים: — "ער איז דאָס וואָס דו זאָגסט, מיט אַן עודף דערצו. ער איז די פערזענלעכקייט נישט נאָר לויטן אויסזען אַליין. די טיפע תורהדיקע גייסטיקייט, וואָס שיינט אַרויס פון אים, פון זיין יעדן קער און ווענד, די דאָזיקע גאָט־געבענטשטע מתנה, וואָס לאו כל אָדם זוכה, דאָס מאַכט אים פאַרן יוצא מן הכלל און במילא קען ער שוין פירן דעם כלל".

יט

# פון וואַנען וועט קומען די הילף?

ווען חיימל איז אַריינגעקומען אין זיין אייגענער שטוב, האָט ער רע־גינען אַרומגענומען, זי גוט אויסגעקושט און געזאָגט: — "ווען מיר זיינען אַהינגעפאָרן ערב ראש השנה, האָט אין מיר געקלאַפּט דאָס האַרץ פון שרעק, ווער ווייסט? האָב איך ביי זיך געטראַכט, צי דו וועסט זיין צופרידן פונעם יום־טוב ביי אַ סאַטמאַרער חסיד? און דאָ ביסטו געשטאַנען ביים דאַווענען ביז זעקס פאַרנאַכט און נישט נאָר וואָס ס'האָט דיך נישט געאַרט אַהיימ־צוגיין — צוויי טעג נאָכאַנאַנד — מיט פאַרטריקנטע ליפּן, נאָר אויך צו זיין אין זיבעטן הימל, אַ פריידיקע, און צו שיינען מיט אַזויפיל רייץ, וואָס נאָר דיך האָט עס גאָט מיט דעם באַשאָנקען. ס'איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער איבערראַשנדיקער נחת רוח. דערהויפּט נאָך, וואָס די לעצטע צייטן, גייסטו אַרום אַ סך מאָל אַן אומצופרידענע, אַ דערשלאָגענע, גלייך ווי די וועלט עקט זיך. דערפאַר בין איך אַזוי דערפרייט געווען צו זען דיך אַזאַ אויפגעהייטערטע".

רעגינאַ האָט צו אים געזאָגט: — "וועגן מיין דערשלאָגנקייט ווייסטו די סיבה פון דעם, ווייל איך טראַכט און זוך אַ וועג ווי אַזוי זיך אַרויסצו־רייסן פון דעם העק דאָ. דערווייל זע איך נאָך נישט קיין אויסוועג פון וואַ־נען די הילף מיינע וועט קומען. פון מעקס עצה פון שפּאָרן, ווייסטו אַליין וויפיל האָפט דאָס האָט. אָט איז שוין דאָ דער סעזאָן דיינער און מען קומט אויס. דאָרטן, דער יום־טוב ביי די הערצקאָוויצעס אין וויליאַמסבורג און דאָס דאַווענען ביים רבין האָט אויף אַ ווייל מיך באַרואיקט. דאָס זיין צווישן מענטשן ווי זיי, ערלעך גלויביקע, אַליין באַרואיקטע — ווערט מען אַליין

רואיק. דערצו האָט מיר אימפּאָנירט זייער האָפנונג און חלום אַרויסצורייסן זיך פון דאָרטן און איבערציען זיך קיין בּאָראָ פּאַרק״.

רעגינאַ האָט אויף מאָרגן זיך אַדורכגערעדט מיט דבורהלען וואָס פאַר אַ מתנה צו קויפן פאַר די הערצקאָוויצעס. זיי האָבן באַשלאָסן צו קויפן אַ שיינעם שטיי־לאָמפּ וואָס פעלט דאָרטן אין זייער הויז.

רעגינאַ איז אַרונטערגעפאָרן „דאַון טאַון״ אין מאַנהעטן, און געקויפט אַ שיינעם מאָדערנעם לאָמפּ. זי האָט אָנגעשריבן אויף אַ וואונטש קאַרטל זייערע נעמען און געבעטן דאָס צוצושיקן צו זיי אין וויליאַמסבורג.

די טעג צווישן ראש השנה און יום כיפור — לויטער און מילדע — מיט קילערע נעכט, האָבן אויך בכלל מילדער געמאַכט רעגינאַס געמיט. זי האָט נישט שלום געמאַכט מיט איר מצב, נאָר ווי אויפגעגעבן אויף דערווייל אירע ראיענדיקע פּלענער וועגן אַרויסרייסן זיך פון דעם אָרעמען טייל פון בראָנקס.

אפשר אַחוץ אַלע אַנדערע, האָט דאָ מיטגעווירקט די עשרת ימי־תשובה־דיקע זיכרונות, וואָס זיינען איר געלעגן אין די ביינער ממש נאָך פון יענע יונגע יאָרן, ביים טאַטן אין הויף אין דער פרומער מונקאַטשער סביבה. אפילו אין איר אויפגעקלערטקייט, אין אירע שול־יאָרן, האָט זי נישט פאַרפעלט צו זיין אינדערהיים אויף די ימים־נוראים ביז נאָך סוכות. שוין אַלס אַ דערוואַקסענע מיידל האָט זי אַמאָל געזאָגט צו אירער אַ חברטע אינעם פּאַנסיאָן!

„אַז אַ גאַנץ יאָר איז דער גאָט פון אַברהם יצחק, ויעקב אין די הימלען, אָבער ראש השנה, ביז נאָך סוכות, לעבט ער מיט די יידן צוזאַמען אין די שולן און אין די היימען, ווי אַ טאַטע מיט אייגענע קינדער. ערשט אין דער נאַכט פון מוצאי יום־טוב, נאָך שמחת־תורה, פליט ער צוריק אין די הימלען, און לאָזט זיינע קינדער, איבער די תורה, אַלס פאַנצער און דערהאַלטער״.

ערב יום־כיפור זיינען זיי געקומען קיין וויליאַמסבורג, צו מרדכי און רבקהלע זייער פרי. מרדכי האָט געבעטן צו קומען אין צייט צום כפרות שלאָגן, כדי דער שוחט וואָס קומט צו אים, ווי אַ חזקה יעדן יאָר, אַכט אַזייגער אינדערפרי צו שעכטן די כפרות, זאָל נישט דאַרפן וואַרטן. אַ סך אַנדערע כפרות וואַרטן דאָך אויף אים.

ביי זייער אָנקומען צו די הערצקאָוויצעס האָט מען זיך ווידער אַרומגע־כאַפּט ווי ליבע ברידער און שוועסטער. רבקהלע האָט זיי אין איילעניש געוויזן וואו זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם צוגעשיקטן שיינעם לאָמפּ. זי און

מרדכי הא͏ָבן זיי געדא͏ַנקט פא͏ַר דער מתנה, רבקהלע הא͏ָט געזא͏ָגט: — „איצט וועט פא͏ַר אונדז זיין נא͏ָך ליכטיקער".

נא͏ָכן דא͏ַווענען און עסן כיד־המלך, הא͏ָבן א͏ַלע דריי יונגע ווייבלעך צו־זא͏ַמען געקא͏ָכט און א͏ַלץ צוגעגרייט (א͏ַ חוץ די פיש וואָס רבקהלע הא͏ָט שוין געהא͏ַקט און געפילט נא͏ָך א͏ַ טא͏ָג פריער, אין די אויסגעהוילטע פיש־הייטלעך).

נא͏ָכן צורוימען די שטובן זיינען א͏ַלע געגא͏ַנגען פא͏ַר א͏ַ שפּא͏ַציר צום איסט־ריווער. מרדכי הא͏ָט זיי געוויזן וואו זיי גייען, א͏ַ טא͏ָג פא͏ַר יום כיפור, צו תשליך. מרדכי מא͏ָלט אויס פא͏ַר זיי, מיט עקסטאַז, ווי שיין ס׳איז נעכטן פא͏ַרנא͏ַכט געווען ביים גיין צום תשליך. דער רבי וואָס איז נעבעך קרא͏ַנק געווא͏ָרן אויף די פיס, איז געפא͏ָרן אין א͏ַן א͏ָפענעם אויטא͏ָמא͏ָביל לא͏ַנגזא͏ַ־מיק, פא͏ָראויס — פּא͏ָליציי מיט מא͏ָטא͏ָרציקלען. די מחנה חסידים מיט זייערע בעקעשעס און טונקל־ברוינע שטריימלעך הינטער אים — מיט פריידיקע, חסידישע געזא͏ַנגען. די זון רויטלט זיך מיט איר רויטלעכן שקיעהדיקן פייער אין דעם איסט ריוועך; פּא͏ַסן ליכט פא͏ַלן אויפן רבין ווען ער פא͏ָרט א͏ַרויף אויפן ווילא͏ַמסבורג־בריק, און מיר בלייבן אונטן א͏ָקעגן איבער אים. דער רבי הייבט א͏ָן דאָס אויסליידיקן די קעשענעס פון דער הויך אינעם וואַסער א͏ַריין. מיר, נא͏ָך אים, מיר קוקן א͏ַלע א͏ַרויף צו אים אויפן בריק מיט די שטא͏ָלענע קייבלען און שטא͏ַנגען. ער זעט דא͏ַמא͏ָלט אויס אין אונדזערע אויגן ווי א͏ַ שוועבנדיקער מלאך אויף ריזיקע פליגלען! אונדזער געזא͏ַנג צו אים א͏ַרויף איז ווי דער א͏ָז ישיר געזא͏ַנג פון מרים הנביאה ביים דורכגיין דעם געשפּא͏ָלטענעם ים־סוף.

נא͏ָכן א͏ַהיימקומען און א͏ָפּרוען זיך, זיינען זיי א͏ַוועק אינעם סא͏ַטמא͏ַרער בית המדרש צום דא͏ַווענען מנחה; זיי הא͏ָבן, פא͏ַרשטייט זיך, געלא͏ָזט זיך שלא͏ָגן מלקות, און הא͏ָבן א͏ַריינגעלייגט מטבעות אין די פא͏ַרשיידענע קערות.

נא͏ָכן עסן און בענטשן הא͏ָט מען זיך איבערגעטא͏ָן, מ׳הא͏ָט א͏ָנגעצונדן די גרויסע, דיקע סטערינענע יא͏ָר־צייט ליכט אין די גלעזער. א͏ַ פא͏ַרכטיקייט פונעם גיין צום יום־הדין הא͏ָט א͏ַלעמען א͏ַדורך געגומען. ביים צינדן די ליכט הא͏ָבן א͏ַלע געוויינט וואָס א͏ַמא͏ָל העכער און טיפער.

דאָס וויינען איז געווען ניט א͏ַזוי צוליב די איצט־געצונדענע ליכט, ווי צוליב די זיכרונות וואָס זיינען אויפגעשוואומען פון א͏ַמא͏ָל, א͏ַמא͏ָל; א͏ַמא͏ָליקע היים, די גא͏ַנצקייט פון דער יידישער שטוב, די ברכות פון טא͏ַטע־מא͏ַמע, די ערב־יום־כפור־צא͏ַרטקייט פון דעם זיידן; די ציטערדיקייט פון דער בא͏ָבע... און איצטער: א͏ַלע פא͏ַרגא͏ַזטע, פא͏ַרברענטע, פא͏ַרלענדטע!

ביים אַוועקדרייען זייערע קעפּ פון די געצונדענע ליכט, האָבן זיי זיך געוואונטשן איינער דעם אַנדערן אויסצובעטן זיך אַ גוט יאָר מיט אַ גמר חתימה טובה. די ווייבלעך האָבן יום־טובדיק, געקושט זיך. אַלע זיינען זיי געגאַנגען אין סאַטמאַרער בית המדרש צו כל נדרי.

אויפן וועג צום בית המדרש האָבן מחנות יידן אין בעקעשעס מיט שטריימלעך און ווייסע קיטלען זיך געצויגן דורך די געסלעך פון וויליאמס־בורג צו די שולן, צו רבייאישע שטיבלעך און בתי־מדרשים. אַרום דער הויפּט גאַס שטייען איצט הילצערנע באַריערן און הינטער זיי עטלעכע געלע „בול דאָזערס" — מען האַלט אין פאַרריכטן די גאַס. פאַרביי לויפן אויפן הויכן „עלעוויטאָר" באַלויכטענע וואַגאָנען מיט מענטשן; אויפן ראָג, נישט וויט פונעם סאַטמאַרער בית המדרש, שטייען פּאָרטאָריקאַנער מיט קיילעכדיקע, טונקעלע פּנימער אַרום דעם שפּייז־געוועלבל. דאָס אָפן גע־וועלבל זעט אויס, צווישן די אַלע פאַרמאַכטע יידישע קראָמען, ווי אַמאָליקע חזיר־געוועלבלעך אינעם מאַרק אין דער פאַרחורבנדיקן מונקאַטש. פון אַלע געסלעך גייען יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער מיט איילענדיקע טריט און מיט פּנימער ערנסטע — גייען, גייען אין דעם יום־כיפּור בין־השמשות — גייען צווישן טאָג און נאַכט.

אַז זיי זיינען צוגעקומען צום ברייטן שטיינערנעם טראָטואַר פאַרן סאַט־מאַרער בית־המדרש, האָבן זיך די דריי יונגע־לייט אָפּגעטיילט פון זייערע ווייבלעך מיט שטיל ליבלעכע בליקן. זיי האָבן זיך קוים אַדורכגעשטופּט צו זייערע זיץ־פּלעצער אין דער פול געפּאַקטן בית־המדרש; אַזוי אויך די דריי פרויען זייערע, אין דעם זייטיקן עזרת־הנשים, אַלעמענס אויגן זיינען אָנגעשטרענגט מיט יראַת הכבודיקן דערוואַרטונג אויפן רבינס אַריינקומען.

די שטילע געוויינען ביים פאַרענדיקן תפילת־זכאי האָבן אויפגעהערט. דער רבי איז אַריינגעקומען! זעט זיך זיין ברייט, זיידענע קאַפּאָטע, די אונ־גאַרישע „רעזשעוואולקע", אָן קעשענעס, ליגט איבערן טלית און קיטל. אויך אויף דער ווייס זיידענער בעקעשע און ווייסער יאַרמעלקע. אַ שטילקייט וויעט בעתן רבינס דורכגיין איבער דעם שמאָלן דורכגאַנג אין מיטן בית־המדרש ביז זיין אַרויפגיין מיט טרעפּלעך צום אָרון קודש ביי דעם געגרייטן שטענדער. דער שמש נעמט אַרונטער פון אים די אויבערטע „רעזשע־וואולקע". מיט אויסגעשפּרייטע הענט פאַלט דער רבי צו צום אָרון קודש ווי ער וואָלט זיך וועלן האַלדזען מיט די שטייענדיקע ספרי־תורות! מיט אַ שטיל געוויין, וואָס דויערט עטלעכע מינוט, הויבט דער רבי אָן זיין דרשה אויפן פּסוק, „וביום הזה יכפר עליכם — ולפני ה׳ תטהרו". אַ דרשה

— פול מיט מוסר. ער ברענגט זיין זיידנס משל מיט אַ זינקענדיקער שיף אין אַ שטורעמדיקן ים, ווען אַלע לויפן צום פירער פון דער שיף ער זאָל זיי ראַטעווען. דער קאַפּיטאַן פון דער שיף זאָגט צו זיי: — „דער שטורעם האָט פאַרטראָגן די שיף און ס׳בלאָנזשעט אויך מיט ענק אינאיינעם". מיר מוזן זיך אַלע, זאָגט דער רבי, „צוזאַמענעמען און תפילה טאָן בציבור, צום הייליקן באַשעפער, און מיטן כוח פון בציבורדיקער תשובה וועלן מיר גע־האָלפן ווערן". ביי די ווערטער עפנט דער רבי דעם אָרון קודש, נעמט אַרויס אַ ספר־תורה, דרייט זיך אויס פאַרן שטענדער צום עולם־חסידים, וואָס ציטערן שוין ווי די האַרבסטיקע בלעטער אין וואַלד בעת אַ שטורעם־ווינט. ביים דריקן די תורה צום האַרץ, שרייט ער אויס מיט אַ ביטער געוויין:

— הייליקע תורה! כ׳האָב דיך מבזה געווען! דיך נישט געלערנט, דיך נישט מקיים געווען! דער זיידע זיכרונו לברכה, די ניצוצות קדושים, קומען און בעטן זייט אונדז מעלה? מיט וואָס קען מען זיי מעלה זיין? נאָר מיט הייסע יידישע טרערן, רבותי!" שרייט ער אויס נאָך העכער, שווינטס נישט קיין טרערן!" דער עולם העשעט מיט ביטערע האַרץ־רייסנדיקע טרערן וואָס גייען עד לב השמים. אינעם גרויסן געוויין זאָגט ער מיטן עולם צען מאָל: — „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה"!

נאָכן מסיים זיין די דרשה, נעמט דער שמש ביים רבין איבער די תורה, שטעלט זי צוריק אַריין אינעם אָרון קודש. דער רבי גייט אַרונטער צום עמוד.

צוויי פון די עלטסטע חסידים דעם רבינס מקורבים, האָבן גענומען די צוויי מונקאַטשער געפּונענע ספרי־תורות אין זייערע הענט, האָבן געשפּירט אין זייערע הערצער אַן אויסטערלישע רוחניותדיקע וואַרעמקייט, זיי האָבן זיך געשטעלט אַרום רבין פוןביידע זייטן.

דער רבי אין טיפע שטילקייט האָט זיך לייכט געשאָקלט אינעם איינגע־הילטן טלית מיט דער ברייטער עטרה, וואו די זילבערנע פעדעם אירע האָבן שימערירט אין אַ רויטלעך זילבערדיקן גלאַנץ אַקעגן די הויכע וואַקסענע און וויס סטעריגענע יום־כפור ליכט.

דאָס פאַרכטיקע שטילקייט זיינע, האָט דורכגענומען די גאַנצע עדה מתפללים מיט יראהדיקע אהבה צו אים.

ער האָט אָנגעהויבן זאָגן ווי אַ געזאַנג, דעם על דעת המקום ועל דעת הקהל, בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה, יעדער איינער אינעם בית המדרש האָט דערפילט אינעם רבינס קול אַ דערלייכטערונג אין זייערע באַשווערטע הערצער, ווי אַ זוניקע אויסלייטערונג נאָך אַ שטורעם. זיי האָבן

דאָס ממש, ווי באַשיינפּערלעך געזעצן פאַר זייערע אויגן, וואו די פון פריער אין געפאַר וואַקלענדיקע שיף איז אַרויס פון דער סכנה, און שווימט אַצינד בשלום צום געצילטן ברעג פון לעבן. און די זיכערע הענט פונעם רבין, פירן אָן אַוודאי מיטן צוזאַמענבברענגען דעם דעת הקהל מיטן דעת המקום, וואָס וועט דורך דעם דאָזיקן כוח פון של מעלה מיטן של מטה דערפירן צום שלימותדיקן אחד; פון ישראל ואורייתא חד הוא.

ביים רבינס אָנהייבן כל נדרי, האָבן די העלע טענער רחמימדיק אָנ־געזאָגט די בשורה פון לעבן, דורכן אויסשאַלנדיקן פסוק פון מיום כפורים זה עד יום כפורים הבא עלינו לטובה, אָט דער צוזאָג פון דערלעבן דעם קומענדיקן יום כיפור לטובה, האָט באַגלייט ווי אַ לייט־מאָטיוו צו די ווייטער־דיקע מעריב תפילות ביזן קלאַנגפולן זינגען פונעם אָדון עולם, דאָס געזאַנג פון גאָטס רום און תפארת.

ביים רבינס אַדורכגיין נאָכן דאַווענען אין מיטן בית המדרש, זיינען אַלע געזיכטער געווענדעט צו אים, וואו ער ווינטשט מיטן נייגן זיין בלייך פּנים און ביידע זייטן מיט גוט יום טוב! גוט יום טוב! לשנה־טובה תחתמו! לשנה טובה!

ביים באַגעגענען זיך אין דרויסן פון בית־המדרש, שפּעט אין דער נאַכט מיט זייערע פרויען, ווינטשן זיי זיך אַ גוט יאָר און אַ חתימה טובה.

אַריינקומענדיק אין מרדכיס הויז, זאָגט רעגינאַ מיט טיפער גערירט־קייט, „אַז אין נתניה האָט זי אַזאַ טיפע איבערלעבונג נישט דורכגעלעבט ווי היינט ביי נאַכט. אין מונקאַטש, געדענקט זי, איז געווען עפּעס ענלעכעס צו דעם, נישט נאָר אין דער שול און אין די חסידים־שטיבלעך, נאָר אומע־טום ביז אַריבער די טייכן, די וועלדער, איבער די קאַרפּאַטן־בערג! וואָרום אַלס קינד האָט זיך איר געדאַכט אַז ס'איז יום־כיפור איבער דער גאַנצער וועלט!".

מרדכי אַ צופרידענער פון רעגינאַס ווערטער, גיט צו אַז „נאָר ביי אונדזער רבין, זאָל לעבן, ווערט מען אַזוי דערהויבן, ווייל פון אים און פון זיין קדושה ווערן אַלע אַרום געהייליקט און געלייטערט".

מנשה האָט זיך געוואונדערט פון דעם אייגענעם דרך און נוסח פון דעם רבין, פון זיין זאָגן ווידוי מיטן עולם פאַר כל נדרי, און פון דאָס אַרויסנעמען די ספר־תורות אין מיטן פון זיין דרשה, און דאָס זאָגן צען מאָל דעם „אור זרוע לצדיק", בעת עס שטייט אָנגעצייכנט בפירוש נאָר צו זאָגן דריי מאָל. האָט אים מרדכי פאַרענטפערט, אַז דאָס „פירט ער זיך אַזוי ווי זיינע אָבות, ווי זיין טאַטע רבי חנניה יום טוב ליפּא, דער מחבר פונעם

„ספר קדושת יום־טוב" וואָס האָט דאָס איבערגענומען פון די פריערדיקע אָבות, אָט אַ שטייגער פירט ער זיך אויך לויט זיינע אָבות, ביים טאַנצן צו די הקפות אין שמחת־תורה, ער מאַכט מיט דער תורה, די עינויים, ווי מען מאַכט דאָס מיטן לולב, און „אַז ס'איז גאָר נישט משיג צו זיין, אַז ער זאָל לעבן מיט זיינע קראַנקע פיס, נעבעך, וואָס גייט אין ספּעציעל־געמאַכטע שיך, טאַנצט שמחת־תורה שעהן לאַנג ביי אַלע הקפות, מיט אַזאַ לייכטקייט ווי דאָס לויפן פון אַ יונגן הירש"...

און צו מאָרגנס, יום־כיפור, נאָכן לאַנגן פאַרצויגענעם שחרית פון זיין מקורב ר' זיינוואַלע, האָט דער רבי געדאַוונט מוסף, דער גאַנצער ציבור האָט געפילט מיט פולן ביטחון, אַז זייער שליח־ציבורס טרערן פאַרן רבונו־של־עולם, צוזאַמען מיט זייערע געוויינען פון חרטה און תשובה, זיינען דערגאַנגען צום כסא־הכבוד. זיי זיינען געווען זיכער אין זייער „מנהיג" פונעם רבינס נעכטיקן משל, און מיט זיין האָפן, אַז „זיי וועלן אַרויס בשלום פונעם שטור־רעם". די חסידים האָבן געקוקט אויפן רבין מיט פריידיקע הערצער בעתן זינגען מיט באַנייטער פרישקייט דעם „היום תאַמצנו!" דער רבי האָט ממש ווי געשוועבט אויף פליגלען ביים אונטערטאַנצן „היום תחדש עלינו שנה טובה". זייערע אויפגעהייטערטע „אָמנס" האָבן צו אים ווי אַקעגנגעטאַנצט. זיי האָבן ווי געזעטיקט זייער תענית מיט כסדרדיקן קוקן אויף אים ביים מנחה־דאַווענען פונעם אַלטן פלאַנטשעווער חסיד ר' בער, וואָס איז נאָך גע־פאָרן פון פוילן קיין סאַטמאַר צו זיין טאַטן זיכרונו לברכה.

ביים רבינס דאַווענען נעילה זיינען זיינע געוויינען אַזוי דממה־דקהדיק... אַזוי פיל־טאַניק, ווי דער רבי וואָלט די תפילות געזאָגט מיט עטלעכע שטימען מיטאַמאָל.

ביים נאָך־מעריבדיקן שופר־בלאָזן האָט קיינער פונעם ציבור נישט געפילט דעם מינדסטן הונגער נאָכן תענית פריש ווי זיי וואָלטן ערשט אַריינגעקומען צום דאַווענען אין בית המדרש. קיינער האָט זיך נישט גע־איילט אַהיימצוגיין; חסידים מיט נחת־רוחדיקן תענוג האָבן זיך געקוויקט מיטן האָבן די גרויסע זכיה צו קוקן אויף זיין לויטער ווייס פּנים ווען ער איז דורכגעגאַנגען דורך זיי אינעם מיטן בית המדרש, און ווינטשן אַ גמר חתימה טובה.

מרדכי מיטן ווייב און זיינע געסט זיינען אַהיימגעגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט. ביים אַריינקומען אין הויז האָבן אַלע טועם געווען צו שטיקלעך ברוינעם האָניג־לעקעך אָנגעפילט מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען, וואָס האָבן

פון די שניטן אַרויסגעשיינט ווי צירונג געפּאַסט מיט קאַלירטע שטיינער, האָבן געטונקען דעם לעקעך אין קעלישעקלעך וויין און ביסלעך בראָנפן.

רבקהלע האָט אַרויפגעכאַפּט אויף זיך איר לאַנג־ווייסן פאַרטעך, האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש דעם לאַנגן ווייס פּאָצעלייענעם פּולמיסעק מיט פיש, און די פאַרגליווערטע פיש־יויך, און אַרום און אַרום קיילעכדיקע הויכע, ווי קאַפּלען, אייער־קיכלעך.

אַלע האָבן בנעימותדיק געגעסן און נאָך אַלץ געשמועסט מיט חסידי־שער חדוותדיקייט פונעם רבינס דאַווענען אין זיין התנהגותדיקער אויס־טערלישקייט.

רבקהלע האָט אָנגעוואַרעמט די הינערשע יויך, דערלאַנגט צום טיש די כפרותדיקע קאַלטע הינער, צעפּערטלט און צעאַכטלט; נאָכן אָפּעסן די צימעסן פון ברוינע מערלעך און האָניג מיט געקאָכטע פלוימען, געטרי־קענטע אַפּריקאָסן און ראָזשינקעס, האָט מרדכי פאַרן בענטשן פאַרצויגן דעם רבינס „ועל ידי עבדיך הנביאים כתוב לאמור” און אַלע האָבן מיטגעברומט. רעגינאַ, די אַמאָליקע גוטע פּיאַנאָ־שפּילערין, האָט פּיאַניסימאָ, מיט איר סאָפּראַנאָ שטימע זיי באַגלייט דעם ניגון מיט אַ חנעוודיק געפיל. מרדכי האָט מכבד געווען חיימלען אָנהייבן דאָס בענטשן מיט מזומן, און חיימל האָט געבענטשט מיט אַ סך געפיל. מען האָט געקענט באַמערקן אַז ער סטאַרעט זיך נאָך אַלץ אויסצונעמען ביי זיין רעגינאַן.

נאָכן בענטשן איז מען נאָך געבליבן אַביסל ביים טיש בעת די דריי ווייבלעך, האָבן אַלץ אַרונטערגענומען, צוגערוימט, געפּאָרעט זיך ביים וואַש־טאָפּ ווי דריי לייבלעכע שוועסטער, נאָכדעם געדעקט דעם טיש מיט אַ פרישן טישטעך צו צוגעגרייטן טיי מיט לימענע און די צוגעגרייטע אייגענע גע־בעקסן פון קיכלעך מיט שטרודל.

ביים טרינקען די טיי האָט מען ביסלעכווייז זיך אָפּגעשיידט פון דער יום־כיפּור־שטימונג. מען האָט גענומען רעדן וועגן וועלטלעכע זאַכן. מען האָט גערעדט וועגן מדינת ישראל און מען איז אַרויף אויף דער קאָרעאישן קריג.

מרדכי האָט מורא, אַז „די כינעזישע קאָמוניסטן מיט זייערע „פריי־וויליקער אַרמיי”, געשטיצט און פּראָוואָצירט פון קרעמלין, איז ערשט דער אָנהייב פונעם קאָמוניסטישן פאַרמעסט צו דערשטיקן די פרייע וועלט. אָבער דער סוף וועט זיין” — זאָגט מרדכי — „ווי מיט יענעם שווימענדיקן קאָפּ, ווי עס דערציילט זיך אינעם פּרק אָבות, וואו עס זאָגט זיך, „אַז די דערטרינקער — וועלן אַליין דערטרונקען ווערן”. דאָס וועט אויך זיין דער

סוף פון די רוסישע מערדער־קאָמוניסטן, וועלכע וועלן שפּעטער אַליין גע־מאָרדעט ווערן פון די כינעזישע שיק־יינגלעך זייערע פון היינט; די כי־נעזער־קאָמוניסטן וועלן ווערן די מערדער פון מאָרגן, איבער זייערע איצ־טיקע האַרן און באַפעלערישע גענגסטערס. ס׳איז אַ גרויס ווײ־געשריי אויף דעם פאַרגאָסן בלוט פון דער אַמעריקאַנער יוגנט, וואָס איז זיך מקריב פאַר דער פרייהייט, נישט נאָר פונעם קאָרעאישן פאָלק אַליין, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט!״ און מרדכי רעדט ווייטער: — „דאָס איז אַ פאַרמעסט פון דעם אַמעריקאַנישן ייִנגערן פרייהייט־פאָלק, קעגן די אינוואַזיע פון די רויטע מערדער! אַ קאַמף קעגן פאַרשקלאַפן די וועלט מיטן פאַלשן „אָפּגאָט פונעם קאָמוניזם. ס׳איז נאָך טראַגישער וואָס די רויטע מערדער ווילן גאָר פאַראַדירן מיט די חזיונות פון די הייליקע נביאים. מיט בלוטיקע קאַנטשי־קעס און מיט מערדער־קוילן גייען זיי ברענגען די גאולה... ווי געשריגן״.

רעגינאַ איז מסכים מיט אים אָבער זי איז זיכער, אַז די יונגע אַמעריקע וועט זיין די פעסטע דאַמבע אַקעגן דער רויט־פאַרגעלטער פאַרפלייצונג. ס׳איז דאָך עפּעס ווי אַ גאָטס זאַך, זאָגט רעגינאַ, אָט די געגעבענע ראָלע צום יונגען פאָלק, אַמעריקע!

אָט ניט לאַנג צוריק האָט אַמעריקע געהאָלפן ראַטעווען די וועלט פון דעם פּרייסישן ווילהעלמישן יונקערטום; און אָט איצט — פון בלוטיק־געצנדינערישן היטלעריזם—און איצט מוז אַמעריקע ווידער ווערן די רעטע־רין פון דער וועלט און זען אַלעמען ראַטעווען פון דעם רויט־געלן קאָמוניזם. אַמעריקע וועט נאָך בלייבן דער לייכטטורעם אין דער וועלט! דערוויל אָבער בלוטיקן מיר און אונדזער יוגנט פאַלט אין דעם קאָמוניסטיש־פּראָ־וואָצירטן קאָרעאישן קריג.

ביים דערמאָנען דעם קאָרעאישן קריג, האָט רבקהלע אָפּגעווישט אַ טרער און געזאָגט: — „עס שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס שרעקלעכע בילד ווען מען האָט צו אונדזערס אַ שכן און שכנה, צו די סילווערס, צוגעשיקט זייער געהרגעטן זון, אין אַ ברוינעם הילצערנעם קאַסטן, איינגעהילט אין דער אַמעריקאַנער פאָן מיט שטערן און שטרייפן, זייער איינציק אויג פון קאָפּ, פיליפּ, פיליפל, ווי די מאַמע האָט אים גערופן. כ׳האָב אים געקאָנט זינט מיר וואוינען דאָ, שוין פאַר די לעצטע פיר יאָר. אויסגעוואַקסן הויך ווי אַ סאָסנע, אַ בלאָנדער, מיט אַ מילד מיידלשן פּנים, מיט העל־בלויע אויגן ווי אַ מלאך! די מאַמע און דער פאָטער ע״ה האָבן זיך אין אים געשפּיגלט און נישט געלאָזט קיין שפּרענקעלע, חלילה, פאַלן אויף אים. זיי האָבן זיך ניט פאַרגונען צו קוקן צו לאַנג אויף אים, אפשר צוליבן נישט געבן אים קיין

עין־הרע, ווייל היינט איז ער דאָס געווען אַזאַ לייטיש קינד. געווען פון די ערשטע אין הייסקול, איז אויך געגאַנגען אין אַ חדר. די מאַמע האָט זיך איין מאָל באַרימט פאַר מיר, ביים טרעפן מיך אינעם „בוטשער־שאָפ״: „ווי מען האַלט מיך פאַר אַ גבירטע ביי די סאַטמאַרער״. זיי האָבן פיליפן געגעבן אַ גוטע יידישע דערציאונג. זיי האָבן אים געשיקט אין אַ פאַרבאַנד־שול און פאַר דער בר־מצווה אים געשיקט אין אַ חדר. די מאַמע האָט געזאָגט: — „איך האָט געדאַרפט הערן זיין זאָגן די הפטורה אין שול; קאָן דאַוונען פאַרן עמוד ווי אַ רעגעלער חזן. אַלע האָבן זיך געשפּיגלט אין אים ווי די לבנה אין אַ לויטערן טייך. און דאָ אַזאַ בראָך!״

ניט לאַנג נאָך דעם איז דער פאָטער געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַק. ער האָט זיך אַזוי שטאַרק גענומען צום האַרצן. אינגאַנצן דריי חדשים נאָכן קינדס טויט איז ער אַוועקגעפאַלן ווי אַ סנאָפּ היי אין פעלד. זי, די מאַמע, כאָטש אַ צעבראָכענע, האַלט זיך נאָך אויף אירע אונטערגעהאַקטע פיס. און אַזוינע טראַגישע היימען זיינען דאָך ביי אונדז שוין דאָ אין די טויזנטער. און אַלץ צוליב די קאָמוניסטישע מערדער!״

אַלע ביים טיש האָבן פון רבקהלעס רייד געפילט אַ טיפן רחמנות צו די געפאַלענע קינדער און צו זייערע טאַטעס און מאַמעס.

זיי האָבן זיך געוואונטשן מיטן שנעלן נצחון איבער די קאָמוניסטישע אַרמייען.

ביים געזעגענען זיך שוין שפּעט, נאָענט צו האַלבער נאַכט, האָט רעגינאַ געזאָגט, אַז: — „דער דערהויבענער יום־טוב האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן אָן מיין אומצופרידנקייט מיטן לעבן מיינעם. איר האָט אַריינגעזעצט אין מיר אַ נייע נשמה, אויף ווי לאַנג אָבער ווייס איך נישט. קום, חיימל, זאָל זיין אַ גוט יאָר!״. רעגינאַ האָט זיי פאַרבעטן צו קומען צו זיי אויף סוכות, כאָטש אויף די ערשטע טעג יום־טוב. אָבער מרדכי האָט איר געענטפערט, אַז ער וועט נישט אַוועקשטיין פונעם רבינס אַ יום־טוב דאַוונען, פאַר קיין כל הון דעלמא!

מרדכי האָט זיי ווידער באַגלייט צום סאָבוויי. ער האָט מיט זיי אויפן וועג גערעדט וועגן צוגרייטן מיט זיינע שכנים אַ בשותפותדיקע סוכה.

זיי האָבן אים דערציילט, אַז ביי זיי אין דער שלייפעריי האָבן זיי גאָר אַ שיינע סוכה שוין זינט יאָרן, נאָך איידער זיי זיינען אַהער געקומען און אַפילו די דיימאָנטן־בירזשעס האָבן אין דער צירונג־גאַס אייגענע סוכות אויף די דעכער פון זייערע הייזער. אין דער גרעסטער בירזשע האָבן זיי, לעבן דעם שיינעם רעסטאָראַן, געבויט אַ ספּעציעלן גאַנג צו זייער עלע־

גאַנטער סוכה, וואָס האָט אָפּגעקאָסט אַ גרויס פאַרמעגן. פאַראַן אין דער בירזשע אַ סך יידן, וואָס לייגן נישט אָפּ אַ יום־טוב, סיידן איבער אַ גרויסער ביזנעס־טראַנזאַקציע, האָט מנשה געזאָגט מיט אַ שמייכל.

די קריסטלעכע קעלנערינס ברענגען די באַשטעלטע עסנס אין דער סוכה אַריין. חימל וויצלט זיך, אַז די אבותדיקע אושפּיזין מוזן זיך פאַר־שעמען און אַרונטערלאָזן זייערע קעפּ ביים דערזען די שיינע אַמעריקאַנישע מיידלעך אין דער סוכה, כאָטש אַ טייל פון זיי האָבן געהאַט גויאישע ווייבער.

מרדכי האָט זיי צוגעזאָגט, אַז, אם ירצה השם, נאָך סוכות וועלן זיי קומען צו זיי, בישועת חן, אויף אַ שבת. רעגינאַ האָט אים געבעטן:

— "גוט, לייגט עס נישט אָפּ אין די לאַנגע באַנק אַריין".

## כ.

# קריסטמעס און חנוכה

פון בערלען מיט שוירלין האָבן זיי ערשט געהערט נאָך סוכות, ווען זי איז צוריקגעקומען פון די קעטסקיל־בערג. בערל איז אַרויפגעקומען צו חימל און מנשהן מיט עטלעכע „פּאַרסלס" — רויע דימענטן צום שלייפן. ער האָט זיי געזאָגט: — „אַצינד בין איך זייער פאַרנומען מיט צוגרייטן פאַרשיידענע קליינע און גרויסע בריליאַנטן פון איין „פּוינטער" (אַ הונ־דערטסטל פון אַ קאַראַט) ביז די גרויסע שטיינער פון עטלעכע קאַראַטן פאַרן קומענדיקן האַרבסט סעזאָן.

שוירלי, ווידער, האָט געלאָזט וויסן, אַז זי איז איצט שטאַרק פאַרנומען מיטן ענדערן און איבעראַרבעטן דאָס גאַנצע הויז מיט נייע מעבל. זי האָט געקראָגן אַ דעקאָראַטאָר פון פּאַרק עוועניו, וואָס האָט איר געוויזן פאַרשיי־דענע מאָדעלן, די בייסטע. זי דאַרף זיך נאָך מיישב זיין מיט דער טאַנטע סוזאַן, און מן הסתם וועלן זיי אויסקלייבן די מאָדערנע, משוגענע, נייע זאַכן. זיי רופן עס אַלץ אָן מיט אַזוינע „פענסי" נעמען. אין עטלעכע וואָכן אַרום, האָט געזאָגט שוירלי, וועט אַלץ פאַרטיק זיין. דעמאָלט וועט זי זיין זייער צופרידן צו זען זיך מיט זיי אַלעמען.

רעגינאַ איז סוכות־צייט צוגעפאָרן צו דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן אין בראָנקס־פּאַרק. דער האַרבסט אין ניו־יאָרק איז דאַמאָלט אין זיין פולער פּרעכטיקייט. די ביימער — אין גאָלד און קופּער קאָלירן מיניען זיך צווישן

די „אייביק־גרינע"ביימער, ווי זיי וואָלטן פאַרן ווינטערדיקן פאַרגיין „זיך געבן אַ קניפּ אין באַק אַז די פאַרב זאָל שטיין". אָדער גאָר ווי אַ שווינד־זיכטיקער פאַרן טויט — מיט רויטע באַקן און געלע אויערן... די טעג — שיינע, לויטערע און די פאַרנאַכטיקע האָריזאָנטן אין זייער כישופדיקער פאַרבן־שפּיל — אַ שפּיל ענלעך צו דער שפּיל פון די ביימער.

רעגינאַן איז צייטנווייז געוואָרן אומעטיק און לאַנגווייליק אין שטוב. זי האָט גענומען טראַכטן וועגן זוכן אַרבעט אין איינעם פון די גרויסע קראָמען אויף האַלבע טעג, אין די נאָכמיטיקן, אפשר ווי אַ פאַרקויפערין, אָדער קאַסירערין. אָבער חיימל איז געווען קעגן דעם. ער האָט איר געזאָגט: — „כ'וויל נישט מ'זאָל זיך שאַפן מיט דיר ווי מיט אַ דינסט, נישקשה, כ'קען נאָך מיט מיינע הענט מפרנס זיין מיין ווייב בכבוד, און מיט עקסטרע עטלעכע „שמאָליאַרעס", וואָס דו וועסט מאַכן, וועלן מיר נישט רייכער ווערן".

רעגינאַ האָט דורך די טעג היימיש פאַרבראַכט ביי דבורהלען מיט איר קינד. דאָס קינד איז שוין געזעסן ווי אַ גאַנץ מענטשל. רעגינאַ פלעגט זיך שפּילן מיט אים און מיט זיין שפּילצייג, וואָס ער פלעגט כאַפּן פון אירע הענט.

אַמאָל פלעגט רעגינאַ אַרומטערפאַרן אין דער ביבליאָטעק, אין דער צוויי און פערציקסטער גאַס. זי פלעגט דאָרט לייענען אונגאַרישע און דייטשע ראָמאַנען. זי האָט געזוכט אַן עצה ווי צו פאַרטרייבן די מאָנאָטאָנישקייט...

רעגינאַ פלעגט שמייכלען צו זיך ביים קוקן אויף די צוויי שטיינערנע לייבן, וואָס שטייען ביים אַרויפגיין אויף די טרעפּ פון דער ביבליאָטעק. זי פלעגט איראָניש טראַכטן, אַז זיי זעען אויס „ווי באַלעזענע, אינטעליגענטע לייבן, מיט ערנסטע, פאַרטראַכטע פּנימער". רעגינאַ פלעגט אויך באַזוכן פאַרשיידענע מוזעאומס, זיך אויך אָפּגעשטעלט אַ סך מאָל אינעם ראָקעפעלער צענטער צו באַוואונדערן דעם גיגאַנטישן אַרכיטעקטור אויפטו, וואָס איז זייער איגנאַרטיק און דריקט אויס דעם אַמעריקאַנישן גייסט פון אַ יונג פּיאָנעריש פאָלק. דאָרט האָט זי געזען די האַרמאָניע פון דעם אַמעריקאַניש אוטיליטאַרן מיטן מערב־אייראָפּעאישן עסטעטישן באַנעם.

זי האָט אויך ליב צו פאַרברענגען אַ נאָכמיטאָג אינעם פּרעכטיקן „ראַדיאָ־סיטי־האָל" צו זען אַ מואווי אין לייכטן וואָדעוויל און דערווייל אויך צו הערן די שיין געשפּילטע אָווערטורן.

בלייבנדיק ביי זיך אין שטוב, האָט רעגינאַ אויך געשטריקט פאַר

דבורהלעס קינד אַ סוועטערל, מיט אַ וואָלן היטעלע. באַלד קומט דער ווינ־
טער! אַזוי זיינען אַוועק טעג און וואָכן.

אַ וואָך פאַר „קריסטמעס" האָט רעגינאַ געקראָגן אַ בריוו פון סוזאַן
און אָנקל מעק צו קומען צו זיי צו אַ „קריסטמעס פאַרטי" צוזאַמען מיט אַ
„כאַנוקה־סעלעברעישאָן". אַלץ ווערט צוגעגרייט פון אַ כשרן „קעיטערער"
מיט לאַטקעס און קנישעס.

חיימל און מנשה זיינען די טעג פאַר קריסטמעס אַהיימגעקומען שפּעטער
ווי אַלע מאָל, ווייל זיי זיינען געווען באַלייגט מיט אַרבעט איבערן קאָפּ. זיי
האָבן אַהיימגעבראַכט איבער הונדערט דאָלאַר אַ וואָך. אָבער אויך די הוצאות
זיינען געוואָרן גרעסער מיטן איינקויפן ווינטער קליידער און אַנדערע נייטיקע
זאַכן. רעגינאַ קאָן זיך ניט צופרידנשטעלן, ווי דבורהלע, מיט אַבי וואָס פאַר
אַ מאַנטל און מיט אַ ביליגן פאַלטן פאַר מנשהן. זי, רעגינאַ, מוז קויפן
עפּעס גוטס אָדער גאָרנישט — אַזוי פאַר זיך און אַזוי פאַר חיימלען. אַזוי
האָט זי דאָס עקסטראַ געלט וואָס ער האָט פאַרדינט, אויסגעגעבן אויף צוויי
גוטע מאַנטלען, אַ גוטן אַנצוג פאַר אים און פאַר זיך אַ שיין, שוואַרץ זיידן
קלייד, ווינטער שיכלעך, אַ נייעם הוט און נאָך אַנדערע ווינטער זאַכן. זי
האָט אויך יעדע וואָך אַוועקגעלייגט אין אַ זייט און באַהאַלטן אין דער קליי־
דער־שאַנק עטלעכע דאָלער צוריק צו צאָלן בערלען כאָטש אַ טייל וואָס
ער האָט אויסגעלייגט פאַר זייערע רייזע־קאָסטן צו קומען אַהער און אויך
פאַר די ערשטע הויז איינריכטונג וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר זיי.

מנשה וואָלט אים שוין לאַנג געווען באַצאָלט פאַר אַלץ אָבער האָט ניט
געוואָלט פאַרשעמען זיין חיימלען מיטן אָפּצאָלן פריער פאַר אים. ער האָט
אַפילו פאָרגעשלאָגן חיימלען צו באַצאָלן אויך פאַר אים, אָבער חיימל איז
נישט מסכים געווען. — „אַ דאַנק, מיר וועלן דאָס אַליין באַצאָלן.

אָבער ווי שפּאָרט מען אָפּ אַביסל געלט אין באַנק, ווי דער אָנקל האָט
געעצהט, פאַר אַן אויסזיכט צו עפענען אַ קליין שטעלעכל אין איינעם פון
די צירונגס־געביידעס אין דער יואוועליר־גאַס? דאָ, דאָס איז דאָך געווען
רעגינאַס אַמביציע און שטרעבונג כדי צו קומען צו אַ תכלית, צו קענען
וואוינען אין אַ בעסערער, שענערער געגנט און דער עיקר צו קאָנען וויד־
מענען אירע פעאיקייטן אין אַ אייגן געשעפט. זי איז גאַנץ זיכער, אַז זי וואָלט
געמאַכט אַ גרויסן דערפאָלג. נאָר ווי מאַכט מען עס? אפשר איינצוימען די
הוצאות? דאָס קען ניט רעגינאַ. אויב אַזוי, זעט זי נישט קיין שום אויסזיכט
זייער לאַגע זאָל פאַרבעסערט ווערן. דערצו, האָט זי געטראַכט, אַז באַלד

נאָך די חגאות, וועט ווידער זיין וויניקער אַרבעט און מען וועט קאָנען קוים אויסקומען אַדורכצושטופּן דעם ווינטער.

רעגינאַ זעט נישט ווי אַזוי די „קאַץ וועט קומען איבערן וואַסער" איר אומצופרידנהייט עסט זי ווי זשאַווער; זי ווערט טיילמאָל נידערגעשלאָגן און פאַרצווייפלט; זי ווייסט זיך נישט קיין עצה צו געבן. טיילמאָל טראַכט זי אַז זי וואָלט זיך אפשר געקריגט מיט אים, וואָלט איר לייכטער געוואָרן אויפן ביטערן האַרץ אירן. זי טראַכט אָבער: וואָס איז ער שולדיק! און וואָס קען ער טאָן? גלאַט פאַרביטערן אים דאָס לעבן האָט זי קיין האַרץ נישט צו דעם. אָבער ער דערקענט שוין אויף איר פּנים אַז די אומצופרידנ־קייט ביי איר ווערט גרעסער, טיפער; ער וויל מיט איר פאַרפירן אַ גע־רייד אים אויסצורעדן איר, זי דערמונטערן. אָבער זי מיידט דאָס גאָר שטענדיק אויס. פון איר שוויגן ליידט ער מער ווי זי וואָלט זיך קריגן מיט אים.

עטלעכע טעג פאַר קריסטמעס רעדט זי מיט אים וועגן קויפן עטלעכע קריסטמעס און חנוכה מתנות פאַר מעקן און סוזען און אויך פאַר בערלען מיט שוירלין. יאָ, קריסטמעס און חנוכה זיינען דאָ געוואָרן באַהעפט צוזאַ־מען. ווי קומט גבורה פון מאַקאַבייער צו דער לערע פון „ליידן און ליבע" פון ישו הנוצרי? נאָר גיי, פרעג פראַגעס ווען ס'קומט צו געבן פּרעזענטן?!! רעגינאַ ווייסט אָבער נישט וואָס צו קויפן פאַר זיי, זאָגט זי חיימלען, אַז „פאַר מענטשן וואָס האָבן פון אַלץ אין דער וועלט, איז זייער שווער צו־צוטרעפן זאַכן אין וועלכע זיי נייטיקן זיך. וואָס פאָרט?" חימל לייגט איר פאָר צו קויפן פאַר זיי צוויי שיינע חנוכה־לעמפּלעך, ישראלדיקע, וואָס מען קען קויפן אין עטלעכע צירונג־פלעצער. דאָרט זיינען דאָ געשטעלן, טאָקע צווישן די בריליאַנטן־געשעפטן וואו מען פאַרקויפט פאַר די בר־מצווהס אַלערליי טליתלעך מיט די טייערסטע תפילין־זעקלעך, זילבערנע און גאָלדענע סידורים, מגן־דודס צו טראָגן אויפן האַלדז; אויך פאַר דער בת־מצווה אַפילו, פאַר מיידלעך פאַרקויפט מען אַזעלכע „פענסי" טליתימלעך מיט אַלערליי גאָלדענע בראַנזעלעטן מיט האַלדז אָנהענגער פון ספרי־תורות, אָרון קודשן, מזוזהס פאַר די הענט און פאַר די העלדזער און וואָס נישט? אַלע הייליקייטן ווערן דאָרט פאַרקויפט, געמאַכט פון ריינעם פערצן און אַכצן קאַראַטיקן גאָלד. טייל מזוזהס, תורהלעך און מגן־דודס זיינען געפּאַסט מיט בריליאַנטן און באַצירט מיט די שענסטע גראַווירונגען און פאַרשיידענע אַנעמל־קאָלירן פון גרין, רויט און בלוי, אָט די אַלע זאַכן ווערן פאַר די בת־מצווה מיידלעך צוזאַמענגעמישט מיט נאָך אַנדערע גאָלדענע אָנהענגערס,

מיט „לאָקי־העפּעדיקע״ מזלדיקע לאָקעטס־ברעלאַקן מיט שוואַרץ־אַנעמאַל־דיקע הינטעלעך, געלע קעצעלעך, רויטע אייזעלעך, ווייסע פערדעלעך. חימל פירט זי צו צו אַ פענצטער וואו עס ליגן גאָלדענע קאַלענדאַרן אויף וועלכע מען גראַווירט אויס די טעג פון די געבורטן, און אויך גאָלדענע לוחות מיט די עשרת־הדברות. משה רבינו האָט זיי געמאַכט פון שטיין, אָבער אין אַמעריקע איז פון שטיין געוואָרן גאָלד... זעט רעגינאַ אויך אַ צאַצקע: „משה רבינו אויפן באַרג סיני. אַהרון הכוהן מיטן חושן ואפוד... רעגינאַ פאַרגאַפט, קוקט אויף אַלץ מיט אירע גרויסע אויגן.

חימל הייסט זי צוקומען מאָרגן נאָך מיטאָג און ער וועט שוין וואַרטן אויף איר ביים אַרויסגאַנג פון סאָבוועי. ער וועט מיט איר אַריינגיין אין אַ פּאָר אַזעלכע מתנה־פּלעצער און זען וואָס מען קען אויסקלייבן. זי צעשמייכלט זיך: — קומען? אַוודאי! אָבער פאַר די אַלע אויסטערלישע מתנות דאַרף מען דאָך האָבן אַ פולע קעשענע. דערביי זאָגט זי: „זע נאָר וויפיל יידישקייט דאָ איז פאַראַן?״ חימל ענטפערט סאַרקאַסטיש: — „יידישקייט בליט נישט נאָר אינעם אָרימען וויליאַמסבורג, נאָר אויך אין די רייכע צירונג־געשעפטן אַרום דער פינפטער עוועניו״. ער פאַרענדיקט אַ שמייכלענדיקער, אַז „נישט נאָר קויפט מען די אַלע זאַכן פאַר בת־מצווה מיידלעך, נאָר פאַר אַלעמען, אויך פאַר גויים״. מען רעדט אין דער שלייפערײַ אַז אַזוי איז אויך געוואָרן מיט טייל מאַכלים: „בייגל מיט לאָקס״ וואָס איז דאָ אַפריער געוואָרן אַ מין יידיש־נאַציאָנאַלער מאַכל איז דערנאָך אַריבער צו די גויים; ווען „קוגל״ איז אַריבער צו די גויים מיט אַ באַשטימטן נאָמען, אין די „לאַנטש־רומס״ ווערט עס געזאָגט: — „גיוו מי אַן עדי קענטאָר״, דאָס איז אַ קוגעלע. אַזוי איז עס אויך מיט אָנהענגערס־ברעלאָקן, וואָס מען פאַר־קויפט שוין דאָס אין אַלע צירונג־געשעפטן איבערן גאַנצער לאַנד, אַלע פּרויען, יונג און אַלט, פון אַלע קלאַסן און שטאַנדן, קויפן זיי; דער באַרג פון מתנות האַלט אין וואַקסן און דערגרייכט שוין לאַנג צום הימל און אַלע קלעטערן אויף אים...

רעגינאַ קוקט, הערט און די מיניעס אויף איר געזיכט בייטן זיך. זי איז ניט שטאַרק צופרידן פון חימלס סאַרקאַזם, אָבער זי נעמט עס אָן אויף אַ מאָמענט. גלייך אָבער זאָגט זי: — „דערווייל האָט מען אָבער פּרנסה איבערן מויל. מען קען זיך אַ קער טאָן. זאָל זיין „משה רבינו״ אַבי סאיז גוט פאַר ביזנעס. אַ מענטש דאַרף פריער פאַר אַלץ קענען לעבן.

רעגינאַ פרעגט ביי חימלען פאַרוואָס נאָר יידן האָבן אָט די אַלע

הייליקייטן פאַרוואַנדלט אין מתנות. — „און זיי, די גויים יאָגן זיך דען ניט נאָך געלט?"

זאָגט חיימל: —

— „אויף דעם קען מען זאָגן — „ווי עס יידלט זיך — אַזוי קריסטלט זיך". פאַראַן צירונג־פענצטער וואו דו קענסט זען ווי אויך אַלע קריסטלעכע סימבאָלן און געשטאַלטן זיינען אַריינגעטאָן געוואָרן אין די אַלערליי מתנה־זאַכעלעך. עס בלישטשעט און עס גלאַנצט. אויך די גויים האָבן מיט די מתנות־אויסטראַכטענישן פאַרמישט צלמלעך מיט אייזעלעך, אייזעלעך מיט די „טען־קאָמענדמענטס"; די מאַגדאַלענאַ מיט הינעלעך, אַלע ליגן צוזאַמען. זעסט אַ טייער גאָלדן צלמל בעזעצט מיט בריליאַנטן און דערביי אַ פּאָר פרעש מיט אָפענע נעזער — אַן עקדיש, אַ פּאָר שלענגלעך, אַ גאָלדענע פּאַדקעווע מיט אַן אַפּאָסטאָל, אַ מאַלפּע מיט דער הייליקער מוטער, און נאָך, און נאָך, און נאָך... יאָ, ווי עס יידלט זיך — אַזוי קריסטלט זיך".

רעגינאַ הערט און טראַכט. זי ווייסט נישט אַקוראַט וואו אָפּצושטעלן איר געדאַנק. איבעראַלץ ווערט זי גאָר אינערלעך פאַרכאַפּט פון דעם גלאַנץ און בלישטש פון די אַלע זאַכן, אַפילו פון די וואָס זי האָט נאָך נישט געזען.

זי זאָגט: — „און וואָס וועט אָבער זיין מיט אונדז? וואָס פאַרט וועלן מיר קויפן פאַר אונדזערע קרובים און פריינט? איז געבליבן אַז מען וועט מסתמא קויפן חנוכה־מנורות, אימפּאָרטירטע פון מדינת־ישראל אַלס מתנות פאַר מעקן און סוזאַן און אויך פאַר בערלען מיט שוירלין. רעגינאַ זאָגט: — „איך וועל מאָרגן אַריבערגיין צו דבורהלען, מיט איר אַדורכריידן זיך וועגן דעם, אַז מיר זאָלן די מתנות קויפן בשותפותדיק, זיי גייען דאָך אויך צו דער קריסטמעס־חנוכה פּאַרטי".

רעגינאַ האָט געזאָגט צו חיימלען: — מיר האָבן שוין געקראָגן אַ גוטע „קינד־זיצערן", אַן אייניקל, פון אונדזער אַקעגנאַיבערדיקער שכנה, מרס. קריגל.

יאָ, דבורהלען איז טאַקע געפעלן געוואָרן וואָס רעגינאַ האָט איר אויף מאָרגן אינדערפרי פאַרגעשלאָגן מכח די מתנות. רעגינאַ האָט זיך געאיילט. זי איז שוין געווען אָנגעטאָן אין איר נייעם ווינטער־מאַנטל מיטן פוקסענעם קאָלנער דורכגעוואָרפן מיט נאַטירלעכע גרויע האָר וואָס האָבן זיך ווי געזילבערט איבער דער טונקלקייט פון די הויך פוכיקע שוואַרצע האָר, און מיט איר נייעם סאַמעטן שוואַרצן הוט, מיט אַ קליינער שטרויס־פעדער ביי דער זייט. זי איילט זיך, ווייל זי דאַרף שוין אַרונטערפאָרן אין דער

צירונג־גא̇ס צו איינעם פון די געשעטלעך, וואו זי הא̇ט נעכטן א̇פּגעמא̇כט מיט חיימלען זיך צו טרעפן.

ביים שטיין אין געפּא̇קטן סא̇בוויי הא̇ט רעגינא̇ בא̇מערקט די אויס־געפּוצטע פרויען א̇פּשטא̇מיקע פון פא̇רשיידענע פעלקער. דא̇ס רוב, נא̇ך איר א̇פּשא̇צונג פון זייערע פּנימער און זייער קליידונג, הא̇לטונג, זיינען זיי זיכער א̇רבעטער פרויען מיט די קינסטלעכע ביליקע קא̇רסא̇זשן, מיט שרייענדי־קע פא̇לשע קא̇לירן, בא̇לייגט מיט פא̇לשער צירונג אויף זייערע ווינטער־מא̇נטלען א̇רום זייערע קעלנער. א̇ סך פון זיי זיינען געווען בא̇לא̇דן מיט לא̇נגע און קורצע שא̇כטלעך — קריסטמעסטיק פּא̇רפּא̇קט, מיט רויטע און גרינע פא̇רשלייפטע בענדער.

א̇רום זיי קינדער מיט „לא̇לי־פּא̇פּס" (א̇זוינע צוקערקעס מיט שטע־קעלעך) פון פא̇רשיידענע קא̇לירן, א̇זוי ווי די קא̇לירן פון די בא̇נדן א̇רום די פא̇רפּא̇קטע פּעקלעך אין זייערע הענטלעך. לעבן זיי פא̇רשיידענע שפּיל־צייג ווי פערדלעך פון הא̇לץ און א̇לומיניום, שליטנס, וואגא̇נען לא̇סט־אויטא̇מא̇בילן, פייער־לעשער, וועגענער מיט לייטערס, אינדיא̇נישע הויזן מיט פעדערן און פּיסטא̇לן, מא̇שין־ביקסן, טרא̇מפּייטן און נא̇ך א̇נדערע שא̇לא̇מויזן־שפּילערייען.

רעגינא̇ איז א̇רויס פון סא̇בוויי אין גרענד סענטרא̇ל וואו זי וועט דער־וויילע, ביזן זיך טרעפן מיט איר חיימלען א̇רומשפּא̇צירן אויף מעדיסא̇ן און פינפטער עווענין; וועט א̇ קוק טא̇ן אויף די אויסגעפּוצטע אויף קריסט־מעס געשעפטן, מיט זייערע א̇טרא̇קטיווע שוי־פענצטער פון קא̇לירפולע שא̇טירונגען. רעיגנא̇ הא̇ט איבער א̇לץ דא̇ך א̇זוי ליב צו קוקן.

זי הא̇ט זיך א̇פּגעשטעלט ביי די גרויסע דעפּא̇רטמענט סטא̇רס, וואו עס ווערן וואולגא̇ר אויסגעשריגן די „קריסטמעס־קערא̇לס" — געזא̇נגען, א̇לץ מיטן ציל צו מונטערן די טויזנטער פא̇רבייגייער און די וווּא̇ס זיינען שוין אינעווייניק, א̇ז ס'איז „קריסטמעס" און — „קויפט ברידערלעך און שוועסטערלעך ווא̇ס מער קריסטמעס געשא̇נקען"! עס הערשט דער „ווייסער־קריסטמעס" כא̇טש אין דרויסן איז נישטא̇ קיין סימן פונעם ווייסן שניי. א̇בער די הילכערס פא̇רהילכן די גא̇סן א̇רום א̇זש צום פא̇רטויבט ווערן: — „דער ווייסער קריסטמעס איז געקומען!" טייל פענצטער זיינען בא̇לייגט און בא̇־זעצט מיט בילדער פון יעזוסעס געבורט, יעזוס א̇לס קינד, מיט דער היי־ליקער מא̇מע מערי, מיט די א̇פּא̇סטא̇לן, די הייליקע מיט די לא̇נגע שטעקנס. דערביי טויטע און אויך לעבעדיק־פא̇רשטעלטע „סא̇נטא̇־קלאוזן" אין שא̇רלא̇ך רויט און מיט ווייסע בערד. קינדער קוקן און זיי ווייסן שוין אין פא̇ראויס

וואָס זיי וועלן געפינען קריסטמעס אינדערפרי — שיינע מתנות אין זייערע אויפגעהאָנגענע זאָקן אויף די קריסטמעס־ביימער. און טייל פענצטער זיינען קונציק איינגעאָרדנט, רויטע ציגעלעך, מיניאַטורן־הייזלעך מיט רויטע קוי־מענס, וואו „סאַנטאַ" פאַרשווינדעט אין דעם קוימען פונעם „פאַרשנייטן־הייזל", כדי אָנצופילן די קינדערשע זאָקן מיט זייערע קינדערשע חלומדיקע פאַרלאַנגען.

שיין קונציק, „האָקוס־פּאָקוסדיק" זיינען די צוועלף נעבעכדיקע, פאַר־פרוירענע הייליקע אַפּאָסטאָלן, וואָס שטייען ווי לעבדיקע אויף אַ געזימס פון אַ פענצטער פון אַ דעפּאַרטמענט סטאָר; זיי זינגען פון מכלומרשטע געבעט־ביכער אין זייערע הענט, די „קריסטמעס־קעראָלס". זיי זינגען גאַנ־צענע טעג נאָכאַנאַנד און ס'איז גאָר נישט צו פאַרשטיין זייער גבורה פון נישט הייזעריק ווערן און זייער גבורה פון שטיין נעבעך אויף זייערע דאַרע פיס אַזוי הויך, אַז ס'זאָל זיי ניט שווינדלען פאַר די אויגן.

פון דאָרט גייט זי צום ראָקפעלער־צענטער וואו זי, רעגינאַ, באַ־וואונדערט שטענדיק די גראַנדיעזקייט און די האַרמאָנישע שיינקייט אַלס איינציק־אַרטיק. אַ שיינקייט וואָס דריקט אויס סימבאָליש דעם גייסט פון אַמעריקע. אַ שיינקייט מיט דעם דינאַמישן פאַרמעסט פונעם פּיאָנערישן אַמעריקאַנישן מענטשן; אין דער אַרכיטעקטור זעט זי דעם סינטעז פון די מערבדיקע קולטור עסטעטיק, מיטן אוטיליטאַרן צוועק פאַר עקספּענסיווער קאָנצענטרירקייט און מענטשלעכער באַקוועמלעכקייט.

רעגינאַ איז געוואָרן אַנטציקט ווען זי האָט דערזען אינעם ראָקפעלער צענטער דעם גיגאַנטישן „קריסטמעס־בוים" מיט די הונדערטער באַלויכטענע ווייסע שטערן, ווייס ווי געפאַלענער פרישער שניי; אָקעגנאיבער די שפּריצנ־דיקע באַגולדעטע פיגורן, ווי וואַסער פאָנטאַנען, און די פריש־ווינטערדיקע בלומען־בייטן אין דער גאַנצער לענג צווישן די גראַנדיעזע געביידן אַרום. אין אָט דער רייכער פיל־פאַרביקייט שפּיגלט זיך דעקאָראַטיוו די קלאַס געביידע פון ראָקעפעלער פּלאַזאַ.

רעגינאַס אויגן ווערן פייכט פון באַגייסטערונג איבער דער זעלטענער האַרמאָנישער הערלעכקייט. זי פילט ווי זי וואָלט געשטאַנען פאַר קונסט־טעמפּלען. זי איז אַזוי געשטאַנען אַ פאַרגאַפטע ביז פאַרנאַכט. אין די פאַרנאַכטיקע שאָטנס די גרויע, אינעם שפּעטן דעצעמבער, האָט די פולע, ווייס־שטערנדיקע באַלייכטונג פון דעם קריסטמעס־בוים בולטער אַקצענטירט דאָס אָנקומען פון דעם קריסטלעכן פייערטאָג; און האָבן אַריבערגעשטייגט די רעקלאַמע־געשרייען פון דעם אַרום.

ביים פאַרבייגיין דעם ווייסן קינסטלעכן גליטש־פּלאַץ, באַלויכטן פון שיין־וואַרפערס, איז איר דאָס זייער געפעלן געוואָרן אַלס אַן אָפּגעזונדערט ווינקל, וואָס פּאַסט זיך אַריין אין דער ראַקעפעלער־סימפאָניע. זי האָט זיך אָפּ־געשטעלט צו זען די גליטשערס, טייל מיט פולער גראַציעזקייט; יונגע מיידלעך און יונגע פרויען מיט די שיין געטאָקטע ראָזאָווע קרעפטיקע פיס, טאַנצן אויס אויפן אייז צום ריטם פון די געשפילטע מוזיק־פּלאַטן. פיגורן־טענץ דרייען זיך אין אַ שנעלן געווירבל אויף איין פוס, און ביי זייער אָפּשטעלן זיך, דערמאָנט זיך איר יענער אַמאָליקער באַטשאַן אויף איין פוס, ביי אַ בוים אַרום אַ טייכל אין די קאַרפּאַטן בערג!

עטלעכע שלאַנקע, יונגע מיידלעך מיט נאַקעטע פיס, לאָזן זיך אין אַ שנעלן געלויף — זעען אויס, אין זייערע ווייסע „סוועטערס", ווי שוועבנדע ווייסע מעוועס. עס גלוסט זיך רעגינען נישט אַוועקצוגיין פון די הערלעכע דעקאָראַציעס פון אויבן און פון די רעסטאָראַנען־דעקאָראַציעס פון אונטן. אין איר פאַרחלומטקייט און זיכרונות־בענקשאַפט ווערט דאָס אַלץ פאַרוואַנדלט און אַ פּאָעטישן געזאַנג פון אַ נישט־דאָאיקער וועלט!

זי כאַפּט זיך אויף ווי פון אַ חלום אַ שיינעם. קוקט אויף איר האַנט־זייגערל: — „יאָ, ס'איז שוין צייט צוצוגיין צו דער נאָענטער צירונג־גאַס, זיך צו טרעפן מיט איר חיימל, דאָרט, ביים אַריינגאַנג אין דעם עקסטשענדזש, דאָרט וואו מען פאַרקויפט די שיינע חנוכה־לאָמפּן.

חיימל האָט שוין געוואַרט אויף איר. ער האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט איר ווי מיט אַן אבן־טוב, אַזוי ווי ער וואָלט זי נישט געזען מי יודע ווי לאַנג. באַזונדערס איז ער איבערראַשט געוועזן זי צו דערזען אַזאַ אויפ־געהייטערטע מיט אַ שיינענדיקער פרישקייט וואָס ער האָט שוין לאַנג דאָס נישט געזען אין איר. זי האָט אים מיט שנעלע רייד, ווי אַ קינד וואָס קומט אַהיים פון אַ שיינעם קינדער־שפּיל, דערציילט זי וואָס זי האָט אַלץ געזען.

## כא.

# מתנות

ביידע, מיט שיינענדיקע פּנימער, זיינען אַריין אינעם עקסטשענדזש. אינע־ווייניק — אַ רעש, אַ געפּילדער ווי אויף אַ היימישן יריד. זיי שטופּן זיך קוים אַדורך צו די הינטערשטע געשטעלן, לעבן דעם רעסטאָראַן וואו מענער אין ווייסע העמדער מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, פרויען מיט מינקען , קאַראַ־

קולנע און אַנדערע מאַנטלען אויף זייערע הענט, טרינקען קאַווע און קאָקאָ־קאָלאָ, זיצנדיק ביים בופעט אויף די קיילעכדיקע דריי־בענקעלעך ווי ביי אַ פּיאַנאָ... זיי גייען צו צום געשטעל מיטן נעאָן־שילדל, אַ בלויעס, וואו מען פאַרקויפט די מנורות און אַלע אַנדערע זאַכן. זיי באַקוקן די פאַרשייי־דענע מנורות, היגע און אימפּאָרטירטע פון ישראל, וואָס שטייען אין די צוויי שראַנקען ביי דער וואַנט מיט גלעזערנע רוק־טירלעך; זיי באַקוקן אויך די לאַנגע שטייענדיקע שווי־קאַסטענס, האַלב גלעזערנע וואו עס ליגן אויסגעלייגט אין פלאַכע קעסטעלעך, אויסגעבעט מיט בלויען סאַמעט, די פאַרשיידענע גאָלדענע בראַנזלעטן מיט די הענגערס, ברעלאָקן און לאָקעטס? לאַוועלירן. חיימל וואָס קאָן דעם פאַרקויפער־סוחר, באַגריסט זיך מיט אים. דער יואוועליר איז אַ נידעריק פעטלעך מענטשל, אַ שארית הפליטהניק פון בעלגיע. זיין נאָמען איז בייניש פענטעק, ער איז שוין פריער, אין גאַליציע געווען אַ פאַכמאַן גאָלדשמיד. חיימל בעט אים ער זאָל אים און רעגינאַן ווייזן די אַלע צירונג אָרנאַמענטן, יידישע און גויאישע, וואָס ליגן איינע לעבן די אַנדערע אויסגעמישט צוזאַמען. רעגינאַ זעט: ס'איז אַקוראַט ווי חיימל האָט עס איר דערציילט. אַלץ ליגט צוזאַמען פרידלעך, ווי אין משיחס צייטן. קעץ, פערד, שטייסלען, מאַרזשערס, טרומנעס, מצבות, טהרה־ברעטער, ספרי־תורות, אָרון קודשן און להבדיל צלמים, אַלטאַרן — אַלץ פון גאָלד. דאָס אַלץ הענגט מען אָן אין די גאָלדענע בראַנזלעטן פאַר „גוד־לאָק און העפּי־גאָ לאָקי", „מצבות" וואָס ברענגען זיכערן גליק.

די הענדלערס הערן זיך געוויינלעך אונטער ביים ווייזן די אַלע פאַר־שיידענע אָנהענגערס, צו די סודותדיקע שושקערייען פון זייערע יידישע און גויאישע קליענטקעס, אַז: — „דער ברעלאָק, דאָס „אָרון קדושל", האָט איר צוריקגעבראַכט דעם מאַן אירן, וואָס איז געווען פאַרליאַפּעט ביז איבער די אויערן אין זיין פריוואַטער סעקרעטאַרשע, די רויטע אירלאַנדערין מיט די בלויע אויגן". אַן אַנדערע פרוי דערציילט שטיל, אַז: — „דער ברעלאָק, „דאָס מצבהלע" האָט איר צוריקגעבראַכט איר ברוגזדיקן חתן וועלכער איז אַוועק ווען סהאָט שוין געהאַלטן ביי אָט־אָט! אויס כלה און ווידער מויד". דערציילט די פרוי ווייטער — „נאָר איך האָב מיר געקויפט און אָנגעהאָנגען דאָס „מצבהלע", איז ער געפאַלן צו מיינע פיס ווי צו אַ פרינצעסין". אָדער: „די ברעלאָקן „העלפן" אין סתם ליבעס און אויך ביים שפילן אויף „די פערדלעך". דער עיקר, מען דאַרף נאָר צוטרעפן דעם ריכטיקן „ברעלאָק", טייל גויאישע מיידלעך און ווייבלעך קויפן די גליק־ברענגנדיקע „ברעלאָקן" ווי תורות, מזוזות און אַנדערע פון דעם מין, וואָס זיי זעען ביי זייערע

יידישע באַקאַנטע אין שאַפּ, אין אָפּיס און סטאָר, מיטן זאָגן: — „אויב דאָס איז גוט פאַר זיי, די יידן, איז עס גוט פאַר אונדז אויך".

דער פאַרקויפער, מיטסטער פענטעק נעמט נישט אַראָפּ זיינע אויגן פון רעגינאַ. עס געפעלט אים איר שמייכל וואָס איז פול מיט חן און פרויען־רייץ, ער וויל איר אָנמעסטן אַ בראַנזעלעט, לאָזט זי זיך נישט; ער פרעגט ביי איר: „זיינען זי פון גאַליציע?" — „וואָס פאַלט אינען גאָר איין!" ענטפערט אים רעגינאַ, „נאָך דאָס פעלט מיר צו מיינע צרות!"

מיסטער פענטעק, ווענדעט זיך צו חיימלען: — „פאַר אַזאַ שיין ווייבל, ווי זי, אַזאַ יאָר אויף מיר, מעגט איר קויפן אויף חנוכה, אַ שיינעם בראָנז־לעט מיט עטלעכע מזלדיקע ברעלאָקן. איר קענט אָנהייבן מיט אַ ספר־תורהלע, אַ מזוזה און אויך אַ „טרומנע". דאָס זיינען די מזלדיקסטע פון אַלע. איך ראָט אייך דאָס ווי אָן אייגענעם, כוועל אייך נישט פאַרפירן. אַלע מיינע אַלטע קליענטן, יידן, ווי גוים, וואָס פאַרלאָזן זיך אין גאַנצן אויף מיר, גיב איך זיי תמיד אָט דעם „סעט", און ס'איז זייער מזלדיק, ווי כ'בין אַ ייד".

רעגינאַ מיט חיימלען האָבן זיך איבערגעקוקט, אָפּגערוקט די קעסט־לעך פון זיך, האָבן אים געדאַנקט פאַרן ווייזן זיי די בראַנזלעטן מיט די ברעלאָקן און לאָקעטס, און אים געבעטן זיי דערווייל צו ווייזן די ישראלדיקע חנוכה־לאָמפּן. מיסטער פענטעק, מיט די קורצע פיס און פעטן בייכל, קריכט אַרויף אויף אַ שטיגל, וואָס דינט ווי אַ לייטער און אַ בענקל, ריגלט אויף די גלעזערנע טיר פון דער שטייענדיק שראַנק, נעמט אַרויס עטלעכע חנוכה־מנורות, היגע געמאַכטע און אויך די אימפּאָרטירטע פון ישראל, שטעלט זיי אַוועק אויף דעם גלעזערנעם שויקאַסטן.

רעגינאַ און חיימל קלייבן אויס צוויי ישראלדיקע מנורות פון בראָנז אין אַ טונקעלער אָקסעדירונג פונעם אַנטיקוואַרן בצלאל־סטיל, פון אויבן מיטן בלויען ישראלדיקן הערב.

מיסטער פענטעק האָט פאַרפּאַקט די מנורות אין גיזילבערטע קריסטמעס פּאַפּיר מיט רויטע זיידענע באַנדען און פאַרקרייזלט ביז די ענדען מיט שלייפן ווי רויטע רויזן.

חיימל האָט געמוזט צוריקגיין אין דער שלייפעריי צו פאַרענדיקן אַ גרויסן „פּיר און אַ האַלב קאַראַטיקן ברילי̈אַנט", וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין מיטן דער אַרבעט; ער מוז דאָס פאַרטיק מאַכן פאַר מאָרגן. אַזוי האָט ער געבעטן רעגינאַן אַהיימצוגיין אָן אים: — „דו ווייסט דאָך רעגינישע, ווי מיר זיינען איצט באַלייגט איבערן קאָפּ מיט אַרבעט אַצינד פאַר קריסטמעס".

ביים אַוועקגיין האָט זי געטראַכט: — „ער, חיימל, וועט דאָך ערשט אַהיימקומען זייער שפּעט ביינאַכט, איז, צי וואָס די איילעניש פון איר זיך אַהיימצואיאָגן און צו זיין מיט די פיר ווענט אַליין? זי וועט בעסער נאָכ־אַמאָל צוגיין זען די באַלויכטענע סקווערן, מיט די קריסטמעס־ביימער פון פּאַרק־עוועניו, מיט די רייכע, עקסקלוסיווע געשעפטן, וואָס זי האָט פון זיי געהערט אָבער האָט זיי נאָך נישט געזען.

ביים שפּאַצירן אַהין האָט זי זיך דערוויל אָפּגעשטעלט ביי דער צווייי־און־פערציקער גאַס, ביי דער גרויסער שטאָט ביבליאָטעק אויף פינפטער עוועניו, וואו זי כאַפּט זיך לעצטנס אַריין און ס'איז איר געפעלן געוואָרן וואָס מען האָט אויסגעצירט אירע ליבע צוויי שטיינערנע לייבן מיט גרינע קראַנצן אויף זייערע העלדזער, מיט רויטע סטענגעס און באַלויכטענע עלעקטרישע לעמפּלעך — אַלץ צו שאַפן די ריכטיקע קריסטמעס שטימונג.— און פון דאָרטן איז זי אַוועקגעגאַנגען צו פּאַרק־עוועניו.

דאָרט האָט זי ווידער דערזען די הויכע „אייביק גרינע" ביימער אין זייערע, איצט באַלויכטענע פיל־פאַרביקע קאָלירן — ווי אַ שפּיגלנדיק פאַרבן־רייכע מאָזאַאיק; דאָס אַלץ לייכט און ציט זיך פּאָר מיילן צווישן די ביינאַכטיקע פוןביידע זייטן באַלויכטענע מאַסן פענצטער פון די ריזן־הייזער, פון די „הימל־קראַצער", פון די לוקסוריעזע האָטעלן און פון די רייכע אויסשטעל־פענצטער פון די געשעפטן אַרום. אַן אָנגעצונדענע וועלט!...

ביים ערשטן קוק, איז זי געבליבן שטיין פאַרגאַפט און געפּלעפט, ווי אַ פאַרלוירן, פאַרבלאָנדזשעט קינד; אַ ליכטיקע וועלט און זי אין מיטן מיט אירע קריסטמעס־פאַרפאַקטע חנוכה פעקלעך!

רעגינאַ האָט דערנאָך זיך דערמאָנט אָן מעקס רייד ביים פאָרן מיט אים נאָך דער צווייטער סדר־נאַכט פאַרטאָג, דורך אַ רייכער געגנט, ווען זי האָט געקוקט מיט קנאה, מיט נישט פאַרגינענדיקייט... מעק האָט גערעדט: — „דאָ וואוינען אַמעריקעס קאַפּיטאַלנען פון דער אינדוסטריע און פינאַנץ, רייכע מואווי אַקטיאָרן, „סטאַרס", באַרימטע אָפּערע־זינגער און צווישן זיי אויך באַרימטע רעקעטיערס, אַפּעריסטן און גענגסטער. און דאָ — האָט מעק, מיט אַ געלעכטערל געזאָגט — „וואוינען אויך די פריילעכע מיידלעך, וואָס ווערן באַשטעלט טעלעפאָניש, ווייסט דאָך — די „קאָל־גוירלס".

זי טראַכט, אַלץ איז דאָ אויסגעמישט אין איין קאַשע, נישטאָ דאָ קיין מיוחסדיקע פאַמיליעס פון איינגעפונדעוועטער אַריסטאָקראַטיע פון גראַפן, לאָרדן, און באַראָנען ווי אין אייראָפּע, דאָ קאָנען וואוינען די געלט־זעק. אָבער איך, די אָרעמע באַראָנעסע ווייטלאַנדהאוזן, דאָס ווייב פון אַן אָרעמען

דימענטן־שלייפער מוז זיך שלעפּן צום סאָבוויי וואָס וועט פירן די „באַראָנע־סע" צו איר היים אין די „סלאָמס" פון בראָנקס.

זי איז אַריין אין געפּאַקטן סאָבוויי אין די רעשדיקע שטונדן פון די פאַרנאַכטן. דער נעגער אויף דער פּלאַטפאָרמע האָט זי מיט זיינע שוואַרץ־שטאַרקע הענט אַריינגעשטופּט אינעם וואַגאָן, דאָס האָט איר דערמאָנט אָן די אָנגעשטאָפּטע וואַגאָנען מיט יידן ווען די נאַציס האָבן זיי געפירט קיין אוישוויץ, דאַכאַו און טרעבלינקע — געפירט צו די גאַז־קאָמערן; אָדער דערמאָנט אָן די געפּאַקטע פראַכט־וואַגאָנען מיט מענטשן וואָס די רוסן האָבן געשיקט צו די טייגעס פון סיביר.

זי איז אַריינגעקומען אין הויז מיט אַ מיד, מיט אַ פאַרביטערט געמיט. זי האָט זיך געלייגט אויף איר בעט אָן חשק און ווילן צום עסן.

ווען חיימל איז אַהיימגעקומען שפּעט ביינאַכט, איז ער געגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער אין דער פינצטער, זי נישט אויפצוּוועקן. זי איז גלייך אַראָפּ פונעם בעט, ווייל אויס פאַרדרוס האָט זי גאָר נישט געקענט איינשלאָפן. סהאָט זיך אין איר אויך דערוועקט מיטגעפיל צו זיין איי־דעלער באַנעמונג. ער האָט זיך זייער געפרייט מיט איר און זיך אַנט־שולדיקט פאַרן אויפוועקן זי. זי האָט אים געוואָלט געבן עסן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט ווייל ער האָט „געהאַט גענוג פון די מיטגענומענע „סענד־וויטשעס" מיט דער הייסער טיי אינעם „טוירמעז־פלאַש".

אַ טאָג פאַר קריסטמעס האָט בערל אַרויפגעשיקט זיין שיק־ייִנגל צו מנשהן און חיימל זיי צו זאָגן און צו פאַרענטפערן זיך, אַז ער איז פאַרנו־מען איבערן קאָפּ און האָט אַפילו נישט קיין מינוט צייט צו ריידן מיט זיי אויפן טעלעפאָן; ער לאָזט זיי וויסן וועלכע סאָבוויי זיי זאָלן נעמען, וואָס וועט זיי צופירן צום אָנקלס בולוואַרד, ס'איז אָבער אַ מייל פון זיין הויז; זיי זאָלן דאָרטן זיין אַרום צען אַזייגער, מאָרגן, קריסטמעס ביי־נאַכט, ער וועט דאָרט אָנקומען זיי צו נעמען אין זיין אויטאָמאָביל און צו ברענגען זיי צו דער קריסטמעס פּאַרטי.

און אַזוי איז געווען.

ביים אָנקומען אין בערלס אויטאָמאָביל, קריסטמעס ביינאַכט, צום הויז פון אָנקל מעק, האָבן זיי דערזען אַז די גרויסע גראַז־לאָנקעס פאַרן ווייסן הויז מיטן רויט־ציגלענעם פייער־פּלאַץ און די אייביקע גרינע ביימעלעך ביי די ווענט זיינען געווען באַשאָטן מיט אַ לייכטן דינעם שניי, וואָס האָט זיך געמיניעט אין דער באַלייכטונג פון די קאָלירטע שיין־וואַרפער אויפן באָדן און פון די צוויי לאָמפּן בייביידע זייטן פון דער מאַסיווער ענגלישער

טיר מיט די שוואַרץ אייזערנע געשניצטע פּראַנטן. אין מיטן פון דער טיר איז געהאָנגען אַ גרויס־גרין־נאָדליקער רונדער קראַנץ, מיט אַ רויט זיידענעם באַנד־שלייף ביי דער זייט.

בערל האָט געגעבן אַ לייכטן קלאַפּ אינעם מיטלסטן שוואַרץ־אייזערנעם טיר־קלאַפּער, — אַ קלאַנג מיט דעם טאָן פון אַ האַרפּע, — און ס׳האָט פאַר זיי געעפנט די טיר זייער אַלטער באַדינער, לינקאָלן סטיוועגס, מיט זיינע פינקלדיקע אויגן און לאַכנדיקע ווייסע ציין. ער האָט געעפנט די טיר מיט אַ פריילעכן באַגריסן בערלען ווי אַן אַלטן באַקאַנטן און גערופן אים „באָס״ — „יעס סער, באָס״. סטיוונס האָט צוגענומען פון זיי זייערע מאַנטלען מיט די היט. זיי זיינען נאָכגעגאַנגען בערלען אין דער „באַר־רום״ אַריין, וואו ס׳זיינען שוין, אין רויט לעדערנע, ברייטע שטולן, געזעסן עטלעכע מענער מיט זייערע פרויען אין טיף דעקאָלטירטע קליידער; דאָס רוב — מיט „קאָק־טעיל״ געטראַנקען אין זייערע הענט. דער סאַרווער־באַדינער, אַ יונגער קליין־געוויקסדיקער יאַפּאַנישער „באָטלער״ מיט באַוועגלעכע מאַנדל־אויגן, האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס העלפעכקייט.

סוזען, מעק און שוירלי האָבן זיך געפרייט מיט זיי, האָבן זיי פאָרגע־שטעלט פאַר די געסט זייערע ווי זייערע „פריינט און לאַנדסלייט פון בוירל פעלדמאַן, שוירליס מאַן — זייער „נעפיו״.

דער אַלטער, קרעפטיקער מעק האָט זיך צעקושט מיט רעגינען ווי מיט זיינס אַ שוועסטערל, ער האָט זי אַרומגענומען ביי איר טאַליע ווי ער וואָלט וועלן איר טאַליע אויסמעסטן מיט זיינע לאַנגע ברייטע דלאָניעס און ער האָט הנאה געהאַט פונעם דריקן, מיט זיינע גראָבע פינגער, אַרום איר טאַליע, ביי די ברייט פאַרונדיקטע היפטן. אַזוי פירנדיק זי מיט ברענענדיקע, שטראַלנדיקע האַלב־פאַרשיכורטע אויגן, האָט ער זי אַוועקגעפירט און אַוועקגעזעצט נעבן חיימלען, מנשהן און דבורהלען. אַקעגנאיבער, אינעם ווינקל רעכטס, איז געשטאַנען דער הויכער קריסטמעס־בוים, באַלויכטן מיט אַלערליי קאָלירטע לעמפּלעך און גלעזלעך; גלעקלעך מיט געפאַרבטע גרויסע שלאָף־עפּעלעך דורכגעוואָרפן מיט שמאָל דינע, ווייס־זילבערנע פעדעמלעך, האָבן דעם בוים געגעבן דעם אויסזען ווי ער זאָל זיין באַשאָטן מיט אַ לייכטן שניי.

אַלע געסט האָבן מיט די גלעזער אין די הענט זיי באַגריסט און גע־וואונטשן זיי „אַ פריילעכן קריסטמעס״. דערביי דרך־ארצדיק געקוקט אויף מנשהס און חיימלס יאַרמולקעס און אויף זייערע שיינע בערדלעך ווי אויף עקזאָטישע פלאַנצן אין אַ פרעמדער וייטער וועלט. די מענער האָבן געוואָרפן

תאוהדיקע בליקן אויף די צוויי, יונגע שיינע ווייבלעך, דער עיקר אויף דער עלעגאַנטער באַצויבערנדער רעגינאַ, מיט אירע אַריסטאָקראַטישע מאַ־ניערן. מען האָט אויסגעטרונקען נאָך עטלעכע „סקאָטשס" געטראַנקען און געמישטע „קאָקטעילס" און מען האָט פאַרביסן פון די פאַרשיידענע קאַלטע און הייסע דעליקאַטעסן. דערלאַנגט אויף זילבערנע טאַצן פונעם „באָטלער". דעמאָלט האָט מעק הויך, מיט זיין דיקער שטימע געזאָגט צו זיינע געסט: — „היינט איז ביי אונדז אַ סטריקטער כשר קריסטמעס לכבוד מיינע פרומע געסט פון מיין היים־שטאָט מונקאַטש. איך האָב אַלץ באַשטעלט ביי אַ כשרן „קעיטערער" פון באָראָ־פּאַרק. און איר, מיסטער און מיסעס טשאים (חיים) גראַפשטיין און איר מר. און מיסעס מענאַשע זילבערשטיין, מעגט דאָ עסן אַלצדינג ווי ביי זיך אין דער היים".

איינער פון די האַלב פאַרשיכורטע געסט האָט זיך געהאַלטן אין איין צובייגן צו מעקן און צו די אַנדערע מענער און שטילערהייט, די פרויען זאָלן נישט הערן. זיי דערציילט זיינע פּעפּרדיקע וויצן, ביי וועלכע ער אַליין האָט זיך געקאָטשעט פון געלעכטער. ווי ער וואָלט זיי געהערט צום ערשטן מאָל. זיין גלאַטיקער שטערן און זיין האַלדז איז געוואָרן רויט ווי אַ רויטער בוריק. ער האָט זיך דערמאָנט, האָט ער געשושקעט: — „אַן אמתע מעשה, נישט קיין וויץ". ער זאָגט, — „אַ פרומער, כשרער קעיטערער, הערט, כאַ, כאַ! מיינער אַ באַקאַנטער וואָס קויפט ביי מיר סטאַקס, אַ פּרוכט־הענדלער, האָט דאָס מיר דערציילט, טאָ הערט! זיינער אַ שכן פון די פרומע אונגאַ־רישע יידן, וואָס האָט אַ סטאָר פון שיך, אַ מאַן מיט אַ שוואַרצער באָרד ווי פּעך, מיט פאַרוקטע פאות הינטער די אויערן, האָט פאַרלוירן זיין ווייב מיט אַ קינד דורך די דייטשע נאַציס און וויל מער נישט חתונה האָבן, אָבער ביים העלפן זיינע פרויען־קאַסטאָמער, מיט זייערע קורצע סקוירטס, אָנצומעסטן די שיך, ווערט ער געוואַלדיק צעהיצט. דער פּרוכט־הענדלער מוז אים אַריינלאָזן אין זיין גרויסן „פרידזשידעיר" וואו ער האַלט זיינע וועדזשעטעיבלס און פּרוכטן, ביז יענער ווערט דאָרטן אָפּגעקילט און פאַר־פרוירן ווי אייז. כאַ! כאַ! זאָגסט אַ כשרער קעיטערער!"...

דער האַלב־פאַרשיכורטער מר. קראַוויץ צעלאַכט זיך, הירזשעט ווי אַ פערד נאָכן פערדישע אָנזעטיקן זיך מיט אַ זאַק־האָבער. ער מורמלט שטיל צו מעקס ווייב, סוזען, די איינציקע פון די פרויען פאַר וועמען מען זשענירט זיך נישט מיט די קיצלדיקסטע וויצן: — „אָט די פרומע יונגעלייטלעך מיט די בערדלעך מיט אַזעלכענע שיינע ווייבלעך דאַרפן נישט לויפן ווי יענער זיך אָפּצוקילן אין אַ קילן פרידזשידעיר"... סוזען לאַכט הילכיק

פון מיסטער קראַוויצעס חכמות — עס הויבן זיך אירע האַלב־נאַקעטע ברוסטן, די פאַררינצלטע מיט טונקעלע זומער־שפּרענקעלעך אויף זיי; ברוסטן וואָס זעען אויס ווי פאַררונדיקטע ברויטלעך מיט קימל.

סוזען וואָס הייבט זיך אויף פון איר שטול אַלע ווײַלע אַ קוק צו טאָן צי אַלץ איז אין אָרדענונג, ברענגט מיט זיך דעם פאַרפּאַקטן געשאַנק, וואָס די יונגע צוויי פּאָרלעך האָבן געבראַכט. זי לייגט דאָס אַוועק הינטערן קריסטמעס בוים נעבן די פיל אַנדערע געבראַכטע און צוגעשיקטע גע־שאַנקען. אַלץ וועט געעפנט ווערן פאַרן עסן דעם צוגעגרייטן קריסטמעס־דיקן, פייערלעכן דינער.

אַלע פּאָרלעך פריילעך־שיכורלעך, מיטל־יעריקע און עלטערע, קושן און האַלדזן זיך ווי יונגע צוציקעס. טייל פרויען זיצן אויף די מענערישע קניען מיט הענט פאַרלייגטע אויף די מענערישע העלדזער; אַ ראַשיקער געפילדער פאַרטויבט די טומלדיקע טעלעוויזיע־נאַכט־קלובן פּראָגראַמען.

חיימל מיט מנשה גלעטן זיך די בערדלעך ביים קוקן אויף זייערע ווייבלעך וואָס פּלאַפּלען מיט שוירלין. אויף שוירליס פרעגן דבורהלען מיט וועמען זי האָט איבערגעלאָזט דאָס קינד, ענטפערט זי, אַז רעגינאַ האָט איר באַזאָרגט מיט אַ מיידל, אַן אייניקל פון אירער אַ שכנה. מישט זיך אַריין רעגינאַ, אַז: — „מען מעג זיין רואיק און נישט מורא האָבן פאַר קיד־נעפּער. מען קידנעפּט נאָר רייכע קינדער. ביי אָרעמע אַרבעטער־טייוואַלים ווי מיר, קידנעפּט מען נישט". אַ סעקונדע בלייבט רעגינאַ שטיל, אָבער באַלד פאַרפירט זי ווידער דאָס געשפּרעך פון די געלט־אויספּרעסער און די גרויסע שטעט פון אַמעריקע. שוירלי זאָגט: — „נאָר נאַרישע מענטשן, וואָס זיינען אַזוי געלט־גייציק, אַז ביי זיי איז די זאָרג פאַר געלט מערער, גרעסער ווי די זאָרג פאַר אַ קינד. ביי מיר, ווען סזאָל חלילה פּאַסירן, גאָט באַהיט, און מיר קריגן אַ דראָאונגס־בריוו אַז מען וויל פון אונדז געלט, און מען סטראַשעט מיט מיין לעבן אָדער בערלן, שלאָגן מיר גלייך אַ כפּרה מיטן געלט אַבי ניט צו האָבן צו טאָן מיט די פאַרברעכער און מיט דער פּאָליציי. דאָס לעבן איז בילכער פון אַלץ אין דער וועלט".

רעגינאַ הערט און איר פּנים נעמט אָן עפּעס אַזאַ מאָדנעם קאָליר און מינע.

צוועלף אַזייגער האָבן אַלע געהויבן זייערע אָנגעגאָסענע גלעזער, פּונקט ווי צו ניי־יאָר און געוואונטשן זיך „מערי קריסטמעס". רעגינאַ, דבורהלע און זייערע מענער האָבן זיך געוואונטשן, — „צו דערלעבן איבער אַ יאָר חנוכה מיט פריילעכע הערצער".

קריסטמעס נעמט זיך אַרום מיט חנוכה... און אַלע — מעקס, סוזען און שוירלי זײַנען גליקלעך, בערל — אויך...

דער גאַנצער עולם האָט אויף דער איינלאַדונג פון די בעל־הביתטע, סוזען, זיך געזעצט אַרום דעם קריסטמעס בוים אין אַ האַלבן צירקל, און יעדער איינער האָט געפונען זײַן קריסטמעס מתנה באַצייכנט אויף קריסטמעס קאַרטלעך. רעגינאַס, דבורהלעס מנשהס און חיימלס נעמען זײַנען געווען געשריבן אויף ישראלדיקע חנוכה־קאַרטלעך. אַלע האָבן אויפגעפּאַקט זייערע געשאַנקען. ווען סוזען האָט אויסגעפּאַקט די חנוכה־מנורה פון ישראל, דאָס זעלבע שוירלי, האָבן זיי זיך געקושט מיט די געסט מיט די מנורות אין זייערע הענט. רעגינאַ האָט געבעטן ביי סוזען אַוועקצושטעלן די חנוכה־מנורה ביי אַ טישל אינעם עס־צימער אַקעגן דעם געדעקטן טיש.

ווען אַלע געסט זײַנען אַריינגעגאַנגען אין צימער צום טיש, האָט רע־גינאַ שוין געהאַט פון פריער צוגעגרייט די חנוכה־מנורה מיט אַלע ליכט־לעך און דעם אָנגעצונדענעם שמש, און געבעטן מנשהן צו צינדן די חנוכה ליכט. ער האָט הויך, נוסחדיק געמאַכט די ברכה. חיימל, דבורהלע און רעגינאַ האָבן מיטגעזונגען דעם „מעוז צור ישועתי" מיטן ניגון פון מונ־קאַטשער רבין. מעק און אַלע געסט האָבן געדאַנקט מנשהן און רעגינאַן „פאַרן רעלידזשעס טריל" וואָס דערמאָנט זיי אָן זייער אַמאָליקן קינדישן „פאָן" ביי זייערע טאַטעס און זיידעס אויף דער „איסט־סייד". מעק האָט געבעטן דעם קעיטערער אַריינצוברענגען די פינף און פערציק פונטיקע ברוינע „טוירקי". (אינדיק). ער האָט זיך אויסגעטאָן זײַן שוואַרצן „סמאָוקינג" מיטן זיידענעם שאַלאָוון קאָלנער, האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל פון זײַן גע־פרעסטן ווייסן העמד; האָט גענומען שניידן מיטן גרויסן גאָפּל און לאַנגן מעסער ווי אַ גוט דערפאַרענער אינדיק־שניידער, געלייגט די דינע לאַנגע געשניטענע פעניצער פונעם ווייסן פלייש אויף אָן אָוואַלן, פאַרצעלייענעם טעלער, און די טונקעלע שניטן אויף אַן אַנדערן טעלער. אַלע האָבן גענומען אויף זייערע טעלער די שטיקער וואָס שמעקט זיי אַמבעסטן, מיטן „קרעמבערי סאָס", געמאַכט פון וויינפערלעך און צוקער, מיט די זיסע, ברוינע קאַרטאָפ־ליעס און פון די אַנדערע געקאָכטע גרינסן. ביים טרינקען די גלעזער שאַמפּאַניער, סערווירט פון דעם יאַפּאַנישן באַטלער, האָבן אַלע געזונגען מיט די געהויבענע גלעזער לכבוד מעקן. „הי איז עי דזשאַלי גוד פעלאָו, הי איז עי דזשאַלי גוד פעלאָו".

געזונגען, געטרונקען; געשוויצט און זיך געווישט די שטערנס, און די קריסטמעס־חנוכה־פאַרטי איז געענדיקט.

בערל האָט די יונגע, פרומע פּאָרלעך צוגעפירט צום סאָבוויי, שוין שפּעט אין דער נאַכט אַריין. זיי זיינען אַריין אין אַ באַלויכטענעם וואַגאָן מיט זייערע מתנות־פּעקלעך וואָס זיי האָבן געקראָגן פון מעקן, סוזאַן אויך פון שוירלין מיט בערלען. דאָס רוב פּאָרערס אינעם סאָבוויי האָבן אויך ווי זיי געטראָגן פּאַרפּאַקטע קריסטמעס מתנות. אויפגעהייטערטקייט האָט זיך געטונקט אין מידקייט, געטונקט און זיך געטונקלט... שוין נאָך די אַלע „פּאַרטיס״.

כב

# רעגינאַס פּלאַן

דער ווינטער מיט זיינע קעלטן און פרעסט, געמישט מיט כליאַפּנדיקע שלאַקס־רעגנס און אויך מיט דיקע שנייען, צענויפגעשאַרטע ביי די בראָנקס־ער טראָטואַרן ווי ווייסע ברודיקע מצבות, האָבן מיט כמורנעקייט געדריקט אויף רעגינאַס שווער געמיט. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז איר פינצטערער גורל, ווי דער גראָער הימל, וועט איר צעדריקן אויף אייביק; זי וועט אייביק מוזן שלעפּן דאָס אָרימע לעבן און זי וועט קיינמאָל נישט אַרויס פון אירע אָרעמע דריי שטיבלעך, „פון בראָנקסער הקדש״, ווי זי האָט עס גערופן. דערצו זיינען נאָך חיימלס פּאַרדינסטן געפאַלן ווייל ער האָט באַקומען פּיל ווייניקער בריליאַנטן צום שלייפן, און זי האָט זיך געמוזט שוואַרצן דאָס פּנים, פּאַרבויגן איר שטאָלץ, און באָרגן ביי דבורהלע עפּעס פון איר אָפּ־געשפּאָרט ביסל געלט צו קאָנען אַדורכשטופּן דעם ווינטער.

פון ערגערניש און, אויך פון די שלעכטע וועטערן, וואָס האָבן זיך אַזוי אָפּט געענדערט, איז רעגינאַ אַ קרענקלעכע נישט אַרויס פונעם הויז פּאַר וואָכן נאָכאַנאַנד. דבורהלע האָט איר ארויסגעהאָלפן און איינגעקויפט פּאַר איר אַלץ וואָס זי האָט באַדאַרפט, האָט אַביסל אויך צוגערוימט די שטובן, ווען נאָר דאָס קינד אירס איז איינגעשלאָפן, און אויך צוגעגרייט דאָס נאַכט־עסן. אויך די שכנהטע, „מיסעס״ קריגל, פלעגט אַריינקומען צו איר און העלפן מיטן רייניקן אַביסל די שטובן, אויסוואַשן די קליינע וועש, רייניקן די קיך, טאָן פּאַר איר אַלץ ווי אַ געניטע אַלטע בעל הביתטע, דערביי פלעגט די מרס. קריגל איר דערציילן פון יענע צייטן, מיט עטלעכע פערציק יאָר צוריק, פּאַרן ערשטן וועלט־קריג, פונעם שיינעם לעבן צווישן שכנים אין דער אַמאָליקער איסט־סייד. — „אוי זיינען דאָס געווען גאָלדענע צייטן

מיט גאָלדענע מענטשן! מ׳האָט טאַקע ווייניק פאַרדינט, אָבער פאַר אַ פּעני האָט מען געקראָגן אַן אייז־קרים, אַ גרויס שטיק טשאָקאָלאַדע פאַר אַ קינד. אַז מען האָט דעמאָלט אַ קינד געגעבן איין פּעני האָבן די אויגעלעך זיינע געגלאַנצט פאַר שמחה און נישט געוואוסט וואָס פריער צו קויפן דערמיט, צי אַ גרויס גלאָז סאָדע־וואַסער מיט סיראָפּ, אָדער אַ גרויסן, רויטן לאָלי־פּאָפּ, וואָס מען האָט אים געלעקט אַ גאַנצן טאָג און נאָך מכבד געווען, מיט אַ לעק, די אַנדערע קינדער וואָס האָבן געקוקט מיט קנאָהדיקע אויגעלעך. אַ גאַנצער בלאָק מיט קינדער האָבן אַ גאַנצן טאָג געלעקט אַ פּעניקן „לאָלי־פּאָפּ״.

זי הייבט אונטער איר ספּאָדניצע, בעתן וואַשן דעם דיל מיט דער נאַסער „מאָפּ״, לענט זיך אָן אין דעם לאַנגן שטעקן און זאָגט: — „וואָס ווייסט איר, מרס. גראָפּשטיין, וואָס מען האָט אַלץ געקאָנט קויפן פאַר אַ פּעני! סאיז דען מעגלעך דאָס צו געדענקען? אָט נעמט, אַ שטייגער, די שפּאַנישע ניסלעך, די „פּינאַטס״, אוי ווי גוט ס׳איז געווען צו שפּאַלטן די ניסלעך! אַמאָל פאַר אַ פּעני, האָט מען געקראָגן אַ גאַנץ שקאַרמיץ, וואָס האָט געקלעקט אויפן גאַנצן זונטיק, ווען מען איז געפאָרן אין פּראָספּעקט פּאַרק פאַר אַ פּיקניק, צוזאַמען מיט די באָרדערס; און ס׳איז נאָך געבליבן אַ ביסל צום קנאַקן אויף דער טראָלי־קאַר ביים אַהיימפאָרן״.

ווען מרס. קריגל ווערט פאַרטיק מיטן וואַשן און מיטן צורוימען, אַרויס־צוהעלפן רעגינען, טראָגט זי איר צו צום בעט אַ גלאָז מילך מיט אַ שניט וויים־ברויט פון דעם צעשניטענעם ברויטל, און איר לענגלעך פּנים פאַרויטלט זיך מיט אַ שמייכלדיקער צופרידנקייט. זי דערמאָנט זיך אַז — „פאַר אַ ני־קעלע האָט מען דאַך געקראָגן אַ ברויט צוויי מאָל גרעסער פון היינטיקן, אויך מיר אַ ברויטל, צו מיינע צרות! אַ ברויטל וואָס איז איצט איינגע־וויקלט און פאַרפּעטשאַטעוועט מיט ווייסן וואַקס־פּאַפּיר, אַז מען קאָן אַפילו נישט געבן קיין שמעק דערצו ביים קויפן און אַריינזאַפּן אין זיך ווי אַמאָל, דעם געשמאַקן ריח פון ברויט״.

זי ווישט זיך אָפּ די נאַסע שמאָלע ליפּן פון איר פאַרגאַוּוערט מויל און רעדט ווייטער מיט גרויס בענקענדיקן איפער פון יענע גאָלדענע צייטן. „וואָס האָט מען נישט געקראָגן פאַרן ניקל? אַז פאַר אַ ניקל, איז מען גע־פאָרן אין קאָני־איילאַנד אויפן נייעם „לופּ־דע־לופּ״, וואָס האָט זיך געהייבן אַזש ביז צום הימל און געדרייט זיך אַזוי לאַנג ביז דער קאָפּ האָט זיך אַזוי פאַרדרייט אַז ביים אַרונטערגיין האָט אַזש געשווינדלט פאַר די אויגן און מען האָט נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס. מ׳האָט זיך געשאָקלט ווי

אַ שיכורער פון דער באַוערי. עפּעס אַ קליינ־קייט, אַמאָליקע קאָני־איילאַנד־קונצן! ניטאָ די אַמאָליקע יאָרן!"

מרס. קריגל כאַפּט אַ טרונק וואַסער פונעם סינק. נאָכן קומען צו זיך פון איר ריידן מיט אַזאַ היציקן אימפּעט און ברען פון די אַמאָליקע גליקן, קערט זי זיך ווידער אום צום „ניקל".

מע! ס'איז דען מעגלעך, ווען אַפילו כ'זאָל זיך שטעלן אויפן קאָפּ, צו געדענקען וואָס מען האָט אַלץ געקראָגן פאַרן ניקל? נעמט אַ שטייגער, „אַ האָט־דאָג"; אַמאָליקע צייטן האָט מען געקראָגן פאַר אַ ניקל אַן אמתן „האָט־דאָג"; איר האָט באַדאַרפט זען יענעם „האָט־דאָג", דיק און גראָב ווי אַ קישקע פון אַן אָקס, לאַנג? פרעגט שוין גאָרנישט! דער היינטיקער לענגסטער ווורשט איז אַ מפּיל־קינד אַקעגן יענעם „האָט־דאָג"; ביים אַריינלייגן אים אין צוויי שטיקער בולקעס וואָס האָבן אַוודאי געוואויגן מער פון אַנדערטהאַלבן פונט, באַשמירט מיט מאָסטאַרד, איז דאָס געווען טעם גן־עדן! איר הערט! סהאָט נאָך אַרויסגעשטעקט פון ברויט צוויי לאַנגע געלע שטיקער פון ביידע זייטן ווי שטיקער פיס פון מיין אַמאָליקן גאַליציאַנער לאַנגן באָרדער פון אונטער זיין קורצער קאָלדרע. ווי־דען? ווי די היינטיקע „האָט־דאָגס" וואָס קאָסטן אַ פאַרמעגן און זיינען גרויס ווי אַ גענעץ, וואָס מיט איין שלונג איז מען פאַרטיק דערמיט".

רעגינאַ אין איר פאַרטראַכטקייט וועגן עפּעס אַ געהיימן פּלאַן, און אין איר אינערלעכן קאָנפליקט, פילנדיק איר געפאַלנקייט, וואָס דאָס האָט איצט פאַראורזאַכט איר אָפּגעשוואַכקייט, קוקט אויף מיסעס קריגל מיט פאַר־וואונדערונג, וואָס אין איר אַלטקייט און אָרעמקייט איז זי נאָך אַזוי שפּרודעל־דיק מיט אירע בענקשאַפטן נאָכן אָרעמען לעבן פון אַ מאָל, נאָכן „ניקל" פון אַמאָל. רעגינאַ איז זי מקנא פאַר איר געזונט־מאָראַלישן פאָלק־אינ־סטינקט. רעגינאַ הערט און האָט הנאה פון איר באַרעדעוודיקייט. די מיסעס קריגל, קוקנדיק אויף רעגינאַ, ווי זי קוועלט אַזוי אָן פון אירע מעשיות וועגן די גאָלדענע צייטן פונעם אַמאָל, גיט זיך אַ קלאַפּ אינעם שמאָלן, געפאַלדעוועטן שטערן אירן, און רעדט ווי צו זיך: — „אוי, אַ קאָפּ האָב איך דאָס ווי אַ לאָקשן ברעט, זינט מיינער איז אַוועקגעשטאָרבן מיט אַכט יאָר צוריק, געדענק איך נישט פון דאַנעט אָן. כ'האָב שוין געהאַט גאָר פאַר־געסן וואָס ער, עליו השלום, פלעגט אַלץ עסן מיטן מיטגענומען ניקל יעדן טאָג פאַר „לאָנטש", ווי ער פלעגט אַריינגיין אינעם סאַלון, אַרום פאַרק־ראָו" וואו ער האָט געאַרבעט ביי „פּענטס" (הויזן); ווי ער פלעגט נעמען פאַרן ניקל דעם ריכטיקן „סקונער ביר", ווי אַ היימישער וואַזעווניק די

גרויס, מיט אַ ווייס־שוימיקן קאָלנער, געדיכט ווי ווייסע סמעטענע אויף אַ היימיש טעפּעלע זויער־מילך; מיטן סקונער ביר אין דער האַנט, איז ער צוגעגאַנגען צו דעם ענגדיקן לאַנגן ברעט אויף דער וואַנט — אַ ברעט ווי אַ טיש, אָנגעפּילט מיט כל־טוב ווי אויף אַ חתונה; מיט צעשניטענע מוצאס ברויט, הערינג מיט ציבעלעס, טאָמעיטאָס, מאַסלינעס, זויער־קרויט, אַ חוץ אַנדערע גויאישע זאַכן ווי געגליווערטע חזיר־פיסלעך, קאָלבאַסע, — מיינער, כאָטש ניט קיין פרומער האָט נישט געקענט קוקן דערויף. ר׳האָט נאָר געגעסן וויפיל ס׳איז אין אים אַריין, ווי מען זאָגט אויף רוסיש „סקאָלקאָ אוגאָדנאָ״ פון די פאַרעווע זאַכן, נאָכדעם איז ער צו צום פענצטער ביי דער באַר, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ רויטער, דיקער איירישמאַן מיט אַ ווייסער מיץ אויפן קאָפּ און געשניטן מיט אַ לאַנגן שאַרפן מעסער ווי אַ חלף, שטיקער „ראָוסט־ביף״, רויטלעך פריש, יעדעס שטיק גרויס ווי אַ פּלאַכטע, דאָס אַרויפגעלייגט אויף שטיקער דערלאַנגטע ווייס ברויט, צוגעלייגט עטלעכע שטיקער רעטעך מיט זויערע פיקל; — מ׳האָט געקענט נעמען וויפיל מען האָט נאָר געוואָלט — מ׳האָט נאָר באַדאַרפט אויסשטרעקן די האַנט, האָט דער איירישמאַן דערלאַנגט אָן טענות ומענות, האָסט נאָר באַדאַרפט האַלטן דעם „סקונער־ביר אין דער האַנט. מיינער אַליין האָט דאָס מיר אַלץ דער־ציילט מיט שטאָלץ. מיינער, עליו השלום, פלעגט צו מיר זאָגןביים אַהיימ־קומען ביינאַכט צום סאָפּער, אַז ווען ער און די אַנדערע אַרבעטער וואָלטן נישט באַדאַרפט צוריקלויפן אַריין צו דער אַרבעט, שטייען זיי דאָרטן דעם גאַנצן טאָג און עסן כסדר ביז ביינאַכט, און דאָס אַלץ פאַרן ניקלדיקן סקונער ביר. אָט, וואָס אַ ניקל איז געווען! ער פלעגט נאָר זיפצן און זאָגן צו מיר: — „ אַ שאָד וואָס אין גאַליציע (ער איז געווען אַ גאַליציאַנער, נעבעך, און איך בין אַ ליטוויטשקע, פון ווילנע) זיינען נישט פאַראַן אַזעלכע כשרע ביר־סאַלונען, יאָ, נאָכן עסן סאָפּער האָט מיינער צוזאַמען מיט די באָרדערס צוזאַמענגעלייגט די זיבן סענט פאַר אַ פּיטשערל ביר, און מען האָט עס געטרונקען אַ גאַנצן אָוונט ביזן שלאָפן גיין און מען האָט נאָך מכבד געווען מיט גלעזלעך ביר די שכנים פונעם האָל״. מרס. קריגל פאַר־ענדיקט און זי פּאַסמאַקעוועט זיך ווי דער טעם פונעם ביר וואָלט איר נאָך געלעגן אויף דער צונג: — „איי, גאָלדענע צייטן געווען אין אַמעריטשקע גנב אויף אָנקל סעמקעלעס איסט־סייד!״

רעגינאַ, מיד ווערנדיק פון הערן די אַלע רייד, כאָטש דער מאָנאָלאָג איז פאַר איר זייער אינטערעסאַנט ווי אַ שטיק געשיכטע פונעם אַמאָליקן אימיגראַנטן־לעבן מיט אַ יאָר פופציק צוריק, ווי מ׳האָט זיך געפרייט מיט

דער אָרעמקייט — קלאַפּט מיט דער האַנט איבערן מויל פון געניצן, ווי זי וואָלט זיך וועלן צולייגן אויפן בעט. די מרס. קריגל באַמערקט עס, נאָר זי בעט זיך ביי איר: — „לאָמיר איך דערציילן נאָך איין זאַכעלע און כ׳גיי אַהיים צו מיין טאָכטער איר העלפן צוגרייטן סאַפּער. מיר דאכט, כ׳האָב איך שוין אַמאָל דערציילט וועגן אַ פעטער מיינעם וואָס האָט געוואוינט אין אַ קליין שטעטל לעבן ווילנע. אַ טייערער פעטער, אַ גוטע נשמה, נאָר ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מזל, אַז צו וואָס ער האָט זיך נישט גענומען איז אים געגאַנגען מיטן פוטער אַראָפּ. ער איז געווען אַ שוחט און אַ זייגער־מאַכער, איז אַרומגעגאַנגען אין שטעטל אַ ווערטל — „אַז ער שעכט אַ האָן — גייט ער, און אַז ער פאַרריכט אַ זייגער — שטייט ער״; האָט מען אים אַזוי לאַנג דערגאַנגען די יאָרן ביז ער האָט פאַרקויפט די לעצטע בעבעכעס און געפאָרן קיין אַמעריקע. אין אַמעריקע, האָט מען געזאָגט, איז אַלץ קאַפּויר; ווען ס׳איז אין ווילנע נאַכט איז דאָרטן טאָג. אַזוי מיט די מיליאָנערן, יעדער אַמעריקאַנער מיליאָנער איז געווען אין דער אַלטער היים אַ שלים־מזל, פיערוועס קלאַס, אָבער ווי זאָגט מען? אַז אויך צום שלים־מזל דאַרף מען האָבן מזל. האָט ער זיך דאָ געדרייט אַהין און אַהער ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַ חדר אין אַ בעיסמענט אויף גאַרעק סטריט, וואו ער האָט מיט יינגלעך געלערנט דעם אַלף־בית און די ברכות פון דער הפטורה צו זייערע בר־מצווהס. קיין „ספּיטשעס״, ווי היינט, האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געלערנט, ווייל מען האָט נאָך נישט געוואוסט פון די היינטיקע בר־מצווה־פאַרטיס. איז מילא! ביז מיין פעטער גאָדל האָט יענע לויפערס אויסגעלערנט אַ שייטל עברי, איז עס אים אָנגעקומען מיט דער גרינער גאַל, ביז ער האָט געשפּיגן מיט בלוט, נעבעך. ער איז טאַקע אַוועקגעשטאָרבן פון קאָמסאָמפּשן. ער איז אַוועק יונגערהייט פון דער וועלט. אַקעגן וואָס דערצייל איך דאָס? אַלץ וועגן ניקל, אַז פאַרן לערנען מיט אָט די לויפערס, פלעגט מען אים צאָלן צוויי ניקלס אַ חודש. אין אָנפאַנג פלעגן די לויפערס צונעמען די ניקלס וואָס מען האָט געשיקט מיט זיי פאַרן „היברו־טיטשער״. זיי פלעגן דאָס פאַרשפּענדן אין די קענדי־סטאָרס. האָט דער פעטער גאָדל דאָך געזען אַז סאיז ביטער ווי גאַל, ר׳האָט נישט מיט וואָס צו באַצאָלן אַפילו דעם דאָלער און האַלב דירה־געלט פאַרן קעלער־שטוב, וואָס איז געווען אי דער חדר און אויך זיין דירה, פלעגט ער מוזן קלעטערן, נעבעך, אויפן פינפטן און זעקסטן שטאָק צו קאָלעקטן די צוויי ניקלס ביי זיינע בעל־הבתים. נו, איז נאָך געקומען דער גראָבער איירישער פּאָליסמאַן פונעם קאָרנער, אים געוואָלט פאַרמאַכן דאָס חדר, באַשר וואָס? ס׳איז קעגן געזעץ

צו האַלטן קינדער אין אַ קעלער אַ דומפּיקן, אַן זון־שיין און אַן ליכט און אַן ריכטיקע טרעפּ. האָט ער אים, צו פאַרשטאָפּן דאָס מויל מיט די גראָבע פּיסקעס זיינע, געמוזט צאָלן אַ ניקל אַ וואָך, נו, פּרובירט היינט אונטערצו־קויפן אַ פּאָליסמאַן, מיט הונדערט ניקלס, קענט איר? אָט וואָס אַ ניקל האָט אַמאָל געמיינט! דער ניקל איז געווען מער יחסן ווי דער היינטיקער דאָלאַר.

זי האָט דערלאַנגט דאָס גלאָז־טיי מיט לימענע און פאַרן אַוועקגיין האָט זי פאַרענדיקט איר מאָנאָלאָג וועגן די אַמאָליקע צייטן אויף דער איסט־סייד: — „מען איז טאַקע זומער געשלאָפן אויפן „רוף" אָדער אויפן „סייד־וואָלק" ביים „דאק" פון איסט־ריווער, ווייל אין די שטיבלעך מיט די וואָנצן איז געווען אוממעגלעך צו שלאָפן. אָבער ס'איז געווען אַ מחיה צו לעבן מיט אַלע שכנים און שכנות ווי איין משפּחה".

רעגינאַ האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון אויסהערן די מעשיות, כאָטש ס'איז איר נישט געלעגן אין קאָפּ די אַלע רייד. זי האָט דאָס באַטראַכט ווי בענקשאַפטן פון עלטערע לייט נאָך פאַרגאַנגענע טעג, ווען אַמאָ־ליקע שלעק זעען אויס ווי ברכות... עס האָט ביי איר אויפגעבליט אַ געדאַנק: — „אָבער איך", האָט זי צו זיך אַליין גערעדט, „בין נאָך יונג און כ'וויל לעבן! כ'מוז זיך אונטער אַלע אומשטענדן אַרויסראַטעווען פון דאַנען!

זי, וואָס האָט זיך געפילט דערנידעריקט און דערשלאָגן, האָט נאָר געזען איין אויסוועג אין איר פאַרצווייפלונג, דורכצופירן דעם געפערלעך מאָדנעם פּלאַן וואָס האָט פאַר איר אויפגעלויכטן, ווי די איינציקע ליכטיקע האָפנונג, בעת מען האָט דעמאָלט אַנאָנסירט אויף דער טעלעוויזיע וועגן דעם געקידנעפּטן קינד מיטן געשריבענעם בריוו צו די עלטערן, אַוועק־צולייגן פינף טויזנט דאָלאַר אויסלייז־געלט; שוירלי מיט בערלען האָבן געזאָגט: — „ווען מיר זאָלן קריגן וועלכן עס איז געהיימען בריוו מיט דעם סטראַשונעק־מאָרד, וואָלטן מיר תיכף אַוועקגעלייגט דאָס געלט. מיר וואָלטן קיינמאָל זיך נישט געווענדט צו דער פּאָליציי. אַ כפּרה דאָס געלט איידער אָנהייבן זיך מיט די גענגסטערס". שוירלי האָט ערשט לעצטן קריסטמעס דאָס איבערגעחזרט ביי אָנקל מעקן. רעגינאַ איז זיכער, אַז ס'וועט גיין אַזוי לייכט ווי אַרויסצוציען אַ האָר פון מילך. מען דאַרף נאָר זיין געוואַגט און נישט צופיל איבערקלערן, וועט דאָס גיין ווי געשמירט. זיי האָבן גענוג געלט — טראַכט זי — ס'וועט ביי זיי גאָרניט אָפּ גיין.

אמת, עס גייט איר, רעגינען, אַדורך אַ ציטער דורכן לייב אירן, ביים טראַכטן וועגן דעם פאַרברעכערישן און אפשר גאָר נאַרישן פּלאַן אירן.

אָבער זי זעט נישט קיין אַנדערן אויסוועג. זי קוקט אַרויס דורכן פענצטער אין דרויסן און זעט: — די זון שיינט מיט די ערשטע פרילינג־שטראַלן מיט אַזאַ צאַרטע מילדקייט. רעגינאַ באַשליסט זיך אַרויסצוכאַפּן אויף דער פרישער לופט און זי וועט זיך דערפרישן נאָך די לאַנגע וואָכן אינעם הויז; זי וועט גאָר ווידער צופאָרן צו איר באַליבטן צענטראַל־פּאַרק און דאָרטן ווייטער טראַכטן וועגן דער אויספירבאַרקייט פונעם מאָדנעם פּלאַן.

ביי איר אַריינקומען אין פּאַרק, זיינען נאָך שמאָלע שניי־פּאַסן געלעגן אַרום די שוואַרץ־גרויע פעלזן שטיינער. ווי דיקע ווייסע שאַליקעס אַרום עלעפאַנטן־העלדזער; די גראָזן — פייכט און מאַט, פיל ביימער נאַקעטע, אָן בלעטער, אַ פויגל־קלאַנג האָט געקלונגען ווי אַ ווייטע עכאָ אינעם לערן חלל אַרום. זי האָט זיך אין איר שוואַכער־מידקייט אַוועקגעזעצט אויף דער ערשטער באַנק ביים אַריינגאַנג. אירע אויגן האָבן פיבעריש געברענט ווי ביי אַ טיגערין וואָס גרייט זיך צו פאַרצוקן איר קרבן. — „יאָ! דאָ אין דעם לאַנד, אין אַמעריטשקע, האָט זי ווי צו זיך גערעדט, מוז מען זיין געוואַגט, נעמען אַ שאַנס ווי מען זאָגט דאָ, און נישט מורא האָבן פאַר דורכפאַל. זי דערמאָנט זיך ווידער אין בערלס און שוירליס רייד און איז זיכער אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער פּלאַן וועט „אַרבעטן" אָן שוועריקייטן און אָן ריזיקע. איז, צו וואָס וואַרטן מיטן אָפּלייגן דאָס אויף שפּעטער? ניין! זי וועט מער ניט וואַרטן. ווען חיימל וועט היינט אַהיימקומען וועט זי פאַר אים אויסלייגן דעם פּלאַן און ער וועט עס זיכער אויספירן". וואָס וועט חיימל דען ניט טאָן פאַר איר, וואָס זי וויל — טוט ער. אַמאָל גיט ער זיך אַ גלעט דאָס בערדל — אָבער ער טוט...

זי האָט זיך אויפגעשטעלט, איז פאַרבייגעגאַנגען די קליינע טייכלעך, ווי זי וואָלט זוכן אין זייער שטילן פּליסטערן מיט זייערע לייכט זילבערדיקע, דינע ריטמישע פּאַליעס, אַ באַרואיקונג פאַר איר צעשטרייטן ברויזנדיקן געמיט.

זי איז אַרויס פון פּאַרק מיט האַסטיקע שנעלע טריט צו דער אַכט־און־פופציקסטער גאַס; זי איז אַרויס אַ שטאַרק פאַרטראַכטע, ווי אַזוי אַלץ צו מאַכן אַזוי, אַז ער, חיימל, זאָל באַלד איינוויליקן צו גיין אין איר געשפּאַן פון דעם אויסגעאַרבעטן פּלאַן אירן. זי האָט זיך געפילט זיכער ביי זיך, קאָנענדיק זיין ברענעדיקע ליבשאַפט צו איר. זי האָט געפילט אַז זי וועט איר חיימלען גובר זיין, אָבער ס'איז איר נאָך נישט געווען גאַנץ קלאָר דער אינהאַלט פונעם געפּלאַנטן „סטראַשונאַק"־בריוו.

נאָכן ווייטערן טראַכטן, ביים פאַרבייגיין די גרויסע האָטעלן אויף דער

זיבעטער עוועניו, האָט זי באַשלאָסן, אַז דער בריוו דאַרף געשריבן ווערן, אַזוי שטאַרק ווי נאָר מעגלעך; אַז ביים דערהאַלטן אים, זאָלן זיי אַזוי גע־פלעפט און דערשראָקן ווערן, און זיי זאָלן נישט קאָנען אַפילו טראַכטן וועגן באַראַטן זיך מיטן אָנקל מעק, אָדער מיט איינעם פון זיינע אַדוואָקאַטן. דעמאָלט וועט ער, בערל, באַלד נעמען די פינף טויזנט דאָלאַר, זיי אַוועק־לייגן וואו מען וועט עס אים אָנווייזן. וואו? דאָס וועט שוין חימל היינט ביינאַכט עס מיר זאָגן. יאָ, דאָס וועלן מיר היינט ביינאַכט באַשטימען. און חימל אַליין? ער וועט איר זיך ניט קעגנשטעלן. רעגינאַ וויס איר קראַפט איבער אים; זי קען אים טרייבן אין פייער און אין וואַסער...

כג.

# אַ מאָדנע באַגעגעניש

זי איז אַרויף אויף בראָדוויי; פאַרביי די אַלע קינאָ־הייזער באַלויכטענע מיט טויזנטער כסדר לויכטנדיקע קאָלירטע עלעקטרישע לאָמפן, וועלכע לייכטן בייטאָג און ביינאַכט. זי איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטע, אַ באַנומענע, ווען זי איז צוגעקומען נאָענט צו טיימס־סקווער לעבן דער דריי־קאַנטיקער „טיימס" געביידע, ביים אַריינגיין אין סאָבוויי, איז זי ווי אַ פאַראַליזירטע גאָר שטיין געבליבן, און אַ ציטער איז איר אַדורך דורך אַלע אירע גלידער. ווער גייט איר אַנטקעגן? אַ מיראַזש? אַ גייסט פון אַמאָל? גייט אַ מענטש ביי דער וואַנט פון דעם קינאָמאָטאָגראַף, ווער איז ער? אַ דערמאָנונג? אַן אָפּדוכט? ניין!... דאָס איז דאָך ער, דער הער שרעדער, דער אַלטער עסטרייכישער קאַפּיטאַן־אינזשינער, איר אַמאָליקער באַשיצער. איר פּנים איז נאָך בלאַסער געוואָרן, איר האַרץ האָט געקלאַפּט ווי אַ קלינגענדיקער וועק־זייגער; אויך ער איז שטיין געבליבן ווי צעטומלט, אומבאַוועגלעך ווי אַ שטיינערנע סטאַ־טוע נאָענט צו איר. ביידנס אויגן צעעפנט פון דער פלוצימדיקער אומדערוואַר־טער באַגעגעניש. ווען ער איז ביי זיך זיכער געוואָרן אַז דאָס איז דאָך זי, זיין געליבטע רעגינאַ, די ברויזנדיק־ליידנשאַפטלעכע, יונגע, יידיש מיידל, מיט אירע איידעלע מאַניערן וועמען ער קען קיינמאָל נישט פאַרגעסן — האָט ער אַזוי ווי אַ געשריי געטאָן! ס'האָבן אין אים אויפגעלעבט עקסטאַזן, די איבערגעלעבטע מיט איר; די קושן, צערטלעכקייטן, ליידנשאַפטן...

אַז ביידע זיינען געקומען צו זיך, האָט זי ווי געפילט, אין איר איצ־טיקער שטימונג, צוליב איר געהיימען פּלאַן וואָס אין תוך איז עס: פאַר־

צווייפלונג — זיך קינדיש צוצוטוליען צו אים, ווי אַ פּאַרלוירענע, ווי אַמאָל אין יענע יאָרן פונעם מלחמה־חורבן. אין איר צעטומלונג האָט זי נישט געפילט ווי די טרערן גיסן זיך אויף אירע פלוצים צעפלאַמטע באַקן און ציטערדיקע, ווי געליימטע ליפּן, וואָס באַוועגן זיך קוים, מעכאַניש, ליאַל־קעדיק, אָן אַ וואָרט אויסצורײדן. ער האָט זי צוריק אַריבערגעפירט איבערן וועג, און גערעדט, און גערעדט, און גערעדט. זיינען זיי גראָד שטיין גע־בליבן ביי דער דאָרטיקער קינאָ־וואַנט, אויף וועלכער עס זיינען אויסגע־קלעפּט און צעהאַנגען בילדער פון נאַקעטע נקבות, מיט אויפשריפטן: „קומט און זעט די מענטשלעכע זינד".

ער האָט אַ זאָג געטאָן: —

מאָדנע, נאָך אַזוי פיל יאָרן צו בלייבן שטיין מיט דיר ביי אַזוינע בילדער... אַ מאָדנער גראָטעסקער צופאַל. אָבער, האָט ער אַ זאָג געטאָן, מיר האָבן ניט געזינדיקט, אונדזערע טרעפּענישן זיינען געווען ליבע, צאַרטקייט, בענקשאַפט...

„אָבער", האָט רעגינאַ אומעטיק אַ זאָג געטאָן, קען זיין אַז די בילדער אויף די ווענט שטעקן גאָר אַרויס אונדז אַ צונג, און מאַכן חוזק קעגן אַלע אונדזערע איינרעדענישן וועגן ליבע".

אין רעגינאַס האַרץ האָט דאָך איצט געברענט איר ניט־שיינער פּלאַן, איר זינדיקער געדאַנק, און דערפאַר האָט איר אויסגעקוקט אַז אַלע רייד וועגן שיינקייט און הייליקייט זיינען פאַלש...

שרעדער האָט זי אַריינגעפירט אין טאַפּענעטיס רעסטאָראַנט, דערביי, אויפן וועג קושט ער אירע הענט מיט איידעלער ליידנשאַפט. ביים אַריינקו־מען ריידן זיי שטיל און האַסטיק וועגן זייערע איבערלעבונגען פון אַמאָל ביז איצט; ביים אַוועקזעצן זיך ביי אַ זייטיקן טיש, דערציילט ער איר, אַז אָט ערשט היינט איז ער אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק זיך אָפּרוען פון זיינע שווערע אויפגאַבן ערגעץ אין דער סאָוט, אַלס מיטבאַטייליקטער אינזשינער, אינעם גרויסן רעגירונגס־פּראָיעקט איבער די ווייט־שיסנדיקע ראַקעטן. ער פאַרבלייבט דאָ אַלס תושב אין אַמעריקע. ער וויל ווידמען זיינע לעצטע יאָרן, מיט געטרייער איבערגעבענקייט צום אויסגעווײלטן לאַנד, אַ לאַנד וואָס דאַרף ווערן דער וועג־ווייזער פון אַ נייע באַפרייטער וועלט. און —

— „אפשר איז אונדזער באַגעגעניש־צופאַל נאָר אַ נס, אַז כ'זאָל דיך באַ־פרייען פון דיין איצטיקער נויט? ווייל כ'זע עפּעס אין דיין בלאַסער מידקייט סימנים פון טיפער אומרואיקייט, כאָטש דיין פרעכטיקע שיינהייט האָט זיך פון דיר נישט אָפּגעטאָן אויף אַ האָר ניט". ווען דער קעלנער איז צוגעקומען,

הא̇ט שרעדער געווא̇לט בא̇שטעלן א̇ פולן מא̇לצייט, א̇ פולן „דינער". א̇בער רעגינא̇ הא̇ט זיך א̇נטשולדיקט א̇ז זי מוז א̇היימגיין צוגרייטן דא̇ס נא̇כט־עסן פא̇ר איר מא̇ן, וועלכער קומט היינט א̇ ביסל שפּעטער פון דער א̇רבעט. הא̇בן זיי בא̇שטעלט בלויז קא̇ווע מיט רויט־קא̇רשנדיקן קעז־קוכן.

זי הא̇ט אים דערציילט אויף שנעל, ווי טעלעגרא̇פיש, ווי מען רעדט צו א̇ן אייגענעם דערווייטערטן טא̇טן, פון א̇לע אירע ווא̇נדערונגען און דורכלעבן ביז א̇ צינד; הא̇ט געלויבט אין הימל א̇ריין איר מא̇נס מעלות און זיין גרויס ליבשא̇פט צו איר. זי הא̇ט אים אויך דערציילט פון איר אומצופרידנקייט און פון אירע ליידן אין איר איצטיקן מצב. א̇בער זי א̇נטזא̇גט זיך קא̇טעגא̇ריש פונעם א̇נבא̇ט זיינעם צו העלפן איר. זי דערקלערט אים מיט א̇פּנהא̇רציקייט איר פא̇רערונג צו אים, דעם איידעלן מענטש. איר בא̇ציאונג צו אים ווי צו א̇ שיינעם לעבנס־אידעא̇ל צוליב זיין גרויסער הומא̇ניטא̇רישקייט און אינ־טעלעקטועלער בא̇גא̇בונג. זי וויל טרא̇גן די זיכרונות אין זיך ביזן סוף פון איר לעבן. „דערפא̇ר", זא̇גט זי, — „איז מיר א̇פילו נישט א̇נגענעם און אפשר א̇ גרויסע א̇נטוישונג אונדזערע בא̇געגעניש די היינטיקע".

ביים אויפשטעלן זיך צום געזעגענען זיך מיט אים, הא̇ט ער איר געגעבן זיין וויזיט־קא̇רטל און געזא̇גט: — „אויב כ'וועל נישט הערן פון דיר וועל איך וויסן, א̇ז דו לעבסט אין רואיקייט, נא̇ר טא̇מער דא̇רפסטו מיך, רעגינא̇ טייערע, אין א̇ נויט, זא̇ל דיר מיין קא̇רטל דינען ווי א̇ן „עס־א̇־עס"־א̇דרעס. איך בלייב דיין הילף, אויב ניישטיק, נישט נא̇ר פא̇ר די בא̇שרענקטע יא̇רן וווא̇ס איך הא̇ב נא̇ך צו לעבן, נא̇ר איך וועל אויך פא̇ר מיין טויט, בא̇זא̇רגן צו ווען דיין רוף נא̇ך הילף זא̇ל דערגרייכן, אין א̇ מינוט פון נויט".

זי הא̇ט אויף אים געקוקט מיט טיפער ליבשא̇פט און פא̇רערונג, הא̇ט צוגענומען פון אים דא̇ס וויזיט־קא̇רטל, איז געשטא̇נען פא̇רטרא̇כט און גע־קוקט אויף זיין א̇לט, א̇בער נא̇ך פריש לויטער געזיכט, דערביי איז איר דורכגעגא̇נגען פא̇ר אירע אויגן, ווי דורך א̇ קא̇לײדא̇סקא̇פּ, די א̇לע יא̇רן די דורכגעלעבטע מיט אים.

זי הא̇ט צוגעלייגט אירע ליפּן צו זיינע לענגלעך־א̇ווא̇לע בא̇קן, הא̇ט אים ליבלעך געקושט. ער הא̇ט מיט אינערלעכן ציטער געפילט אירע ווא̇רעמע טרערן אויף זיין פּנים, מער ווי אירע קושן. זי הא̇ט זיך געזעגנט מיט אים. ער הא̇ט איר געווא̇לט א̇היימפירן מיט א̇ טעקסי, הא̇ט זי אים בא̇דא̇נקט און אים געבעטן ער זא̇ל זי א̇רונטערפירן ביז צום נא̇ענסטן „שא̇טל־בא̇נדל".

ביידע הא̇בן געפא̇כעט מיט זייערע אויפגעהייבענע הענט איינער צום א̇נדערן מיט טיפן אומעט און בא̇צערטער ליבשא̇פט ווי א̇ן אייביקער —

„גוד־ביי". ביז דאָס באַנדל איז פאַרשוואונדן אינעם פינצטערן טונעל אַריין.

די באַן לויפט. רעגינען דוכט זיך אַז זי יאָגט עפּעס שנעלער ווי תמיד. וואָס יאָגט זי אַזוי? יאָגט די באַן צו געפאַר? אָדער פאַרקערט, יאָגט די באַן צו אַ נייעם ליכט? צי אַ נייעם אַרויסגאַנג?

רעגינאַ פּלאָנטערט זיך אין אירע אייגענע מחשבות.

אָט גיט אַ בליץ אין איר מח, און אָט — אַ שווערער וואָלקן.

זי טראַכט ווידער, ווי אַזוי האָט דער אַלטער, גוטער פריינד זיך באַוויזן צו איר גראַד אין אַזאַ מינוט, וואָס איז פאַר איר אָנגעפילט מיט ניט־זיכערקייט? נאָך אַמאָל, איז עס אַ גייסט פון דעם עבר? איז ער, דער אַמאָליקער, געקומען ווי אַ וואָרנונג? אָדער האָט ער זיך אַזוי פּלוצלונג באַוויזן צו איר ווי אַ טרייסט? האָט ער דאָך איר צוגעזאָגט הילף אַפילו נאָך זיין טויט!? וואָס מיינט דאָס אַלץ?

עס איז איר פאָרגעקומען אַז דאָס לעבן גופא איז ענלעך צו דעם לופּ־דע־לופּ פון וועלכן די מרס. קריגל האָט גערעדט מיט אַזאַ ענטוזיאַזם. אָט איז הויך, און אָט — פאַלט ער גאָר אַראָפּ... נידעריק.

אָבער נאָך די אַלע מחשבות האָט רעגינאַ אילוזאָריש זיך אַלץ אָנגעהאַלטן אין איר געהיימען פּלאַן פון דעם סטראַשונקע־בריוו. זי וועט קיינעם ניט טאָן קיין שלעכטס, ניט טשעפּן. זי וועט נאָר עמעצן איבערשרעקן אַביסל, דאָס אַלץ. איז עס אַזאַ גרויסע זינד?

זי זעט אויף דער אָנגעקומענער פּלאַטפאָרמע דעם נאָמען פון איר אָפּשטעל. זי איילט זיך אַרויס פון דער באַן.

כד.

# אַ נייער גרוב

ביים צוקומען צום טראָטואַר לעבן איר הויז, האָט איר באַגריסט מיט אַ גוטן אָונט דער אַלטער באַרבער מר. פלינקער, וואָס וואוינט שוין דאָ איבער פערציק יאָר. ער איז געשטאַנען אָנגעלענט אָן דער דרייענדיקער, פול שטרייפנדיק־קאָלירטער „באַרבער" שילד פאַר זיין „סטאָר". חיימל, וואָס שערט זיך ביי אים, דערציילט איר אַלעמאָל, ווען ער קומט צוריק פון אָפּשערן זיך ביים אים, אַז ער מעג גומל בענטשן ווען ער גייט אַרויס אַ לעבעדיקער פון זיינע הענט. קודם, קריכט ער ווי אַ קאַטשקע, ער גייט נישט נאָר שאַרט מיט די פיס צו דער אַלטער, ברודיקער, שוואַרץ־לעדערנע שטול;

ווען ער ווערט פאַרטיק מיטן פאַרבינדן דעם האַלדז מיטן שטיקל ווייסער גאַזע און מיטן אַרומדעקן דעם האַלדז מיט דער אַלט־געשטרייפּטער שטיקל פלאַכטע, הייבט ער אָן צו שערן מיט דער עלעקטרישער מאַשינקע. ער שערט אַזוי פּאַמעלעכדיק ביז די מאַשינקע ווערט הייס, ברענט דעם קאַרק, און חיימל האָט מורא ער זאָל אים נישט אָפּבראָטן.

אויף דער ערד, אַרום דער באַרבער־שטול, ליגן שמאַטקעס און האָר פון אַלע קאָלירן — האָר פון די קאָסטאָמערס...

רעגינאַ ענטפערט דעם באַרבער אויף זיין „האַלאָ” און זי טראַכט זיך: דאָס אַלץ איז דער אָרעמער „העק” אין בראָנקס. אַ שטומפּיקער שערער מיט שטומפּיקע ראַזיר מעסער, פּונקט ווי דאָס לעבן דאָ איז שטומפּיק. אָבער ס'וועט שוין לאַנג ניט געדויערן און זי, מיט חיימלען וועט זיך אַרויסציען פון דאַנען און וועלן וואוינען אין אַ לייטישער, שיינער דירה אין אַ שיינעם געגנט — מיט מענטשן גלייך.

ביים אַרויפגיין די שטיגן האָט זי זיך דערמאָנט ווי מיט דריי וואָכן צוריק, האָבן צוויי יונגע פאַרברעכער אַטאַקירט אַ שכנה אויף דעם פערטן שטאָק, מיסעס פּלוזשאַנסקי, האָבן זי גוט צעקלאַפּט, צוגענומען ביי איר דאָס האַנט בייטל מיטן מאַנס וואָך געהאַלט — אַכט און זעכציק דאָלער. דאָס אַלץ קען פּאַסירן נאָר דאָ אין די „סלאָמס”.

ביים אַריינקומען אין הויז, האָט זי אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דאָס קלייד מיט די הענטשקעס. זעט אַז אַלץ איז שוין ווידער פאַרשטויבט נאָכן נעכטיקן רייניקן דאָס גאַנצע הויז; זי מורמלט פאַרדראָסיק: — „אַלץ ווערט דאָ שנעל ברודיק, אַ ברודיקע וועלט דאָ! יאָ, מען מוז זיך אַרויסרייסן פון דאַנען מיט אַלע כוחות”.

זי האָט זיך אַרומגעוואַשן, אָנגעפּודערט, אַרויסגענומען עטלעכע בויגנס פּאַפּיר פונעם שופלאָד. ביים האַלטן די פאָונטן־פּען, האָט זי געטראַכט ווי אָנצוהייבן דעם סטראַשונקע־בריוו. קודם וועט זי אָנשרייבן מיט דער לינקער האַנט, אַז בערל זאָל נישט דערקענען איר האַנטשריפט פון די בריוו וואָס זי האָט צו זיי געשריבן פון נתניה.

ביים שרייבן באַשליסט זי אַז מען דאַרף שרייבן אין אַן איינפאַכן ענגליש. זי הייבט אָן „מיסטער בי. פעלדמאַן, אויב דאָס לעבן אייערס האָט ביי אייך עפּעס אַ שטיקל ווערט, באַפעל איך אייך גלייך, היינט, אָוועקצולייגן די סומע פון 5.000 דאָלער, איינגעוויקלט אין צייטונגס פּאַפּיר, אויף דעם און דעם פּלאַץ” וואו אַקוראַט אָוועקצולייגן, האָט זי נאָך נישט געשריבן ביז חיימל וועט דאָס מאָרגן באַשטימען, נאָכן זיין אַרומקוקן זיך פאַר אַ פּאַסיק

אָרט. זי איז זיכער געווען אַז חימל וועט זי פּאָלגן. זי האָט ווייטער געשריבן — „אויב איר וועט נישט אויספאָלגן דעם באַפעל, איז אייער לעבן נישט ווערט קיין צוויי סענט. איך ראָט אייך נישט צו ווענדן זיך צו דער פּאָליציי, ווייל אויב מען וועט מיך אַרעסטירן, וועלן מיינע פריינט אייך שיסן ווי אַ מיאוסן מסור, אַ „סקווילער" אונטערגעשריבן — „איינער פון דער „מאַפיאַ".

זי האָט עס איבערגעלייענט עטלעכע מאָל, ס'איז איר געפעלן און איז זיכער אַז אַלץ וועט גיין ווי געשמירט.

זי האָט זיך גענומען צוגרייטן דאָס עסן. זי האָט אָפּגעקאָכט פאַר חימלען זיין באַליבטן מאכל, אַ גוטן אונגאַרישן גולאַש; פאַר אַ פאָרשפּייז האָט זי געמאַכט הינערנע לעבערלעך, געדעמפּטע מיט ציבעלעס און קנאָבל, און געווירצט מיט פעפער און פּאַפּריקע. זי האָט באַשלאָסן צו עפענען היינט די פלאַש פון אונגאַרישן טאָקייער וויין, וואָס מעק האָט זיי געבראַכט לעצטן פסח. זי האָט געקוקט אויף איר האַנט־זייגערל, ס'איז שוין באַלד זיבן. אָט באַלד וועט חימל שוין קומען.

זי האָט שנעל אַרויסגעכאַפּט אויף זיך דאָס ווייס קורצע שירצל איבערן רויטן הויז קליידל, דאָס דורכזיכטיק לייכטע, אָן אַרבל. זי האָט געקוקט מיט נערוועזן נייגער צו דער טיר, וואָס האָט זיך טאַקע באַלד געעפנט. זי האָט אַרויסגעלייגט אירע נאַקעטע הענט איבער זיינע אַקסלען אים געקושט אין די באַקן לעבן זיין בערדל און אַן עקסטרע לאַנגן קוש אין מויל, ווי מען קושט זיך אין די קינאָס. חימל זייער אַן אויפגעהייטערטער דערציילט איר, ווי בערל האָט אים און מנשהן היינט איינגעלאַדן צו גיין מיט אים אין דער דימענטן־בירזשע לכבוד זיין אָנגענומען ווערן ערשט נעכטן אַלס בירזשן־מיטגליד, וואָס דאָס איז נישט פון די לייכטע זאַכן פאַר בערלען, דאָס איז אי אַ כבוד אַ גרויסער און אי אַ וואוקס צום הויכן שטאַפּל פון אַן ערשט האַנטיקן דימענטן־סוחר. איצט וועט ער האַנדלען דירעקט מיט אַנטווערפּן און מיט ישראל.

ער האָט איר דערציילט אַז די בירזשע איז אויפן אַכטן שטאָק, וואו ביים לאַנגן טיש פון די נאָך נישט געשליפענע בריליאַנטן, וואָס רופט זיך „ראַף", מיט דעם סאָרט בריליאַנטן האַנדלען נאָר די ספּעציעלע עקספּערטן־מבינים וואָס ווייסן גענוי וואָס מ'קאָן שפּעטער אַרויסקריגן — סיי די גרויסע, און סיי די קאָליר קוואַליטעטן.

חימל, אין זיין באַגייסטערונג וויל ווייטער ריידן אָבער זי, רעגינאַ, האַקט אים איבער, הייסט אים זיך וואַשן צום עסן: — „ביים טיש וועסטו

שוין פֿאַרענדיקן דאָס דערציילן וועגן דער בירזשע״. כאָטש זי איז אומרואיק מיטן פּלאַן אירן, וואָס זי דאַרף אים היינט ביינאַכט איבערגעבן, איז זי אַזוי זיכער אין זיין אויספֿאָלגן איר, אַז זי האָט אים געלאָזט ווידער זיך אויסריידן מיט דער איבעררעאַשיקייט זיינער פֿון דער בירזשע. זי קוקט אויף אים ווי אויף אַ קינד וואָס האָט געקראָגן אַ נייע שפּילצייג און זי האָט זיך צוגעהערט צו אים מיט געמאַכטער אויפֿמערקזאַמקייט, און זאָגט: — „אַך, ווי וואונדערלעך!״

חיימל פֿאַרענדיקט זיינע רייד וועגן די ניסים ונפֿלאות פֿון דער דימענטן־בירזשע וואָס ער האָט געזען. — „די געשלאָסענע מסחרים אויף צענדליקע טויזנטער דאָלאַרן; נאָכן שליסן דאָס געשעפֿט גיט מען זיך די הענט און מ׳זאָגט: — „מזל וברכה!״ דאָס איז דאָך שטאַרקער פֿון אַ וועקסל; מען גיט אַריין די בריליאַנטן אינעם פֿאַרמאַכטן ביורא, וואָס געפֿינט זיך אין מיטן פֿון דער בירזשע, צום געניויען אָפּוועגן זיי; דאָרטן, הינטער דער שטענדיקער פֿאַרמאַכטער טיר און פֿענצטער, שטייען די בלאַנקענדיקע, מעשענע וואָגן, אַריינקומען לאָזט מען נישט אַריין קיין פֿרעמדע, נאָר רעגיסטרירטע, אָנערקענטע מיטגלידער; פֿריער מוז מען מאַכן אַן אַפּליקאַציע מיט אַ רעקאָמענדאַציע פֿון צוויי מיטגלידער און מיט ביילייגן צוויי הונדערט מיט פֿופֿציק דאָלער, אַלס יערלעכער אָפּצאָל; ערשט נאָכן אָנערקענט ווערן פֿונעם בירזשן־ראַט, (אַז מען איז ראוי סיי פֿינאַנציעל און אויך אַלס ערלעכער סוחר), ווערט מען אָנגענומען ווי אַ מיטגליד.

ער האָט פֿאַר איר געשילדערט דעם בירזשן־פּלאַץ; צוויי עלעוויטאָרס באַזונדערע, וואָס פֿירן די סוחרים אַרויף און אַראָפּ. צו רעכטס פֿון צוויי פֿאַרמאַכטע טירן איז אַ גלעזערנע בודקע מיט צוויי אויפֿזעערס און אַ טעלעפֿאָניסטקע; זיי קאָנען יעדן פֿון די פֿינף הונדערט מיטגלידער, אויב נישט, מוז מען זיי ווייזן די מיטגליד־קאַרטע מיט אַ פֿאָטאָגראַף אויף איין זייט פֿון דער קאַרטע. בערל מיט זיין קאַרטע אין דער האַנט האָט געבעטן מען זאָל אונדז אַריינלאָזן אַלס זיינע נאָענסטע, באַגלייבטע פֿריינט. רעגינאַ האָט דאָ אַ ציטער געטאָן...

חיימל דערציילט ווייטער: — אינעווייניק ביים אַריינקומען אינעם גרויסן זאַל, ווימעלט מיט מענטשן ווי אין אַ בינשטאָק, עס שטייען יידן מיט שוואַרצע און גרויע בערד אין קופּקעלעך — צו צוויי, דריי און מער, געגאָלטע, אויסגעפּוצטע אין רייכע קליידונג. אַלע פֿאַרקאָכט אין געשפּרעך וועגן פּרייזן און טראַנסאַקציעס אויף פֿאַרשיידענע „פּאַרסעלס״ בריליאַנטן, וואָס זיי האָבן ביי זיך אין זייערע לעדערנע טאַשן און היבשע פּאָרטפֿעלן.

דאָ הייבט מען אָן און דאָ שליסט מען אָפּ די שווין פון פריער פאַרהאַנדלטע געשעפטן.

אין דריי גרויסע זאַלן זיצן מענטשן ביי לאַנגע טישן מיט אָפענע ווייס־פּאַפּירענע „פּאַרסעלס בריליאַנטן", מיט פאַרזילבערטע לאַנגע צווענגלעך האַלטערס, מיט פאַרגרעסערונגס גלעזער ביי זייערע אויגן; און נאָר אין ליכטיק־זוניקע טעג באַקוקט מען די אָפּערירטע — צום פאַרקויפן די פאַרשיידענע גרויסן און סאָרטן פון די געשליפענע בריליאַנטן.

ביי איך זייט זאָל, צו רעכטס, ווערט נאָר געהאַנדלט מיט רויע בריליאַנטן ראָף, וואו זייער פאַרשרייבן די פינקטלעכע וואָג אויף די פּאַפּירענע „פּאַרסעלס", אַזוי פיל קאַראַט מיט פונקטן, אַקוראַטנע צו דער האָר; וואָגן וואָס זיינען אָנערקענט ביי אַלעמען ווי די „העכסטע אינסטאַנץ".

חיימל דערציילט אויך, ווי אַרום די ווענט זיינען דאָ צענדליקע טעלע־פאָן־ביידלעך, און פון אַן אייגענער צענטראַלער רופט מען אויס דורך הויך־ריידעס עטלעכע מאָל די פאַרשיידענע גערופענע פון דאָ־הי, און פון גאַנץ אַמעריקע, אויך פון אויסלאַנד, ווי אַנטווערפּן, תל־אָביב, וואָס זיינען איצט די צוויי גרעסטע אויסלענדישע בריליאַנטן צענטערן".

ער דערציילט איר אַז ס'הענגען מעלדונגס צעטלען אויף אַ שוואַרצער ברעט פון די אַלע גערופענע, זיי זאָלן איבער נעמען די איבערגעלאָזטע טע־לעפאָן־נומערן און אויך אָנגעקומענע בריוו.

בערל, דערציילט חיימל, האָט אים מיט מנשהן נאָכן פאַרשטעלן זיי פאַר די גרויסע בריליאַנטן־סוחרים, וואָס האַנדלען מיט די רויע בריליאַנטן, זיי רעקאָמענדירט אַלס ערשט־קלאַסיקע בריליאַנטן־שלייפערס; ער גאַראַנטירט פאַר זייער ערלעכקייט און פיינער אויספירונג.

צום סוף באַמערקט חיימל — אַז „מיט דעם וואָס בערל איז געוואָרן דאָרטן אַ מיטגליד, וועלן זיי קריגן מער אַרבעט און וועלן אַרבעטן איבער־שטונדן און אויך זונטאָגס, און פאַרדינען אפשר מער ווי הונדערט מיט פופציק דאָלאַר אַ וואָך".

רעגינאַ הערט און ווערט אַלץ אומרואיקער. זי האָקט אים איבער זיינע רייד, אַז — „זי וויל נישט הערן פון די גאָלדענע גליקן פון האָרעווען טעג און נעכט אויך זונטיקער און זי, זאָל זיין תמיד אַליין מיט די פיר ווענט. ניין, ניט אויף דעם איז זי געקומען קיין אַמעריקע".

זי זאָגט מיט אַ האַרט קול: —

— איך וויל מיר זאָלן זיין צוזאַמען אין אַ געשעפט פאַר זיך אַליין, טאַקע אין דער יואוועלירן־גאַס, אין אַן אייגענעם געשטעל אין איינעם פון

די יואוועלירן און דימענטן עקסטשענדזשעס: מיר וועלן צוזאַמען אויפבויען אַ שיין, גרויס געשעפט; דו, מיט דיין פאַך־קענטעניש אַלס מבין און עקס־פּערט אויף בריליאַנטן, און איך מיטן בלוט פון אַ סוחר׳ס אַ טאַטער פונעם באַרימטן אַמאָל, פונעם האַנדלס־הויז „באַראַן ווייל־האוזען״ וועלן צוזאַמען זיכער, מיט גאָטס הילף מאַכן אַ סוקסעס פאַרוואָס האָט עס געקאָנט דער־גרייכן בערל פעלדמאַן, דער גראָבער בעל־עגלה, דער איגנאָראַנט, אָן שום עלעמענטאַרער בילדונג אַפילו״.

דאַ האָט חימל איבער די רייד, און זאָגט צו איר: — „בערל האָט זיך נישט פאַרדינט אַזעלכע רייד וועגן אים. בערל איז אַ בעסערער מענטש ווי אַנדערע געבילדעטע און דערצו איז ער דאָך אונדזער אמתער גוטער פריינד. מ׳טאָר, רעגינישי, נישט פאַרגעסן וואָס ער האָט געטאָן פאַר אונדז; דורך אים וועלן מיר קריגן מער קליענטן און וועלן מער פאַרדינען און אַזוי אַרום וועלן מיר קאָנען אָפּשפּאָרן אַ שיינע פּאָר דאָלער יעדע וואָך אין באַנק, דאַמאָלט וועלן מיר האָבן מיט וואָס אָנצוהויבן אַן אייגן־געשעפט״.

ביי די ווערטער זיינע האָט זי אַ צעקאָכטע, מיט אַ צעפלאַמט פּנים ווי פייער, אָבער מיט אָנגעשטרענגטער רואיקער איינגעהאַלטנקייט, צו אים אַ זאָג געטאָן; — „חימל, טייערער, איך, רעגינאַ, וויל נישט וואַרטן!״

ער האָט איר געוואָלט ווייטער דערציילן ווי בערל האָט זיי מכבד געווען צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פריינד זיינע, מיט אַ שיינעם מיטאָג אין דעם פיינסטן זויבערן, מילכיקן רעסטאָראַנט, דאָרטן אין דער דימענטן־בירזשע, אָבער זי האָט אים נישט געלאָזט פאַרענדיקן.

— „חימל, הער!״ האָט זי אַ זאָג געטאָן.

— „איך הער״ האָט ער געענטפערט, „וואָס?״

רעגינאַ האָט זיך צוגעשאַרט צו אים און אָנגעהויבן: — „חימל, איך קען מער נישט וואַרטן. גענוג, איך האָב אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי מיר זאָלן גלייך קענען אַרויס פון אונדזער לאַגע״. זי האָט געזאָגט — „בעסער איין פויגל אין האַנט, איידער אַ טוץ אין פליען״. „איך האָב אַ גוטן פּלאַן. געדענקסט ווי שוירלי האָט געזאָגט, אַז ווען זיי זאָלן באַקומען אַ סטראַשונעק־בריוו, וואָלטן זיי אַ מינוט נישט געוואַרט? שוירלי האָט געזאָגט: — „איך וועל זאָגן — נאַט אייך דאָס געלט און לאָזט אונדז צו רו, דאָס לעבן איז טייערער״. — בערל האָט שוין אַ סך געלט, טאָמער וועט אים פעלן צו דער סומע וועט ער קענען קריגן ביי די סוחרים און ביי מעקן״.

און רעגינאַ איז פאַר איר חימלען אַרויסגעקומען מיט איר גאַנצן פּלאַן.

זי האָט, מיט פיבערדיקע ליפּן, אים געקושט; זי האָט אים געגלעט די האָר, זי האָט איר גאַנצן פּרויען־רייץ אים אַריינגעאָטעמט אין פּנים; האָט זי דאָך מיט איר פרויען־רייץ געראַטעוועט איר לעבן אין די טעג פון די נאַציס; האָט זי דאָך, דורך איר פרויען־רייץ געהאַט אַזאַ שיצער ווי דעם אינדזשעניר, שרעדער! אויך איצט, ביי איר אייגענעם מאַן, האָט אויפסניי אויפגעשטראַלט די גבורה פון איר פרויען־רייץ!

— חיימל, חיימל, — האָט זי געשעפּטשעט, טו עס, ס׳וועט זיין גרינג און גוט!

חיימלס פּנים איז געוואָרן בלייך ווי ביי אַ מת. ער האָט געקוקט אויף איר מיט אַ געמיש פון פאַראַכטונג און מיטלייד; ער האָט נישט געקאָנט אַרויסריידן אַ וואָרט. ער האָט אונטערגעלענט זיין רעכטע האַנט ביים קאָפּ, געשאָקלט זיך ווי אַ לולב, אַהין און אַהער, אָן אַ וואָרט אַרויסצוריידן; געזעסן ווי אַ שטומער, ווי ער וואָלט וועלן דערשטיקן אין זיך דעם בריענדיקן צער פון איר געפאַלנקייט! ער האָט אָבער דאָך נישט געוואָלט זי באַליידיקן, האָט ער פאַרשטיקט די בייזע ווערטער וואָס זיינען ביי אים געלעגן אויף דער צונג.

זי האָט חיימלען אַרומגענומען, געזעצט זיך אויף זיינע קני, האָט אָנגעהויבן צו וויינען און געטוליעט זיך צו אים, געשעפּטשעט — „חיימל, טייערער, ראַטעווע מיך אַרויס פון דעם אָרימען העק דאָ! איך בין נישט געוואוינט צו דעם. איך בין זיכער אַז דער פּלאַן וועט אַרבעטן״. זי האָט גערעדט שנעלער: — „נאָכדעם ווי מיר וועלן זיך אַרויספאַרבעטן וועלן מיר אים שפּעטער דערציילן די גאַנצע מעשה אַז דאָס בין איך געווען דער קידנעפּער, וואָס האָט אים געדראָעט מיטן טויטן אים און מיר וועלן אים אַוועקלייגן די פינף טויזנט דאָלער מיט טיפן דאַנק און מיט אַ שיינער מתנה דערביי. מיר וועלן זיך דאַן אַלע גוט אויסלאַכן אין פריידן״...

חיימל האָט איר לייכט געגלעט די האָר, מיט האַלב פאַרמאַכטע עקזאַלטירטע אויגן; זי האָט אים באַפּוילן צו קושן מיט צאַרטקייט, ווי זיין געוואוינטקייט, די שפּיצן פון אירע לאַנגע רויטע וואָרצלען פון אירע ברוסטן. זי האָט זיך געטראַכט: — „לאָמיך זיין אַזוי ווי די סאַלאָמעאַ?״.

רעגינאַ, מיט אירע שאַרפע, צעפלאַמטע אויגן, ווי צעגליטע שפּיזן האָט מיט שטילע ווערטער, ווי זי וואָלט אים אַריינרוימען אַ סוד אינעם אויער אַריין, געזאָגט: — „איך ווייס וואָס ביי דיר אינעם קאָפּ און אינעם האַרץ דיינעם טוט זיך. דו ווילסט מיך זידלען, שימפן, דערמאָנען מיין פאַרגאַנגענהייט, אָבער דאָס איז דער פּלאַן וואָס איך שטעל דיך אויף פּראָבע;

פונקט ווי מען פּרובירט אויס גאָלד מיטן גיפּטיקן סעלפּערן עסיד, אַזוי פּרוביר איך איצט אויס דיין אמתע ליבשאַפט צו מיר מיט אַט דעם העסלעכן פּלאַן; אָבער איך זע גאָר נישט די שרעק און די פאַרדאָרבנקייט פון וואָס דו טראַכסט זיכער אַצינד. ערשטנס, וואָס איז דער אומגליק אַז בערל וועט האָבן מיט עטלעכע טויזנט דאָלאַר ווייניקער? ער האָט געגנוג און אויב ער וועט דאַרפן, וועט אים, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, זיין אָנקל געבן. אַזוי ווי ער האָט אים געגעבן ביז איצט, און דאָס שרעקן זיך אַז מען קאָן אַריינ־פאַלן, איז נישט דאָ פאַראַן, ווייל (האָט זי מיט אַ פּליסטערנדיקער שטימע זיך צו אים צוגעבויגן און אים באַרירט מיט אירע הייסע ליפּן) דו געדענקסט דאָך, בעת זיי זיינען געזעסן שבועות ביי דער טעלעוויזיע, ביי זיך אין הויז, האָט אויך בערל ווי שוירלי געזאָגט, אַז ווען ער דערהאַלט אַ דראָאונגס בריוו פון קידנעפּערס, אָדער פון אַנדערע, מאַכט ער נישט קיין לאַנגע שהיות און לייגט אַוועק דאָס געלט וואו מען הייסט אים".

כה.

# חיימל

אויף מאָרגן האָט חיימל געגעבן מנשהן אַן אויסרייד; — „איך דאַרף אַוועקגיין אויף עטלעכע שעה, עפּעס צו טאָן פאַר רעגינאַס וועגן". ער איז שוין געווען אַזוי באַרוישט און באַהערשט אויסצופירן איר פאַרלאַנג מיטן טיפן גלויבן אַז זי איז נישט אויסן צו טאָן קיין שלעכטס צו קיינעם, ווייל אין איר כאַראַקטער איז זי דאָך די גוטסקייט אַליין. זי וועט דאָך אַוועקגעבן דאָס העמד פון לייב צו העלפן יעדן מענטשן, אַזוי ווי עס זיינען געווען אירע אַריסטאָקראַטישע עלטערן פון דור דורות. אין זיין טיפער ליבשאַפט צו איר איז ער געגאַנגען ווי אַ בלינדער אָן אַ שטעקן, אָן טראַכטן פון דער מאָראַלישער געפאַלנקייט און פון די מעגלעכע געפאַרן פון אַריינ־פאַלן אין אַ גרוב און ברעכן האַלדז און נאַקן.

ער, דער פרומער, עטישער מענטש, דער איינציקער, לעבן־געבליבענער פון זיינע אָבותדיקע פרומע, לומדישע, חסידישע מענטשן, וואָס האָבן אַפילו אין זייערע מחשבות זיך אויסגעהיט צו טאָן שלעכטס אַקעגן גאָט און אַקעגן מענטש, — האָט איצט, אונטערן היפּנאָז פון זיין געליבטער רעגינאַ, זיך אַרומגעשלייכט אין דער צירונג־גאַס פון איין געביידע צו דער אַנדערע, אין שכנות פון בערלס געשעפט, אויסצוזוכן אַ פּאַסיק, זייטיק־פאַרבאָרגן

ווינקל, אָנצוווייזן בערלען אינעם צוגעגרייטן בריוו, וואו אַוועקצולייגן דאָס געפּאָדערטע געלט פון אים.

ער איז פאַר שעהן לאַנג געגאַנגען פון שטאָק צו שטאָק אין דער צוואַנציק־שטאָקיקער געביידע און ניט געפילט וועלכע עס איז מידקייט אין זיינע פיס, ביז ער האָט באַמערקט אַן אויסגעהאַקטן טיפן לאָך אויפן צוועלפטן שטאָק, וואו מען האָט אפשר געפּלאַנט צו אינסטאַלירן אַ נייעם עלעקטרישן סיסטעם אין דער דריטער געביידע, צו לינקס פון בערלס געשעפט. און באַשלאָסן אַז דאָס איז דער פּאַסיקער פּלאַץ, וואו צו הייסן בערלען אַריינשטופּן דאָס פּעקל געלט. ער איז צוריקגעקומען אין דער שלייפערײ, זיך אויסגעטאָן דעם העלן זומער־ראָק, אָנגעטאָן דאָס זיידענע קאַפּל זיך אַוועקגעזעצט לעבן מנשהן צו דער אַרבעט, ווי געוויינלעך.

מנשה האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. עס איז ביי מנשהן געווען דאָס ערשטע מאָל צו פילן צו חיימלען פאַראַכט און מורא. מנשהן איז שוין פריער נישט געפעלן געווען חיימלס פּלוצימדיק אַוועקגיין, און איצט זיין פאַרחושכט אויסזען. עפּעס איז נישט גלאַטיק!

זיי האָבן היינט נישט געברומט צוזאַמען דעם מונקאַטשער חסידישן ניגון ביי דער אַרבעט, ווי ס׳איז זייער געוואוינהייט; זיי האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך אַ חוץ די רייד וואָס איז נוגע זייערע בשותּפותדיקער אַרבעט, אַזוי אויך ביים אַהיימפאָרן.

ביים שיידן זיך האָט אים מנשה געפרעגט צי ער קומט מיט רעגינען אַרויף צו אים, נאָכן עסן. חיימל האָט געקוועטשט מיט די אַקסלען, אַז ער ווייסט נישט צי רעגינאַ וועט האָבן חשק דערצו.

זיי האָבן זיך געזאָגט „אַ גוטע נאַכט״. ביי מנשהן האָט זיך געשטאַרקט נאָך מער דער פאַרדאַכט, אַז עפּעס באַהאַלט מען פון אים.

ביי חיימלס אַריינקומען אין הויז, האָט רעגינאַ אים געוויזן דעם פאַר־טיקן בריוו, געשריבן מיט איר לינקער האַנט, מיט גרויס פאַרזיכט מען זאָל נישט דערקענען איר האַנטשריפט. זי לייענט אים איבער דעם בריוו ביז צום זאַץ, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט צוצושרייבן דעם פּלאַץ וואָס ער וועט עס איר איבערגעבן מיט גענויער פּינקטלעכקייט. זי וואַרט נישט ביזן נאָכן עסן, נאָר זי שרייבט עס גלייך צו.

זי האָט דעם בריוו אַריינגעלייגט אינעם צוגעגרייטן פּאַרטיקן קאָנווערט און באַשלאָסן, אַז גלייך נאָכן עסן וועלן זיי אַרונטערפאָרן צום איטאַליענישן קוואַרטאַל אויף „קריסטיע״ סטריט, אויף דער איסט־סייד, ווייל, דערקלערט

זי אים: — „איך האָב דעם בריוו אונטערגעשריבן מיט גרויסע משונהדיקע בוכשטאַבן: — „איינער פון דער שוואַרצער מאַפיאַ".

זיי האָבן אָפּגעגעסן שנעלער ווי אַלע מאָל, זיינען אַרונטערגעפאָרן מיט דער סאָבוויי ביז דער אַכטער גאַס, פון דאָרטן זיינען זיי מיט שנעלע טריט צוגעגאַנגען ביז צו אַ בריוו־קעסטל אויף קריסטיע גאַס, וואָס איז געווען באַהאָנגען אין דער הויך מיט פאַרשיידענע איטאַליענישע יום־טוב פאָנען. ס'האָט דאָרטן געווימלט מיט יונגוואַרג, אַרום די קענדי־סטאָרס. טייל האָבן אין מיטן גאַס געשפּילט אין האַנט־באָל און די געשרייען האָבן זיך אויס־געמישט מיטן טרובן פון די דורכפאָרנדיקע אויטאָמאָבילן; בלעכענע קאַנען מיט אָפּפאַל זיינען געשטאַנען אַרום די ווענט פון די אַלטע ציגלענע הייזער; עטלעכע וואַגאַבונדישע קעץ, האָבן פאַרהויקערטע אויף איר געקוקט מיט בלישטשענדיקע אויגן, ווי גרינע פייערלעך, פון הינטער די קאַנען. רע־גינאַ האָט אַרויסגענומען דעם בריוו פון איר האַנט־בייטל אים אַריינגע־וואָרפן אינעם בריוו־קעסטל, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ צעמענטענעם סלופּ.

ביידע זיינען צוריקגעפאָרן ווי באַפרייטע פון אַ שווערן עול, האָבן גע־פילט אַ שטאַרקע געשפּאַנטקייט פון דערוואַרטונג פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

ביידע האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דער פראַגע, ווען בערל טאַקע גלייך אַוועקלייגן דאָס פּעקל געלט ביים איבערלייענען מאָרגן דעם בריוו, ווי ער האָט דאָס געזאָגט שבועות ביי זיך אין הויז?

זיי זיינען צוריקגעפאָרן אַהיים ווי שטומע, אָן אַ וואָרט צווישן זיך, אַזוי אויך ביים צוריקקומען, האָבן זיי ביים פאַרבייגייען מנשהס הויז אַרויפ־געקוקט און געזען אַז עס איז נאָך ליכטיק. ס'איז זיי אָבער נישט געלעגן אין זייערע פאַרטונקלטע געמיטער אַרויפצוגיין צו זיי; ביידע אין טיפער זעלבסטפאַראַכטונג, זיינען אַריין צו זיך אין הויז, זיך אויסגעטאָן און גע־גאַנגען שלאָפן, ביידע האָבן נישט געקאָנט איינשלאָפן, האָבן זיך געדרייט אויף אַלע זייטן די גאַנצע נאַכט.

חיימל איז אויפגעשטאַנען אַ מידער, אַ נישט דערשלאָפענער, האָט געהאַלטן אין איין גענעצן. דער טאָג האָט זיך געשטעלט גלייך אינעם פרי־מאָרגן מיט אַ הייסער שטיקנדיקייט. ווען חיימל איז פאַרביי געגאַנגען בערלס געשעפט האָט ער אָפּגעקערט זיינע אויגן ווי אַ פאַרשעמטער, נישט אַריינ־צוקוקן דאָרטן. ווען ער האָט באַגעגנט מנשהן — דאָס ערשטע מאָל וואָס זיי זיינען אָנגעקומען אין דער שליפעריי באַזונדער — האָט ער אים נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן, ווייל ער האָט געפילט אַז טראָגט די אַלע באַרעכטיקונגען מיט וועלכע רעגינאַ האָט אים באַרואיקט, איז ער פול מיט

בושה, ער האָט געזען זיין אויסגליטשן זיך פונעם דרך־הישר, און זיך גע־פילט קליין און דערנידעריקט אַקעגן זיין ליבן ריינעם חבר מנשהן.

רעגינאַ איז נישט אַרויס פון הויז דעם גאַנצן טאָג. זי האָט נישט פאַר־בעט די בעטן אַפילו. ווען דבורהלע איז אַרונטערגעגאַנגען מיטן קינד, האָט זי געלאָזט דאָס קינד אינעם וועגעלע אַ שלאָפנדיקס, באַדעקט מיט אַ בלויען טול ביי אַ שכנה וואָס וואוינט אונטן, אויפן פּאַרטער, זי זאָל אַכטונג געבן אויפן קינד, ביז זי, דבורהלע וועט אַרונטערקומען פון רעגינאַ׳ס דירה.

זי איז אַריין אין רעגינאַס הויז, אָבער זי האָט זי נישט דערקענט; אַזוי בלאַס פאַרזאָרגט און נידערגעשלאָגן איז רעגינאַ געווען. דבורהלע, אַ דערשראָקענע, האָט זיך געפרעגט צי זאָל זי ניט רופן אַ דאָקטאָר?... רע־גינאַ האָט זי באַרואיקט מיט פאַרשיידענע אויסגעטראַכטע תירוצים.

ווען בערל האָט ביי זיין קליינעם שרייב־טיש אַדורכגעקוקט די טעג־לעכע מאָרגנדיקע בריוו, האָט ער ווי שטענדיק, פריער באַקוקט דורכן ליכט פונעם נעאָן־לאָמפּ די קאָנווערטן מיט די אָנגעקומענע געלט־טשעקס; זיי געעפנט, געלייגט אַ טשעק אויף אַ טשעק, דערנאָך געעפנט די קאָרעס־פּאָנדענץ פון בריוו מיט רעכענונגען און באַשטעלונגען.ביים עפענען דעם דראָאונגס־בריוו, איז ער מאָמענטאַל אַביסל איבערגעשראָקן געוואָרן, האָט אים נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל איבערגעלייענט, אים אַריינגעלייגט אין קע־שענע מיט אַ שמייכל, און ביי זיך געטראַכט, אַז דאָס האָט אים עמיצער אויף קאַטאָוועס, צוגעשיקט ווי אַ שפּיצל, אים אָפּצושרעקן אַביסל, אָבער ס׳איז פאַר אים געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז דאָס איז נישט דער שוואַר־צער מאַפיאַ־גענג. ער, מיט זיין פּראָסט געשייטן געשעפט־חוש, האָט עס גלייך דערשמעקט, און ביי זיך אָפּגעמאַכט אַז ער וועט דאָס בריוו אַפילו נישט ווייזן זיין שוירלי, איר נישט איבערצושרעקן.

חיימל האָט פאַרנאַכט זיך אַרויסגעשאַרט פון דער שליפּעריי, זיך גע־זעגנט מיט מנשהן מיט אַן אויסגעטראַכטן תירוץ אַז: — „איך מוז צוגיין צו אַ דאָקטאָר פאַר רעגינאַן, זי פילט זיך נישט מיט אַלעמען״. מנשה האָט געוואָלט מיטגיין מיט אים, איז געווען אַביסל באַזאָרגט, אָבער חיימל איז שנעל אַרויס. ער איז אַריבערגעלאָפן אין דער געביידע אויף די שטיגן אויפן צוועלפטן שטאָק, געקוקט אין אַלע זייטן ווי אַ גנב, צו מ׳זעט אים נישט; איז ער צו צום אויסגעהאַקטן לאָך און גאָרנישט געפונען. ער איז אַזוי, עטלעכע מאָל, אַ צערודערטער געלאָפן אַרויף און אַראָפּ, געהאַלטן אין איין אומקוקן זיך אויף אַלע זייטן מ׳זאָל אים נישט באַמערקן, ביז ס׳איז שוין

געוואָרן אַכט אַזייגער, ווען מען פאַרשליסט די געביידע. דאַן איז ער אַ שטאַרק פאַרזאָרגטער און אַ דערשלאָגענער אַהיימגעפאָרן.

ער איז אַהיימגעקומען מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. רעגינאַ האָט גלייך אין אים דערקענט, אַז ער האָט נאָך נישט דאָס געגאַרטע פּעקל מיטן געלט. זיי זיינען געזעסן ביים עסן ווי אבלים נאָך אַ לוויה, האָבן נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען קיין ביסן. שפּעטער איז מנשה אַרויפגעקומען צו זיי אַ שטאַרק באַזאָרגטער. ביים דערזען זיי, איז ער נאָך מער דערשראָקן געוואָרן, האָט געוואָלט דערגיין צי דער דאָקטאָר איז שוין געווען און וואָס ער האָט גע־זאָגט. פון זייער שטאַמלען מיט רייד אים צו פאַריידן די ציין, איז ער אַוועקגעגאַנגען מיט דער זיכערקייט, אַז עפּעס באַהאַלט מען פון אים.

נאָך זיין אַוועקגיין, איז ביי זיי געבליבן, אַז זיי וועלן צוואַרטן נאָך עטלעכע טעג. אפשר, האָט רעגינאַ געזאָגט, האָט ער נישט געהאַט אַזוי פיל באַרעס געלט און דאַרף דאָס ערשטע אַרויסנעמען פונעם באַנק, אָדער צו־באָרגן אַ ביסל. אויב אין עטלעכע טעג אַרום וועט נישט זיין דאָס געלט אין דעם אָנגעגעבענעם פּלאַץ, וועלן זיי שרייבן אַ שטאַרקערן בריוו, ס׳זאָל אים געבן אַ נעם ס׳זאָל אים פליען פונקען פאַר די אויגן.

ס׳זיינען אַוועק עטלעכע טעג, חיימל האָט געהאַלטן אין איין לויפן אַרויף און אַראָפּ. אָבער דאָס פּעקל געלט האָט ער נישט געפונען.

רעגינאַ האָט אָנגעשריבן אַ בריוו מיט גרויסע, משונהדיקע אותיות, קורץ און שאַרף: — „אויב דו לייגסט נישט אַוועק דאָס געלט אין פאַרלויף פון פיר און צוואַנציק שעה, וועט מען געפינען דיין טויטן קערפּער צעלעכערט פון קוילן ווי אַ זיפּ, אין אַ פאַרלאָזטן פּלאַץ ערגעץ אין לאָנג־איילאַנד. פון דער שוואַרצער מאַפיאַ, האָט זיך נאָך קיינער נישט אַרויסגעדרייט״.

ווען בערל האָט דערהאַלטן דעם צווייטן בריוו, האָט ער באַשלאָסן זיך צו באַראַטן מיטן אָנקל מעק. ער איז צוגעגאַנגען אין באַנק און אים געוויזןביידע בריוו.

אָנקל מעק האָט זיי געלייענט מיט אַ געמיש פון צווייפל און שרעק; ער האָט בערלען גלייך געהייסן צוגיין צום נאָענטן פּאָליציי צירקל, דאָס איבערגעבן צו דער דעטעקטיוו־ביוראָ.

ווען דער הויפּט פון דער דעטעקטיוו־ביוראָ האָט די בריוו איבער־געלייענט, האָט ער בערלען געפרעגט צי ער האָט דאָס געלט אַוועק צו לייגן, ווי אָנגעוויזן? ווען ער האָט געענטפערט אַז ער האָט נישט, האָבן זיי גע־הייסן אים גיין אין זיין געשעפט און זיי וועלן שוין אַלץ אַליין באַזאָרגן. די דעטעקטיווס האָבן גלייך פאַרנומען אַליידיקן צימער אין דער געשעפטס־

געביידע אויפן זעלבן שטאָק, זיי האָבן אַריינגעצויגן עלעקטרישע דראָטן פון דעם צימער צום אויסגעהאַקטן לאָך, אַוועקגעלייגט אַ פּעקל געלט, איינגע־וויקלט אין צייטונגס־פּאַפּירן, אַזוי אַז ווען ביים רירן דאָס פּעקל, וועט זיך אָנצינדן אַ רויט לעמפּל אינעם צימער פון די דעטעקטיווס, וואָס וועלן דאָרטן זיצן און האַלטן אַ וואַך אויג. דאָס איז פון זיי שנעל געמאַכט געוואָרן. און ווען חיימל איז פאַרנאַכט צוגעקומען צום אָרט און אַ נעם געטאָן, מיט האַרץ־קלאַפּונג, דאָס פּעקל, זיינען אַרויס געשפּרונגען דריי דעטעקטיווס מיט געלאָדענע רעוואָלווערן אין זייערע הענט, אים באַפוילן צו בלייבן שטיין באַוועגלאָז, דערנאָך געהייסן אים זיך אויסצודרייען מיטן פּנים צו דער וואַנט, און זיי האָבן אים באַטאַפּט פון קאָפּ ביז די פיס. דאָס פּעקל געלט איז אים פון דער האַנט אַרויסגעפאַלן. ער איז געוואָרן שוואַרץ ווי די ערד. זיי האָבן אים באַפוילן דאָס פּעקל אויפצוהייבן, עס אַריינגעלייגן אין זיין בוזעם־קעשענע און נאָך דעם האָבן זיי אים אָנגעטאָן אַ קייטעלע אויף זיין רעכטער האַנט. די דעטעקטיווס האָבן אין אים גלייך דערקאָנט אַז ער איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער, געניטער פאַרברעכער. ביים פירן אים אינעם פּאָליציי צירקל, האָבן זיי זיך איבערגעוואונקען איבער אים, געשמייכלט פון דעם מאָדנעם יאָלדישן פאַרברעכער מיטן איידעלן פּנים און מיט זיין זויבער בערדל. — „וואו האָסטו זיך דאָס אויסגעלערנט די קונץ? האָט אַ דעטעקטיוו אים געפרעגט. חיימל האָט ציטערדיק געשוויגן...

ביים פאַרהער אינעם צירקל, האָט ער זיי דערציילט די גאַנצע מעשה, אַז ער האָט דאָס געמיינט נאָר צו נעמען ווי אַגמילות־חסד ביי זיין גוטן פריינט, בערל פעלדמאַן, און שפּעטער דאָס אים צוריקצאָלן מיט אַ דאַנק. ביים פאַרשרייבן, אינעם פּאָליציי פּראָטאָקאָל, זיין נאָמען, געבורטס־דאַטום, באַשעפטונג, ווען געקומען אין אַמעריקע, האָט דער סאַרזשענט גרינבערג, אַ שמייכלדיקער, אים געפרעגט סאַרקאַסטיש צי דאָס איז אַ מונקאַטשער דרך פון נעמען אַ גמילת־חסד אויף אַזאַ אופן? אויף דער פראַגע ווער עס האָט אים געראָטן דאָס צו טאָן און ווער ס'איז פאַרמישט אַלס מיטהעלפער, האָט ער געענטפערט, אַז נאָר ער אַליין האָט דאָס פּלאַנירט און דורכגע־פירט; ער האָט גענומען אויף זיך די גאַנצע שולד. דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט ביים פאַרהער פונעם דיסטריקט אַטוירני אין דער קרימינאַל־געביידע אויף סענטער סטריט, וואו מען האָט אים אויף צומאָרגנס נאָכן דערשיינען פאַרן ריכטער, אַריבערגעפירט. דער דיסטריקט אַטוירני קוקנדיק אויף אים, מיטן קאַפּל אויפן קאָפּ, און אויף די פאַררוקטע הינטערן אויער פּאותן, האָט אים געפרעגט: — „איז דיין רעליגיעז־פרומער הולך אַזאַ

„סקים" צו דיינע פא̇רברעכערישע א̇רבעטן? צו פא̇רדעקן דיין קרימינעלן רעקא̇רד, ביים א̇ריינקומען אין לא̇נד א̇ריין? און אין וועלכע פריזא̇נס ביסטו שוין געזעסן, און אויף וואָסערע טערמינען?

חימל האָט אויף די פרא̇גן נישט געענטפערט. ער האָט א̇פּירגענומען זיינע פּאותן פון הינטער זיינע אויערן, ביים קוקן דעם אויספרעגער גלייך אין די אויגן; האָט זיך נערוועז געגלעט זיין בערדל און זיך אונטערגע־שאָקלט א̇ביסל, ווי ער וואָלט בעטן ביי גאָט מחילה פא̇ר זיינע נא̇רישע זינד; גאָט זאָל אים פא̇רגעבן אין זיין איצטיקער נויט און פא̇רשעמונג.

דער פּראָקוראָר האָט אים געפרעגט מיט רוגזה, — „צי ווייסטו פון דער גרויסער, הארבער שטראָף וואָס עס דערוואַרט דיך פא̇ר א̇זא̇ פא̇רברעכן? א̇ חוץ דעם וועט מען דיך, נאָכן א̇פּזיצן א̇ פּופצן יאָר אין פּריזן, א̇רויסשיקן פון לא̇נד, צי ווייסטו פון דעם?" חימל האָט, א̇ בלאַסער א̇בער א̇ רואיקער, איבערגעחזרט דאָס וואָס ער האָט שוין פון פריער געזאָגט און מער קיין וואָרט נישט געענטפערט.

דער פּראָקוראָר, זעענדיק זיין שטאָלצע הא̇לטונג און ווי ער זיצט א̇ן שרעק, האָט אים ווידער געפרעגט איראָניש: — „צי ווייסטו, א̇ז פא̇ר א̇זא̇ סאָרט „גמילות חסד", וועל איך דיך פא̇רשיקן אויף פופצן יאָר אין סינג־סינג?"

חימל האָט אים געענטפערט, א̇ז א̇לץ איז ביים רבונו של עולם אין די הענט, און ער איז גרייט צו ליידן פא̇ר זיינע זינד.

דער פּראָקוראָר האָט א̇ליין געשמייכלט פו דעם שלימזלדיקן, נאַאיוון פא̇רברעכער וואָס זיצט א̇קעגן אים. ער האָט אים אויסגעפרעגט וועגן זיין לעבנס געשיכטע. די סטענאָגראַפּיסטן האָט א̇לץ אויפגענומען. ביידע, — פּראָקוראָר און סטענאָגראַפּיסטן — האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט זייערע בליקן אויף דער זעלטענער קוריאָזיטעט. דער פּראָקוראָר פרעגט אים אויב זיין ווייב ווייסט פון דעם? „האָט זי מיט דיר אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן?" חימל זאָגט נישט — יאָ, אָדער — ניין, נאָר הא̇לט אין איין זאָגן, „איך בין דער שולדיקער!" דער פּראָקוראָר הייסט רופן בערל פעלדמאַן צו קומען מאָרגן צען א̇זייגער אינדערפרי אין דעם סענטער סטריט געריכט.

נאָכן א̇וועקפירן חימלען אין דער תפיסה, לעבן דעם געריכט־הויז זיינען צוויי דעטעקטיוו, שפּעט ביינאַכט געקומען אין חימלס הויז צו זוכן די רעוואָלווערן מיט וועלכע ער האָט געדראָט בערלען, אינעם צווייטן בריוו — „אים דורכצולעכערן ווי א̇ זיפּ".

ביים א̇נקלאַפּן אין טיר, האָט זי רעגינא̇ א̇ריינגעלאָזט. זיי האָבן איר

געוויזן זייערע ווייס־ניקלענע „בעדזשעס־צייכן" מיט אַ פּאַפּיר פונעם גע־ריכט, פאַר אַ הויז זוכונג. זי האָט, מיט שטאָלצער דרייסטקייט, זיי געפרעגט וואו איר מאַן געפינט זיך. כאָטש זי האָט שוין פון פריער פאַרשטאַנען וואָס עס איז מיט אים געשען, ווען ער איז נישט אַהיימגעקומען אין צייט ווי יעדע נאַכט. זי איז געשטאַנען ביים סאָבוויי שעהן־לאַנג און איר קאָפּ האָט זיך געדרייט ווי אַ ווינט־מיל. מיט אונטערגעהאַקטע פיס האָט זי זיך קוים דערשלעפּט אַהיים, וואו עס זיינען איר דורכגעגאַנגען די שווידערלעכסטע פאַרשטעלונגען; נישט נאָר וואָס עס האָט געקאָנט געשען מיט אים אַצינד, נאָר אַלע שווערע איבערלעבונגען זייערע פון די נאַצישע פיינט; די יאָרן פון שאַנד און פאַרשעמונג זיינען נאָכאַמאָל דורכגעגאַנגען דורך איר גאַנצן וועזן, ווי זי וואָלט זיי ווידער איבערגעלעבט בפועל ממש. דערפאַר, ווען די דעטעקטיוון זיינען אַריינגעקומען, איז עס שוין געווען פאַר איר ווי אַ טראָפּן אינעם ים אין איר יסורימדיק צעווייטיקט האַרץ.

אויף איר פראַגע, — „וואו איז ער?", האָבן די דעטעקטיווס, מיט קורצע, אָפּגעהאַקטע ווערטער איר געענטפערט: — „ווייסט אים, פּילייכט קאָנען זען מאָרגן, נאָכן פאַרהער אינעם געריכט־הויז, אויב דער דיסטריקט־אַטוירני וועט עס דיר דערלויבן".

די דעטעקטיווס האָבן געפונען אַ מונקאַטשער שטריימל, וואָס זיי האָבן, לאַכנדיק, דאָס אָנגעמאָסטן איינער אויפן אַנדערנס קאָפּ. אַפילו רעגינאַ האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון שמייכלען ביים קוקן אויף זיי, מיטן שטריימל אויף זייערע אירישע קעפּ. זיי האָבן אויסגעזען אין דעם, ווי פורימדיקע פאַרשטעלטע רוסישע קאָזאַקן

זיי האָבן איר קיין צופיל פראַגן נישט געשטעלט, האָבן זיך צו איר באַ־צויגן ווי דזשענטלמען צו אַ דאַמע; האָבן זיך אַנטשולדיקט פאַרן באַלעסטיקן זי אַזוי שפּעט ביי נאַכט און געזאָגט: — „אַ גוטע נאַכט, מאַדאַם".

זי האָט שוין קלאָר פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען. די גאַנצע נאַכט האָט זי זיך געפייניקט מיט די העסליכסטע פאָרוואורפן צו זיך: — „צי וואָס האָב איך אים דערפירט, מיין גוטן, איידעלן, אָרענטלעכן חיימלען?"!

כו

# מנשה

מנשה האָט יענע נאַכט אויך נישט געשלאָפן צוליב זיין אינסטינקטי־ווער באַהעפטונג צו חיימלען פאַר אַזוי פיל יאָר; פון דער אַמאָליקער וואַלד־מלוכה, פונעם גרוב אינעם וואַלד, ביז היינט. דערצו האָט אים ווי געטאָן זיין חיימלס נערוועזע אומרואיקייט די לעצטע טעג, באַזונדערס, זיין נעכטיקן אַוועקגיין פריער ווי אַלע מאָל — אַ צעטראָגענער אָן אַ וואָרט צוריידן מיט אים. איז ער אַרויס פון בעט ווען עס האָט ערשט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָט זיך שטיל אָנגעטאָן, געענטפערט עפּעס זיין דבורהלען, וואָס האָט זיך אויפגעזעצט אינעם בעט, אַ האַלב־פאַרשלאָפענע, ווען ער איז שוין גע־שטאַנען ביים טיר אַרויסצוגיין; — „וואָס איז?״ — „גאָר נישט״ ער האָט איר געהייסן זיך צוריקלייגן שלאָפן, געזאָגט איר אַ תירוץ, זי נישט איבער־צושרעקן: — „כ׳מוז היינט זיין פריער ביי דער אַרבעט״.

ער איז אַרונטער אויפן טראָטואַר, האָט אַרויפגעקוקט צו זיין חיימלס וואוינונג, באַמערקט אַז ס׳לייכט זיך אויבן ווי ס׳וואָלט ערשט זיין אין די פריע־שעהן; איז ער, מיט האַרץ־קלאַפּונג, שנעל אַרויפגעלאָפן די שטיגן, האָט אַ לייכטן קלאַפּ געטאָן אין דער טיר, געהערט רעגינאַס דינע שטימע:— „ווער איז?״ — „איך, מנשה בין דאָס״! ביים אַריינלאָזן אים, האָט זי צו־ריק פאַרשלאָסן די טיר. האָבן זיך ביידע געזעצט ביים טיש אין דער קיך אויף קעגנאיבערדיקע בענקלעך. רעגינאַ האָט פאַרלייגט איר רעכטע האַנט ביי איר פאַרקיילעכדיקער גאָמבע, מיטן אָנגעלענטן עלענבויגן אויפן טיש. ער האָט געהאַלטן ביידע הענט צוזאַמענגעפּרעסט אויפן שויס און געדרייט מיט די פינגער אין אַ שנעלן געדריי, און אויך געשאָקלט מיט זיי ווי וואַלדיקע, יונגע צווייגן אין אַ שטורם־ווינט. זיי האָבן געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן אָן ווערטער, ווי שטומע. מנשה האָט געקוקט אויף די בעטן אין שלאָף־צימער, וואָס זיינען פאַרדעקט מיט די פלושענע צודעקן. ביידענס הערצער פול מיט פּיין, ביידע שעמעוודיקע: ער — פון צו פרעגן, וואו איז חיימל? זי — פון אָנצוהייבן דערציילן צו וועלכער שאַנדע זי האָט אים און זיך גע־בראַכט.

זיינען זיי אַזוי ביידע געזעסן ביז די זון האָט אַריינגעשיינט מיט העלער ליכטיקייט אין זייערע פאַרפינצטערטע געמיטער.

זי האָט שוין לענגער נישט געקאָנט איינהאַלטן איר פאַרביסענעם

שטאָלץ; האָט מיטביידע הענט זיך פאַרשטעלט די אויגן און אויסגעבראָכן אין ספּאַזמעטיקן געוויין. שנירלעך טרערן האָבן זיך געגאָסן און גערונען איבער אירע הענט ביז צו די פאַלדן פון אירע עלענבויגנס; אַזוי העשענדיק, האָט זי מנשהן אַלץ דערציילט.

מנשהס אויגן זיינען פייכט געוואָרן. ער האָט זיך געשטאַרקט מיט אַלע זיינע כוחות צו דערשטיקן זיינע טרערן. האָט טיף אָפּגעזיפצט און כאָטש זיין האַרץ איז אין אים ווי צעריסן געוואָרן אויף שטיקער — האָט ער זיך געשטאַרקט און זי, רעגינען געטרייסט, אַז, מיט גאָטס הילף, וועט זיך אַלץ ענדיקן בכי־טוב. — „איך וועל גלייך אַריינגיין צו בערלען און כ׳בין זיכער אַז בערל וועט נישט איינרוען ביז חיימל וועט באַפרייט ווערן. בערל וועט אים מוחל זיין".

מנשה האָט ביי איר געבעטן זיך צו באַרואיקן, זי זאָל זיך צולייגן אויף עטלעכע שעה. זי האָט אים ניט געקענט קוקן אין די אויגן אַריין און האָט, נאָכן אויסוויינען זיך, נישט אַוועקגענומען די הענט פונעם פּנים. האָט ער זיך געזעגנט מיט איר, מיט אַ גוטן טאָג, און איז אַרויס פון הויז.

מנשה האָט געקוקט אויף דער אויפגייענדיקער זון פון מזרח און האָט זיך דערמאָנט אָן נתניה. ער איז אַרויף מיט די טרעפּ פונעם סאָבוויי מיט אַ געפילן געמיט פון אַן אָבל, וועלכער גייט צוריק פון אַ לוויה פון אַן איין־און־איינציק קינד; דאָס האַרץ זיינס צעבראָכן ווי אַ שאַרבן. חיימל! חיימל! איז אים באַפאַלן אַ טיף־נאָגענדיקע בענקשאַפט נאָך יענע ריינע, קינדער ־יאָרן זייערע. שפּעטער, אַפילו אינעם גרוב, ווען זיי האָבן נישט געזען די שיין פאַר די אויגן, איז אים געווען ליכטיקער ווי אַציַנד. אַוודאי מוז ער גלייך צוגיין צו בערלען, כאָטש ער באַגראָבט זיך פאַר בושה; ווי אַזוי וועט ער אים קאָנען קוקן גלייך אין די אויגן? און בכלל איז פאַר אים געוואָרן די גאַנצע יוּאוועלירן־גאַס ערגער ווי דער תהום פונעם גהינום.

ער האָט אויפן גאַנצן וועג, פאַרנדיק אין סאָבוויי, זיך דערמאָנט ווי אין דער ערשטער צייט פון זיין קומען אַהער, האָט ער זיך געפרייט, ווי עס פרייט זיך אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד, דערזעענדיק זיין טאַטע־מאַמע — ווען ער האָט געזען אויף דער דאָזיקער גאַס, זיינע היימישע יידן מיט די בערד און פּאות, מיט די לאַנגע אָפענע בעקעשעס מיט די אַרונטערהענגענדיקע ציצית פון די לאַנגע טלית־קטנס וואָס מסחרן אויף דער גאָס מיט נאָך אַ שטאַרקערן ברען ווי אין מונקאַטש אויף די ירידים; באַזונדערס האָט אים זייער הנאה געטאָן צו זען אַ סך מאָל רביים מיט די לאַנגע בערד און שטריימלעך אָנקומען אין דער יוּאוועלירן־גאָס אין טעקסיס, מיט זייערע

גבאים צו באַזוכן זייערע רייכע חסידים וועגן שטיצע פאַר ישיבות און פאַר זייערע קלויזן. ס'האָט אַ שיין געטאָן מיט היימישקייט, מיט וואַרעמקייט.

די סאָבוויי יאָגט, ביי מנשהן בייטן זיך די נאָענטע דערמאָנונגען. די היימישקייט, טראַכט זיך אים, איז טאָקע בלויז „אַ שיין", נישט מער! אָבער אַלץ אַרום איז שטאָטיש, געלטגייציק; אין מיטן פון דעם סוק־סעספולן הוראַ, רייסט זיך מיטאַמאָל דורך אַ וואַלד־געשריי פון אומגליק, פון פאַרצווייפלונג. אָט האָט דאָ ניט לאַנג צוריק אַן אַלטער, זייער רייכער בחור, אַ בעטשלאָר, האָט זיך, אין אַ שיינעם, העלן טאָג, אַראָפּגעוואָרפן צום טויט, פון דעם ניינטן שטאָק, פון זיין גרויסן יוּוועליר־געשעפט.

אין די ערשטע עטלעכע מינוט, ביז דער אַמבולאַנס מיט דער פּאָליציי, האָט אים אַוועקגענומען, איז געוואָרן אַן אויפרודערונג אין גאַס; אויך ביי זיי אין דער שלייפעריי, האָט מען אַ ווילע אויפגעהערט צו אַרבעטן, אַ טייל שלייפערס זיינען אַרונטערגעלאָפן; טייל האָבן אַרונטערגעקוקט פון די פענצטער; די הענדלער אויפן טראָטואַר פאַר די גרויסע דימענטן און יוּוועליר־געשעפטן, האָבן אַריינגערוקט זייערע פאַרגרעסערונגס־גלעזלעך אין די קעשענעס און פשוט, מענטשלעך, מיט די אייגענע אויגן, געקוקט אויפן אומקום פון אַ מענטשן. אַזוי שנעל אָבער ווי דער אַמבולאַנס איז אַוועק מיטן רעשדיקן טרובן זיינעם, האָבן אַלע ווידער אַרויסגענומען זייערע קוק־גלעז־לעך, גענומען קוקן מיט פאַרקאָכטקייט אין די ווייסע פּאַפּירלעך מיט די ברילּיאַנטן ווי גאָר נישט וואָלט געשען...

יאָ, און אויך ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען אין אַ פרי־מאָרגן געפונען אַ רואינירטן סוחר פון זייגערס און צירונג, אַן אויפגעהאָנ־גענעם אין זיין ביוראָ, דאָס האָט נאָך וויניקער אויפגערודערט די מענטשן אַרום, וויניקער ווי מען וואָלט איבערגעפאָרן אַ הונט אין גאַס, און איצט, אַ ניי אומגליק! זיין חיימל איז אויך אַראָפּגעפאַלן זייער נידעריק... דאָס איז דאָך אויך איינע פון די ביטערע סימנים פון דער יוּוועלירן־גאַס.

אַזוי טראַכט מנשה מיט טיפן ווייטיק איבערן שווערן אומגליק, און ער פילט וואו עס טריפט בלוט פון זיין האַרץ. ער שוידערט אויף ביים אַרויס־גיין פון סאָבוויי אין גאַס אַריין. ער פילט ווי אויסשרייען מיט געהויבענע הענט צום הימל: — „געוואַלט, טאַטעניו, וואָס איז געוואָרן פון די אַלע מענטשן דאָ? דאָ, אינעם גיהנומדיק שדימדיק יאָגן זיך נאָך געלט?"

מנשה טראַכט ווייטער: — „אָט די זעלביקע רעגינאַ וואָלט דאָך צו דעם נישט געקומען, ווען מיר בלייבן אין נתניה. מנשה איז זיכער אַז אַפילו בערל, דער פראָסטער, היימישער בעל־עגלה, ווען ער וועט הערן די גאַנצע גע־

שיכטע וועט ער דאָך פאַרציטערט ווערן און וועט נישט טראַכטן אויף קיין איין מינוט, אַז חיימל מיט רעגינאַן זיינען פאַרברעכער, ער ווייסט דאָך, אַזוי ווי איך, ווער זיי זיינען; אַז די גאַנצע מעשה איז דאָך אַ שרעקלעכע רעטעניש נישט משיג צו זיין.

ער גייט נישט אַרויף צו דער אַרבעט זיינער. ער שטייט ביי דער טיר פונעם גרויסן צירונג און דימענטן־עקסטשעינדזש, פאַרזונקען אין טיפן נאָכ־טראַכטן; ער וואַרט ביז בערל וועט אָנקומען. אין זיין מוח און אין זיין פאַרביטערט האַרץ, גייט ווידער אַדורך דאָס גאַנצע יונגע לעבן זייערס ווי אין אַ קאַלײַדיסקאָפּ.

בערל איז אָנגעקומען, איז געגאַנגען מיט שלאַבריקע טריט, — שוואַרץ ווי די ערד.

מנשה האָט דערקענט אין אים, אַז ער ווייסט שוין פון דעם אומגליק זייערן. בערל דערזעט אים און זאָגט, אַז גלייך נעכטן ביינאַכט האָט אים דער הויפּט פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אָפּגערופן און געמאָלדן אַז זיי האָבן דעם פאַרברעכער אין זייערע הענט; זיין נאָמען איז „טשאַים" גראַפּשטיין, אַ רעפּיודזשי, געבוירן אין מונקאַטש. זאָגט בערל מיט אַ געבראָכן קול: — „קענסט זיך שוין פאָרשטעלן מנשה, ווי אַזוי איך האָב געפילט. אין אָנהייב האָב איך געמיינט אַז עס איז אַ שפּאַס אַזאַ. אָבער נאָכן ענטפערן מיר אויף מיינע פראַגן: — ווי זעט ער אויס? — אַ הויכער? אַ נידעריקער? אַ טונקעלער צי אַ בלאָנדער? — האָט דער פּאָליציי קאַפּיטאַן זיך צעלאַכט און געזאָגט אַז ער זעט אויס ווי אַ הויכער, בלאָנדער אָרטאָדאָקסישער ראַבין פון די וויליאַמסבורגער גרינהאָרנס; און אַז ער איז נישט קיין פּראָפעסיאָ־נעלער געלט־אויספּרעסער, נאָר אַן „עמעטשור". ער האָט מיך געהייסן קומען היינט, עלף אַ זייגער פאַר מיטאָג צום פּראָקוראָר.

— „וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מנשה, ווען ס'עפּנט זיך פאַר מיר אַ גרוב, וואָלט איך אַריינגעשפּרונגען, איך מיט מיין שוירלי האָבן נישט צו־געמאַכט אַן אויג די גאַנצע נאַכט. זי, מיין שוירלי, נעמט זיך נאָך מער צום האַרצן ווי איך. זי האָט גלייך גערופן דעם אָנקל מעק, אים געזאָגט אַז זי איז גרייט צו פאַרקויפן איר מינק־מאַנטל מיט אַלץ וואָס זי האָט אום אַרויס־צוראַטעווען חיימלען. דער אָנקל האָט איר געמוזט צוזאָגן אַז ער וועט זיין ביים פּראָקוראָר, מיט זיין אַדוואָקאַט, פאַר עלף אַזייגער און וועט נישט רוען ביז די זאַך וועט אויפגעקלערט ווערן און חיימל זאָל באַפרייט ווערן!"

מנשה איז צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. ער איז געפאָרן צום גע־ריכט הויז, האָט זיך אַרומגעדרייט אין דרויסן אַ דערשלאָגענער, ווי ביי אַ

לוויה. ער וועט וואַרטן ביז בערל מיטן אַנקל וועלן אַרויסקומען פונעם דיס־טריקט־אַטוירני, און הערן די גוטע בשורה — „הלוואַי, גאָטעניו!״ — אַז זיי האָבן אויסגעפועלט חיימלס באַפרייאונג. דערווייל וועט מנשה פאַסטן, זאָגן עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים, וואָס ער קאָן פון אויסנווייניק, און בעטן ביי גאָט, דעם אל רחום וחנון, זיך מרחם צו זיין אויף חיימל.

כז.

# אַנקל מעק און בערל

ווען בערל מיטן אַנקל מעק זיינען אַרויס פון דעם געריכט־הויז, האָט זיי מנשה געפרעגט: — „ווי האַלט עס?״ אַנקל מעק האָט אים געענטפערט, אַז זיין אַדוואָקאַט איז דאָרטן געבליבן און ער אַרבעט מען זאָל חיימלען דערווייל אַרויסלאָזן אויף „בעיל״ — (קויצע). שפּעטער וועט ער צייט האָבן צו באַווייזן דעם דיסטריקט־אַטוירני, און אפשר אויך דעם ריכטער, צו וועמען דאָס וועט איבערגעגעבן ווערן, אַז דאָס איז נישט קיין „קעיס״ פון אַ פאַרברעכן נאָר אַ היימישער פאַמיליע פּלאָנטער צווישן אייגענע; אַז די גאַנצע קאָנספּיראַציע, וואָס דער דיסטריקט־אַטוירני וויל באַווייזן קעגן חיימלען איז נישט ווערט קיין שאָס פּולווער. אַ באַוויז איז דאָך זיין קינדי־שער אופן, ווי אַזוי ער האָט דאָס געטאָן. מעק שמייכלט, ביים דערציילן מנשהן אַז דער דיסטריקט אַטוירני אַליין, האָט זיך הויך צעלאַכט ווען דער אַדוואָקאַט האָט אים באַוויזן די יאָלדישקייט פון אָט דעם „אויף־מיר־אַ פאַר־ברעכער״, מישטיינס געזאָגט. אָבער געזעץ איז געזעץ, האָט דער דיסטריקט אַטוירני געזאָגט. ער מוז דאָס גוט דורכקוקן און באַטראַכטן, חוקר ודורש זיין, חיימלס פאַרגאַנגענהייט. „מיין אַדוואָקאַט״, זאָגט מעק, „וועט דאָס נישט לאָזן פאַרציען אין דער לאַנגער באַנק אַריין. ער וועט צושטעלן אַלע דאָקומענטן. איך בין זיכער״ — פאַרענדיקט ער — „אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו זאָרגן. ס'וועט נעמען העכסטנס אַ וואָך. דערווייל האָט מען געפועלט ביים דיסטריקט אַטוירני מען זאָל אים צולאָזן עסן פון דרויסן, כשרע שפּייז. דאָס איז שוין אויך באַזאָרגט געוואָרן. אַ גלאַט־כשרער רעסטאָראַן וועט אים צושטעלן יעדן טאָג עסן אויף מיין חשבון״.

ביים געזעגענען זיך, האָט מעק אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף מנשהס אַקסל און געזאָגט גוט בורדעריש: — „זאָגט רעגינען זי זאָל זיין באַרואיקט, און זיך נישט זאָרגן. ס'וועט אַלץ זיך אויסלאָזן צום גוטן. זאָגט איר אויך,

אַז איך און מיין ווייב סוזנע, שוירלי און בערל פאַרשטייען די זאַך זייער גוט, אַז מיר האָבן נישט קיין בייז האַרץ, נישט אויף איר און נישט אויף אים. מענטשן באַגייען נאַרישקייטן זייער גאַנץ לעבן, יעדער אויף אַן אַנדערן אופן. די צייט וועט אַלץ אויסהיילן, זאָל זי אויפהערן זיך שעמען און וויינען, און נישט קאַליע מאַכן איר שיין, בחנט פּנים, וואָס האָט טויזנט טעמים. זאָגט איר אויך, אַז ווען חיימל וועט אַרויס אין גיכן, וועלן מיר האָבן אַ „פּאַרטי", טאַקע ביי מיר אין הויז.

אָנקל מעק האָט געוואָלט מנשהן צופירן, אין זיין קאַדילאַק, צוזאַמען מיט בערלען, אין דער צירונגס־גאַס וואו ער אַרבעט. אָבער מנשה האָט אים באַדאַנקט און שטאַרק געדריקט די האַנט, ווי ער וואָלט אים וועלן אַרומנעמען און קושן אים און זיך אויסוויינען אויף זיין האַלדז, ווי פאַר אַ טאַטן. ער האָט אים געזאָגט מיט פייכטע אויגן און מיט אַ געבראָכענע שטימע, אַז — „איך מוז לויפן צו רעגינאַ, איר איבערגעבן אייערע ווערטער פון טרייסט און גוטער האָפענונג, וואָס כ'בין זיכער, אַז — פריער גאָט, נאָכדעם איר, מיט אייער מענטשלעכקייט, וועט אַוודאי ברענגען זיין באַפרייאונג בקרוב".

אָנקל מעק ציט אַרויס צוויי לאַנגע האַוואַנאַ סיגאַרן, וויל מכבד זיין מנשהן מיט אַ סיגאַר. מנשה דאַנקט אים — ער רויכערט נישט. אָנקל מעק גיט אים אַ קלאַפּ אין פּלייצע, הייסט אים נאָכאַמאָל איבערגעבן אַ גרוס צו רעגינאַ און אויך צו זיין וואויל ווייבל, דבורהלע. מנשה האָט אים נאָכ־אַמאָל געדאַנקט מיט אַ לייכט גרימאַסיקן שמייכל אויף זיין פאַרחושכט פּנים.

מנשה האָט געטראָפן זיין דבורהלע מיטן קינד אין רעגינאַס הויז. דבורהלע האָט דערפילט אַן אומרואיקייט מיט מנשהס אַוועקגיין אינעם פריען פרימאָרגן פון הויז; ס'איז איר אויך נישט געפעלן דאָס נישט זען רעגינען פאַר צוויי טעג נאָכאַנאַנד ביזן היינטיקן נאָכמיטאָג; איז זי אַרויף צו רעגינאַ מיטן קינד אויף דער האַנט. ס'האָט זיך איבערגעחזרט נאָך אַמאָל די זעלביקע סצענע צווישן זיי, ווי מיט מנשהן היינט פאַרטאָג. ביידע זיינען זיך אַרויפגעפאַלן אויף די העלדזער און האָבן געהעשעט ווי לייבלעכע שוועסטער אויפן אומגליק זייערן, ביז מנשה איז אַריינגעקומען אין הויז.

מנשה איז אַריין מיט אַ פריילעכער מינע. ביים דערזען אים האָבן זיי געווישט זייערע פאַרוויינטע אויגן ווי אַמאָל אין דער היים אין אַן ערב יום כיפּור. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן ביידע ווייבלעך, זיי דערציילט, מיט האָפערדיקייט, די רייד פון אָנקל מעק מיט אַלע איינצעלהייטן, איבער־געגעבן דעם ליבן גרוס צו רעגינען און אויך די איינלאַדונג צו דער שמחה

פון חיימלס באַפרייאונג — טאָקע ביי אים אין הויז: — „כ׳בין בטוח אין השם יתברכס הילף, אַז בקרוב וועט חיימל זיין צוזאַמען מיט אונדז אין די גאַנצע מעשה וועט פאַרגיין, ווי אַ בייזער חלום". קוקנדיק אויף רעגינאַן האָט ער איבערגעגעבן די ווערטער פון אָנקל מעק: — „זי זאָל אויפהערן וויינען, און נישט קאַליע מאַכן איר שיין בחנט פּנים". ער האָט אויך איבער־געגעבן די ווערטער זיינע, אַז — „דער דיסטריקט אַטורני אַליין, האָט געלאַכט פון דעם גאַנצן עסק".

מנשה גייט צו צו רעגינאַן און זאָגט מיט צערטלעכקייט: — „רעגינאַ, הייב אויף צוריק דעם קאָפּ דיינעם! ס׳איז אמת, אַז פון נאַרישקייט האָט מען נאָר צרות. אָבער סוף־כל־סוף האָט איר קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן און דער אויבערשטער, ווייסט דעם אמת, און מיטן אויבערשטנס הילף, וועט זיך אַלץ אויסלאָזן צום גוטן". ער האָט אויך דערציילט, אַז גיין זעען אים קאָן מען נישט, ווייל אין דער צייט פון דער אויספאָרשונג, אונטער דעם „דיסטריקט־אַטורניס" רשות לאָזט מען קיינעם נישט צו אַחוץ דעם אַדוואָקאַט, וואָס אָנקל מעק האָט אָנגעשטעלט. וואָס פאַר אַן אַדוואָקאַט! דער גרעסטער אין אַמעריקע! ער וועט באַווייזן — ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר — אַז חיימל איז ניט קיין פאַרברעכער. ס׳איז נאָר אַ פראַגע פון עטלעכע טעג. דו, רעגינאַ לעבן, וועסט דערוויל אַריבערגיין צו אונדז. כ׳גיב דיר איבער מיין בעט, איך וועל שלאָפן אויף דער קאַנאַפּע. דאָס וויינען זאָל אויפגעהערט ווערן!" ער דערציילט זיי ווייטער אַז חיימלען איז באַזאָרגט געוואָרן, דורך אָנקל מעק, גלאַט כשרע עסן, כיד המלך, פון אַ נאָענטן כשרן רעסטאָראַן.

— „כ׳וועל נאָך היינט צוגיין צום רעסטאָראַן מיט חיימלס טלית און תפילין זאַק און בעטן מען זאָל דאָס אַריינגעבן חיימלען צוזאַמען מיטן עסן. ס׳איז נישטאָ וועגן וואָס זיך צו זאָרגן!" און כדי נאָך מער זיי אויפצור־הייטערן, רייבט מנשה זיך רחבותדיק די הענט, אויפן חסידישן שטייגער, און זינגט אַ פריילעכס — פונעם אַלטן מונקאַטשער רבין. דערמאָנט זיך אַז ס׳איז שוין באַלד מנחה צייט, און ער האָט נאָך נישט געדאַוונט. דעם טלית און תפילין זיינעם האָט ער אין דער שלייפערײ וואו זיי דאַוונען מיטן מנין, יעדן אין דער פרי. טוט מנשה אָן זיין שבת־יום־טובדיקן טלית, געפינט זיינע יינגלישע תפילין, די קליינע פונעם גרוב נאָך און שטעלט זיך אין אַ ווינקל צו מזרח צום דאַוונען. — „אוי, טאַטע, פאָטער!"

נאָכן דאַוונען, נעמט ער דאָס קינד אויף די הענט און אַלע גייען אַרויף צו זיי אין הויז. ער צווינגט באַפעלעריש רעגינען מיטצועסן מיט זיי. — „אויב נישט, וועט קיינער נישט עסן!"

נאָכן בענטשן לויפט מנשה אַוועק צו באַזאָרגן דעם טלית און תפילין פאַר חיימלען. ווען ער קומט אַריין אין דער שלייפעריי צו נעמען דעם טלית און תפילין פאַר חיימלען, האָט מען פונקט פאַרענדיקט דאָס דאַווענען מעריב. זיינע מיט־שלייפערס באַגעגענען אים מיט גרויס נייגער; טייל שווייגנדיק, קוקן אויף אים מיט רחמנותדיקע בליקן, איינער פון זיי, דער דאַרער, הויכער „שטעקן", משה דער זאַיקער, פרעגט ביי אים: — „וואָ־וואָ־וואָס מאַ־כט עפּ־עפּפּפּעס דער ש־שיי־נער קאָ־נאַ־ריק ד־דיי־נער אי־ב־נעם ש־שטיי־גל אין חד־חד גד־גדיה?" מנשה ענטפערט גאָרנישט.

דער אַלטער שלייפער גדליה, דער תלמיד־חכם, וואָס האָט אַלעמאָל אַ פּאַרטיקן מאַמר חז"ל אויף דער צונג, ווייזט אים די נייעס אין דער צייטונג, וועגן חיימלס אַרעסט; און ער לייגט גלייך צו דעם תלמודישן מאַמר פון „לא לחינם הלך הזרזר אצל העורב אלא מפני שהוא מינו". ער טייטשט איבער הויך, אַביסל אַנדערש, דעם יידישן אידיאָם: „ס'איז ווי מען זאָגט: — „אַז די קראָ פליט שטענדיק אויפן חזיר". גדליה זאָגט ווייטער צו מנשהן, אַז מען שמועסט דאָ אין גאַס, „אַז די שיינע צאַצקע זיינע, זיין רעגינישע, האָט דאָס אים צורעכט געמאַכט".

מנשה אַ פאַרשעמטער, נעמט דעם טלית־זאַק, זאָגט אַ שטילן „גוטע־נאַכט" און טראַכט ביי זיך אַז בשעת הדחק וועט ער דאַווענען מעריב ביחידות אין דער היים. ער איילט זיך אַוועק צום אָנגעגעבענעם אַדרעס פונעם רעסטאָראַן. מען זאָגט אים דאָרט צו, איבערצוגעבן דעם טלית און תפילין צום אַרעסטירן מיסטער גראַפּשטיין.

ווען מנשה איז צומאָרגנס אויפגעשטאַנען איז שוין רעגינאַ געזעסן ביים קיך־טישל, לעבן פענצטער און אַרויסגעקוקט מיט אירע גרויסע, ברוינע אויגן וואָס האָבן פון איר בלייכן געזיכט אַרויסגעשיינט פול מיט בענקשאַפט אין טיפן טרויער. דער ליכטיקער זון־אויפגאַנג פונעם פרילינגדיקן פרימאָרגן איז פאַר איר געווען ווי אַ רייצנדיקער צו להכעיס צו איר פינצטערן געמיט. זי פייניקט זיך אַליין און קאָן זיך נישט פאַרגעבן דאָס שטויסן איר חיימלען אויסצופירן, ווי אַ בלינדער, אירע געלט־גייציקע, נאַרישע פלענער.

בעת מנשה האָט זיך אַרומגעפּאָרעט צוצוגרייטן פאַר רעגינען דאָס אָנבייסן — ביים אויסקוועטשן די מאַראַנצן, און ביים מאַכן די קאַווע, האָט ער געטראַכט וועגן רעגינאַ. אַז מיטן פייניקן זיך אַזוי שטאַרק און אמתדיק, ווערט זי דאָך געלייטערט דורך יסורים און חרטה. ס'איז אַ בלבול און אַ זינד זי צו באַטראַכטן אַלס פאַרברעכערין, מ'קאָן דאָס באַשיינפערלעך זען

ווי זי האָט עס פּלאַנירט ווי אַ קינד, כאָטש אין אַלע אַנדערע האַנדלונגען איז זי דאָך גאָרנישט קינדעריש; פאַרקערט, פון די עטלעכע יאָר וואָס איך בין מיט איר צוזאַמען, מוז מען דאָך זי רעספּעקטירן, שוין צוליב איר גזע, פון לויטער איידל־לייט און געבילדעטע מענטשן; און זי אַליין איז דאָך אַזאַ אַריסטאָקראַטישע פרוי מיט אַזוי פיל קלוגער טאַקטישקייט. ס׳איז דאָך אַ נחת־רוח זיך איינצוהערן צו אירע חכמהדיקע, פערלדיקע רייד. כאָטש זי, אַלס פרוי, האָט דורכגעלעבט יסורים און פּיינען פון די נאַצישע פּייניקער, איז זי דאָך נישט געבליבן קיין געפאַלענע. דאָס אַליין, וואָס זי האָט זיך באַהאָפטן מיט חיימלען, דער איש תמים, ווען ער איז נאָך געווען אָרעם, באָרוועס און נאַקעט, איז דאָך דער בעסטער באַווייז אַז זי איז אין תוך נישט פאַרדאָרבן. יאָ, זי האָט בלויז אַ צעריסן האַרץ, אָבער נישט קיין פאַרדאָרבן האַרץ.

אַזוי האָט מנשה אַלץ געטראַכט און איבערגעטראַכט. ביים אַוועקשטעלן איר די קאַווע, האָט ער ווי געפּליסטערט צו איר אום נישט אויפצוּוועקן דאָס קינד: — „כ׳וועל נישט אַוועקגיין פונעם טיש ביז דו וועסט עסן דאָס אָנ־בייסן”. זי האָט ניט־גערן פאַנאַדערגענומען דעם בלויען טולענעם שאַל אי־בער איר נאַכט־העמד, געמאַכט פריי אירע הענט און גענומען לייכט בייסן און שלינגען:

מנשה האָט געקוקט אויף איר, אויף איר צער־באַדעקטער שיינקייט און אַ מענלעך געפיל האָט זיך געוועקט ביי אים... אָבער ער האָט עס פאַר־טריבן. ווי אַ שד... ער האָט גענומען מורמלען איין פסוק נאָכן צווייטן, פסוקים פון תהילים — צו פאַרטרייבן שאַנדיקע מחשבות...

ביים אַרויסגיין פון הויז האָט מנשה געקושט צאַפּלדיק די מזוזה, נאָך הייסער ווי אַלעמאָל. ער האָט באַשלאָסן אַז דאָס ערשטע וועט ער אַריינגיין צו בערלען געוואויר צו ווערן צי דער אַדוואָקאַט האָט זיך געזען מיט חיימלען און אים געטרייסט מיט צוזאָג, אים אַרויסצונעמען אויף בעיל אין גיכן. און צי ווייסט עפּעס בערל ווי חיימל פילט זיך? ווי זעט ער אויס? מנשה איז זיכער אַז ער מוז אַוודאי דאָרטן, אין זיין איינזאַמקייט איבערלעבן מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים נאָך אַמאָל אַלע אַמאָליקע טעג און יאָרן, „טעג וואָס קענען פון אונדז ביידן קיינמאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן”. מנשהס מחשבות זיינען פול מיט טרויער פאַרנדיק אין סאָבוויי; ער האָט תרעומותדיקן פאָרוואורף צו זיך; הלמאַי, האָט ער אין גאַנצן גאָר דערלאָזט דאָס פאָרן זייערס קיין אַמעריקע? ער האָט זיך בעת־מעשה פּיינלעך באַשולדיקט, אַז ער איז דער חייב אין אַלצדינג, ווען ער וואָלט געווען פעסט ביי זיך צו

בלייבן אין נתניה, וואָלט ער זיך נישט גערירט אָן אים, טראָץ רעגינאַס צוריידן אים, מיט איר פאַרעקשנטן ווילן, דווקא יאָ צו פאָרן.

מנשה חזרט איבער צו זיך אַליין: —

— „פאַרוואָס האָב איך צוגעשטימט צו פאַרלאָזן נתניה? פאַרוואָס בין איך געוואָרן אַ יורד? אָט זע איך דאָך צי וואָס אַמעריקע האָט אונדז דער־פירט".

און אין מנשהס האַרץ קומען אויף, צוליב דעם, שאַרפע טענות צו אַמעריקע. רעגינאַ, טראַכט מנשה, רעדט תמיד וועגן די שיינקייט פון דער שטאָט ניו־יאָרק, צענטראַל־פּאַרק, כישוף־ליכט, און אַזוי ווייטער. אָבער אין דער אמתן איז ניו יאָרק — אַן אייביקער, ווילדער געלויף. נאָר מען יאָגט. וואָס איז דאָס געיעג? צוליב וואָס? ער דערמאָנט זיך אַ ווערטל פון מונקאַטשער רבין. אַז מען האָט דעם רבין געזאָגט, אַז מען לייגט אויס אַ באַן ביי מונקאַטש אָנצוקומען צו דער נאָענטער שטאָט אין בלויז 40 מינוטן, האָט דער רבי אַ מאַך געטאָן: — „אָבער וואָס איז דאָ די אײַלעניש?" דאָס, טראַכט איצט מנשה, וואָלט מען באַדאַרפט פרעגן ביי יעטוועדן ניו־יאָרקער. אַ געלויף אין גאַס פירט צו געלויף נאָך געלט. אין אָט דעם גע־לויף איז אויך אַריינגעכאַפּט געוואָרן רעגינאַ. אָבער זי קען מען נאָך צו־ריקברענגען צו נאָרמאַלקייט. זי וועט געראַטעוועט ווערן, פּונקט ווי חיימל וועט געראַטעוועט ווערן.

מיט אָט די מחשבות איז מנשה דערווייל, אויף גרענד־צענטראַל סטאַנציע, אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין דעם געלויף פון דער מאַסע צו דעם „שאַטל" צו דער קליינער פאַרבינדונגס־באַן, וואָס פירט צו טאַימס־סקווער. ער זעט — ס'יאָגן מחנות פאַרשיידענע מענטשן פון אַלע ראַסן, און קאָלירן; אַ ווילדער געווירבל; מען יאָגט ווי געטריבן פון בייטש, פון אַלע זייטן; איינער וויל דעם אַנדערן איבערלויפן, אַדורכשניידן דעם וועג צום אָנקומענ־דיקן באַנדל, און אַלע מאָל, ווי אויף להכעיס, געשעט מיט אים און נאָך אַנדערע לאַ־יצלחס ווי ער, אַז די טירן פונעם „שאַטל" פאַררוקן זיך האַרט פאַר זייערע פאַרסאָפּעטע נעזער, שטענדיק דאַכט זיך אים, אַז דער איי־רישער גוי, מיטן רויט־פאַרטרונקענעם פּנים, מיטן בלויען היטל און ווייס־ניקלענער פּלאַטע לעבן דאַשעק, וואָס שטייט אויף צווי אייזערנע רויטלעך פאַרזשאַווערטע שיך, צווישן די וואַגאָנען, איז אַ רשע־מרושע, און נאָך אַן אַנטיסעמיט דערצו, ער פאַררוקט די טירן, דאַכט זיך מנשהן, מיט אַ סאַ־דיסטישע הנאה, כדי צו רייצן זיך מיט אים און מיט די איבעריקע אָרעמע טייוואָלים ווי ער איז.

אַזוינע מחשבות ראַיען זיך איצט אין מנשהס קאָפּ.

ער דערנענטערט זיך צו בערלס געשעפט און זיין האַרץ קלאַפּט שטאַרקער; אַז ער טרעפט בערלען אין געשעפט, אין דעם גרויסן עקסט־טשענדזש, ביים אויפּפּאַקן זיינע פּלאַטינאַ־בראַנזאַלעטן מיט די בריליאַנטן, דערקאָנט ער שוין אין זיין פּנים און אין זיינע האַפּערדיקע רייד, אַז ס׳איז זיך נישטאָ וואָס צו זאָרגן. בערל זאָגט אים: — „ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג פון מיין נעכטיקן ריידן מיטן אַדוואָקאַט, אַז חיימל וועט בקרוב זיין אויף דער פריי. ס׳איז נאָר אַ פראַגע פון טעג; — דער דיסטריקט אַטוירני נאָכן אויספאָרשן די גאַנצע זאַך, האָט מיך געגומען אויפן צימבל, הלמאַי איך שטעל מיך אַזוי איין פאַר אים. איך האָב אים אַלץ דערקלערט, איך לייג זיך אין דער לענג און אין דער ברייט אים ריינצוואַשן. נאָכמער, דו הערסט? איך און אונדזער אָנקל, טראַכטן אים מער נישט לאָזן צוריק גיין צו דער אַרבעט אַלס שלייפער, מיר אַרבעטן וועגן אַ פּלאַן אים אַריינצושטעלן אין אַן אייגענער ביזנעס, וואו ער מיט זיין ווייב, רעגינאַ, וועלן זיך זיכער אויס־טויגן און וועלן זיכער מאַכן אַ סוסקעס. די גאַנצע קעיס קעגן אים איז נישט ווערט קיין שמעק טאַבאַק, ווייל ס׳איז געווען נישט מער ווי אַן אומ־גליקלעכע נאַרישקייט וואָס וועט נאָך פירן צום גוטן״.

מנשה איז אַוועק צו זיין אַרבעט אין דער שלייפעריי פול מיט פרייד פון בערלס זיכערקייט אין חיימלס באַפרייאונג. אָבער אַ טיפער ווייטיק האָט אים דורכגענומען פון דער געפּלאַנטער צעשיידונג צווישן זיי, צווישן אים און חיימלען, אַז מען איז נפשי קשורה בנפשו — איז שווער זיך צו צעשיידן.

ביים אַריינקומען אין דער שלייפעריי וואו מען האָט שוין געדאַוונט מיט אַ מנין, האָט ער איילנדיק זיך אַוועקגעשטעלט אויף זיין שטענדיקן פלאַץ, האָט אָנגעטאָן דעם טלית און תפילין, געדאַוונט מיט אַ פריידיק האַרץ; ביים „ברוך שאָמר״ האָט ער העכער אויסגעשריען דעם „ברוך מרחם על הבריות״ און „ברוך פודה ומציל ברוך שמו״. ווען דער זאַאיקער שלייפער האָט זיך צוגערוקט צו אים נאָכן דאַווענען און אַ פרעג געטאָן: — „וואָ־וואָס מאַכט דער קי־קי־דנעפ־ער דיינער״? האָט אים מנשה נישט געענטפערט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן בינימינען און געאַרבעט ווי אַלע מאָל. אויף אַלע זייערע פראַגן האָט ער שאַרף געענטפערט: — „געלויבט צו גאָט, וואָס איר וועט אים, חיימלען, נישט קענען פייניקן מיט אייערע בייזע רכילותדיקע מיילער, ווען ער וועט בקרוב באַפרייט ווערן. גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה, ער וועט מער דאָ אַהער נישט קומען״.

אַלע אין דער שלייפעריי האָבן נייגעריקע געוואָלט וויסן וואָס און ווען? ער האָט זיי נישט געענטפערט, אַזוי ווי ער האָט אויך שפּעטער נישט געענטפערט דעם תּלמיד־חכמדיקן שלייפער, וואָס האָט געשאָטן מיט בייזע פּסוקים אויף חיימלען, מיינסטנס אויף זיין ווייבל, — „די שיינע צאַצקע, די שלאַנג, די אונגאַרישע חווה מיטן עפּל". די אַלע רייד האָבן אים שטאַרק וויי געטאָן, ווי מען וואָלט אים שטעכן מיט שפּילקעס. ער איז געזעסן ביי דער אַרבעט ווי אַן אַ קאָפּ; ס'האָט אים דער עיקר געוווּטיקט זייער הנאָה האָבן פון יענעמס צרות. „מען וואָלט זיי אַלעמען אויף געדאַרפט אַביסעלע „אַרומשלייפן", האָט ער זיך געטראַכט.

## כח.

# צעשיידונג

מנשה איז אַריינגעקומען צו דער אַרבעט אין יענע פרי־מאָרגנס אַ פאַראומערטער, אַ פאַרזאָרגטער, וואָס זיין חיימל איז נאָך אַלץ נישט געווען אויף דער פריי. פאַרשיידענע מחשבות זיינען אים באַפאַלן אין זיין איינזאַמען זיצן, ווי אַ פרעמדער ביי דער אַרבעט. איין געדאַנק האָט אים שטאַרק גע־מאַטערט, אַז צווישן די אַנדערע סיבות, איז אפשר אויך, דאָ אַן עיקר סיבה אַ פּסיכאָלאָגישע, וואָס האָט זי רעגינאַן, געטריבן צום פּלאַנירן דאָס פאַר־ברעכן; אפשר איז זי געווען דער בשוגגדיקער עיקר, אים, חיימלען, אָפּ־צורייסן פון אונדזער פריינדשאַפט־באַהעפטונג, דורכן דערוווּיטערן אים וואָס מער פון מיר; אפשר איז רעגינאַן דערווידער אונדזער צווילינגדיקע־ברודער־שאַפט? אָט די מחשבה, האָט אים געמאַטערט און פאַרפאָלגט, אַז אפשר טאַקע איז ער אַליין דער גאַנצער שולדיקער, אין דעם אומגליקלעכן פּלאָנטער מיט זיין קלאַמערן זיך תּמיד אָן חיימלען, ווי ער וואָלט נאָך מיט אים אין דעם וואַלד־גרוב געווען.

מנשה זוכט אַלץ אויס טענות צו זיך אַליין.

איין פרי מאָרגן האָט פּאַסירט אַזאַ קליינִיקייט וואָס האָט מנשהן אויפגע־הייטערט. אַ קליינִיקייט — אָבער דאָך... ווען מנשה איז געלאָפן צום „שאָטל," ווי אַלע מאָל, מיט די לויפנדיקע מחנות, מיט די אָנגעשטרענגטע אויגן צו די אָפענע באַלויכטענע טירן, און מיט איין אויג געקוקט אויף דעם גזלנדיקן גוי, וואָס פאַרהאַקט, אָט־באַלד, די טירן ביים סאַמע נאָז, האָט דער גוי זיך צענאָסן מיט אַזאַ עשודיקער גבורה, אַז מען האָט געהערט דאָס

ניסן זיינס איבערן גאַנצן פּלאַטפאָרם. די טירן זיינען צוליב דעם מיט אַ ווײלע מער געבליבן אָפן. ער מיט אַלע לויפערס זיינען אַריין אין באַן. אַלע אַריינגעלאָפענע האָבן זיך צעשמייכלט, איבערהויפּט אַ נעגערישער מיט־לויפער, ער האָט זיך צעלאַכט אויפן קול מיט זיינע ווייסע ציין און גרויסע ווייס אַפּלען פון זיינע אויגן און געזאָגט: „דזשיסעס דיד די טריק" (יעזוס האָט באַוויזן דעם קונץ). מנשה האָט געשמייכלט: „גענאָסן ביי דעם אמת".

מנשה, ווי פאַרזאָרגט און פאַרדאַגהט ער איז נישט געווען, האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון שמייכלען ביזן אַריינקומען אין דער שלייפעריי. ער האָט געשמייכלט איבערן נאָס... אָבער אַלע האָבן פון זיין שמייכלען געדרונגען אַז זיין חיימל מוז שוין אַוודאי זיין אויף דער פריי און זיי האָבן אים געוואונטשן „מזל־טוב". ער האָט שטיל דערציילט זיין שכן בנימינען פאַרוואָס ער שמייכלט אַזוי און בנימין האָט עס אויסגעלייגט „ווי אַ גוטער סימן אָנצוהייבן דעם טאָג מיט געלעכטער. וועסט זען, מנשה, אַז ער וועט זיכער היינט באַפרייט ווערן".

און כך הווה, באַלד נאָכן דאַוונען האָט דער טעלעפאָן געקלונגען און בערל האָט מנשהן אָנגעזאָגט די גוטע בשורה: — „חיימל איז באַפרייט!" „דער אָנקל וואַרט שוין דאָרטן ביים פּריזאָן אים אַהיימצונעמען אין זיין אויטאָמאָביל. ער האָט עס שוין געלאָזט וויסן רעגינען.

מנשה האָט שנעל אַרונטערגענומען פון זיך דאָס ווייסע, לאַנגע פאַרטוך, וואָס מען טראָגט ביי דער אַרבעט, און האָט אַלעמען געלאָזט וויסן די בייעס וועגן חיימלס באַפרייאונג. דערביי האָט ער מיט אַ גרימאַסע גערעדט: — „חיימל", פאַרהיקנדיק זיך צום זאַאיקן שלייפער, האָט ער געזאָגט: — „באַ־באַ־פרייט!"

אַז ער לויפט אַרויס, מורמלען די שלייפערס צווישן זיך אַז מיטן אַרויסגיין אויף „בעיל" איז עס נאָך גאָר נישט אַזאַ גרויסע מעצאָצע, די גרעסטע געגנסטערס לאָזט מען דאָך אַרויס אויף בעיל און זיי ווערן דערנאָך ביים משפט פאַראורטיילט פאַרפוילט צו ווערן אין סינג־סינג. דער זאַאיקער שלייפער זאָגט: — „ער ווע־וועט זי־זיך נאָך בר־בראָ־ט־ען ווי אַ־אַ־געב־געב־ראָ־טע־נער אי־נדיק".

אַז מנשה איז אַהיימגעקומען, טרעפט ער זיין דבורהלע אַ דערפרייטע אַרומפּאָרען זיך ביים אויוון, ווייל זי גרייט צו אַ מאָלצייט כיד־המלך פאַרן „גאַסט". זי דערציילט אים אַז זי האָט אָנגעזאָגט רעגינען, באַלד צו קומען אַהער מיט חיימלען; אָנקל מעק האָט אָבער נישט מסכים געווען צו עסן ביי אונדז; ער האָט געזאָגט אַז זיי וועלן שפּעטער־צו אויסגיין פאַר אַ גוט־

טאַים אין אונגאַרישן „פּענסי־פּלעיס״. „בין איך אָבער זיכער, אַז ער וועט אונדז נישט פאַרשעמען״.

ווען חימל איז אַרויס פון די אייזערנע פּריזאָן־טירן האָבן רעגינאַ און אַנקל מעק אים באַגעגנט אין וואַרט־קאָרידאָר. רעגינאַ איז, מיט פריידיקן געוויין אים אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז אים געקושט און געהאַלדזט. אַנקל מעק האָט חימלען אַריינגערוקט זיין ברייטע האַנט מיט אַ פריילעכן האַלאָ! „זאָרג נישט, יאָנג מען! ס׳וועט זיין אָלרייט, אַזאַ יאָר אויף מיר און אונדז אַלעמען, וואָס פּאַר אַ קלוג ווייבל דו האָסט, לאָז עס צו איר! דער דיסטריקט אַטוירני און די פּאָליציי האָבן טאַקע געלאַכט פון דעם נאַרישן דזשאַב, אָבער מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען אַז ס׳איז געווען רעגינעס קלוגער־קאָפּ אין דעם און מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען וואָס עס האָט געטריבן צו דעם. איר הערט, בערל מיט שוירלין וואָס קאָנען זי לענגער און בעסער ווי איך און וויסן אויך איר אָפּשטאַם, האָבן זיך גאָר אַליין געפילט שולדיק פאַרוואָס מען האָט זי פאַרשטופּט אין אַ לאָך, ערגעץ אין דעם אָרעמען טייל פון בראָנקס. בערל, דער געוועזענער באַלעגאַלע לעבט ווי אַ גראַף! און זי? די קנאה קען טרייבן אַזאַ קאַפּריזנע איידל־רייך דערצויגן מיידל ווי רעגינאַ, צו אומבאַרעכנטע און צו אומגעלומפּערטע טאַטן. דערצו נאָך: ביים אַדורכגיין דעם היטלערישן גיהנום מיט אַזויפיל וואַנדערונגען דערנאָך, איז פאַר איר, רעגינען געווען אַ גרויסע אַנטוישונג נישט צו זען קיין צוקונפט פאַר זיך; דערפאַר האָט בערל נישט נאָר פאַרגעבן דאָס געשעענע, נאָר דאָס האָט אים אַזוי ווי אויפגעוועקט אין זיין פאַריאָגטקייט, און צו זאָגן: — „מען וועט עפּעס טאָן פאַר אייך! ס׳וועט זיך אויסלאָזן מיט דעם צו וואָס רעגינאַ האָט געצילט, און מיר זיינען אויך זיכער אַז די עטלעכע טויזנט דאָלער וואָס מיר גייען אַריינלייגן אין אַ ביזנעס פאַר אייך, וועט איר דאָס אונדז צוריקצאָלן אין אַ גאַנץ קורצער צייט. אַמעריקע איז גענוג גרויס און שטאַרק פאַר אַלע וואָס האָבן די אַמביציע און דעם ווילן צו סוקסעס. רעגינאַ האָט דעם שטאַרקן ווילן זיך אַרויפצואַרבעטן און אייער ביידנס אַרבעט צוזאַמען וועט זיכער זיין אַ גרויסער ערפאָלג״!

ווען אַנקל מעק האָט אַלץ אין ריידן, פּיקט זיך אַ שרעקעדיקער געדאַנק ביי חימלען אין קאָפּ: — ווי אָבער וועט ער קענען באַגעגענען בערלען? ווי וועלן זיי קענען באַגעגענען שוירלי?

אַנקל מעק גיט אַ קוק אויף חימלס פּנים און זאָגט, ווי טרעפנדיק זיינע באַהאַלטענע מחשבות:

— „און בערל וואָרט שוין אויף אונדז. ער נעמט עס אַלץ זייער גרינג. ער שטימט אין אַלץ איין מיט מיר. נישט געזאָרגט!"

אָנקל מעק רעדט ווייטער, פאָרנדיק אין דעם קאַדילאַק: — „איך האָב שוין זיך צונויפגערעדט מיט בערלען, אויסצוזוכן אַ היבשן געשטעל פאַר אייך. איר וועט פאַרקויפן גאָלדענע בראַנדזעלעטן מיט די אַלע שמאַכטעס פאַר „גוד־לאַק". ער וועט אייך פאַרבינדן צו קויפן דירעקט ביי די פאַברי־קאַנטן, ס'וועט קאָסטן פיל ביליקער. דו, רעגינישע, מאַכט אָנקל מעק, דו וועסט נאָר דאַרפן אויף דיין שיינקייט אָנטאָן די אַלע שאַלאַמויזן צו ווייזן די קויפערקעס ווי דאָס פּאַסט זיך, און זיי וועלן שוין די כפרה איינ־נעמען. דיין שיינקייט וועט צונוץ קומען".

דער אָנקל גיט אַ קוק אויף רעגינען מיט שפּיציקע אויגן און מיט אַ טעם אויף די ליפּן...

מעק רעדט ווייטער: — „פאַרלאָז זיך אויף בערלען. דווקא ער, וועט איצט נאָך פיל מער ווי פריער טאָן פאַר אייך. זאָרגט זיך ניט, מען וועט אייך עפענען אַ באַנק אַקאַונט, מען וועט אייך צונויפירן מיט די פּאַסיקע הענדלערס און איר וועט גיין העכער און העכער. ס'וועט קומען אַ צייט, און איך, אייער אָנקל, וועט אייך דאַרפן נאָכלויפן!"

ווען רעגינאַ זאָגט דעם אָנקל דאָס ער פאָרט נישט אין דער ריכטונג פון איר היים און אַז דבורהלע האָט אַזוי שווער געהאָרעוועט מיטן צוגרייטן דעם יום־טובדיקן מאָלצייט, ענטפערט איר מעק: — „היינט בין איך דער בעל־הבית. זי, דבורהלע וועט אונדז מוזן מוחל זיין, איר וועט דאָס עסן ביי זיי מאָרגן. היינט פאָרן מיר אין אַ פּלאַץ, וואו איך האָב באַשטעלט פאַר אייך אַ „באַנקעט". מיין סוזען קומט צו מיר מיט שוירלין און שפּעטער נאָכן פאַרמאַכן דאָס געשעפט, קומט אויך צו בערל און מיר אַלע וועלן אי אַ הוליע־טאָן און דערביי אויסאַרבעטן אַלע איינצעלהייטן פון דער ביזנעס. כ'וועל פון יענעם פּלאַץ אָפּרופן בערלען, ער זאָל אויך ברענגען אין זיין אויטאָמאָביל מנשהן מיט דבורהלען, אויב מעגלעך. בערל וועט שוין בעטן אַנטשולדיקונג פאַר ניט קומען צו זיי".

דער קאַדילאַק איז פאַרפאָרן אינעם באַרימטן אונגאַרישן נאַכט־קלוב מיט נאָמען „די בעסט אָוו בודאַפּעסט". אָנקל מעק האָט זיי פאַרזיכערט אַז ס'איז צוגעגרייט פאַר אַלעמען ספּעציעלע אונגאַרישע כשרע מאַכלים. — „זעט איר, די אונגאַרישע טענצערקעס זיינען אפשר ניט אַזוי כשר", האָט ער גע־שמייכלט.

חיימל האָט געהאַט שטאַרק עגמת־נפש פון פאַרשעמען דבורהלען מיט

מנשהן פאַרן אַנטוישן זיי מיטן נישט קומען צום ערשט צו זיי. אויך רעגינאַ האָט זיך געפילט זייער געקרענקט פון דעם. ס'איז זיי נישט איינגעגאַנגען די גרויסאַרטיקע עסנס מיט דעם „רעוויו" פון די האַלב און דריי פערטל נאַקעטע טענצערינס, וואָס האָבן אויסגעטאַנצט די אַלע אונגאַרישע טשאַר־דאַקן אין ציגיינערישע לײדנשאַפטלעכע טענץ.

באַלד זיינען אָנגעקומען סוזען און שוירלי. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע באַגעגעניש ווי חיימל מיט רעגינען וואָלטן געוועזן אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד פון עפּעס אַ ווייטן פּלאַנעט...

אַלע האָבן זיך צונויפגעבונדן מיט דעם פאָדעם פון מיטגעפיל און פאַרגעבונג. בערל איז געקומען אַ ביסל שפּעטער, אָבער ער האָט נאָך גע־האָט גענוג צום עסן און טרינקען.

די מוזיק שפּילט. מען זינגט. בערל, מעק מיט זייערע פרויען האָבן זיך געדרייט אינעם געדיכטן געדרענג אויף דער טאַנץ־פּלאַטפאָרמע ביים שפּילנדיקן דזשעז־אָרקעסטער; די ראָמבאַס און די זאַמבאַס האָבן געפינקלט. דאָס פייקלדיק צוקלאַפּן פון די פייקלעך האָבן אַפילו חיימלען אויפגעלעבט.

חיימל און רעגינאַ זיינע געבליבן ביים טיש אינעם האַלב־טונקעלן זאַל. רעגינאַ האָט נישט געוואָלט גיין אין קאַראַהאָד. זיי האָבן זיך פריידיק גע־שפּילט ווי אָקאָרשט פאַרליבטע, האָבן געהאַלטן זייערע הענט צוזאַמענגע־פּרעסט הינטערן ווייסן טישטוך; רעגינאַ האָט חיימלען ליידנשאַפטלעך גע־דריקט די שפּיץ־פינגער און לאַסטשענדיק געגלעט זיינע הענט. ער האָט אַזש אויפגעציטערט. זיי האָבן אויך געפּליסטערט פון זייער קרענקונג אי־בער דעם וואָס דבורהלע און מנשה זיינען געבליבן אַזוי אַנטוישט, אָבער רעגינאַ האָט געפונען אַ טרייסט: — „איך וועל זיי, מאָרגן אין דער פרי דערציילן, אַז מיר זיינען געוועזן הילפלאָז אין מעקס הענט, מיט זיין צו־געגרייטן פּלאַן, און וועל ביי זיי בעטן פאַרגעבונג".

צווישן ערשטן און צווייטן „רעוויו" האָט מען פאַר זיי סערווירט פראַנצויזישן שאַמפּאַניער נאָך דעם „דעמי־טעס" קאַווע, אַלאַ בודאַפּעסט. דאָס האָט רעגינען דערמאָנט אין די אַמאָליקע צייטן פון אירע בודאַפּעסטער פּאָנסיאָן־יאָרן. דער אומעט האָט זי אינגאַנצן אָפּגעלאָזט.

אָנקל מעק האָט מיט בערלען, ביים טיש, אויסגעאַרבעט דעם גאַנצן פּלאַן פונעם אַריינשטעלן „זיי" אין געשעפט, אָן קיינע אָפּלייגענישן „דאָס דאַרף געטאָן ווערן" האָט מעק, ווי באַפוילן, אין די קומענדיקע טעג; „ווייסט דאָך ווי מען זאָגט ביי אונדז אין אַמעריקע" — „זאַכן וואָס דאַרפן געטאָן ווערן היינט, לייגט מען נישט אָפּ אויף מאָרגן". בערל האָט געזאָגט:

— „דער פּלאַץ איז שוין פאַרטיק, מען דאַרף נאָר צוקויפן די פּלושענע שאַכטלעך צום אויסשטעלן די פּערל מיט בראַנזלעטן און ברעלאָקן״. ער האָט אויך שוין באַשטעלט דאָס איינריכטן פון אַ שיינער נעאָן־באַלייכטונג. ער איז זיכער אַז אין אַ וואָך אַרום וועט אַלץ זיין פיקס־און־פערטיק. ביים אויפשטעלן זיך צום אַהיימפאָרן, ווינטש זיי מעק מיט בערלען מזל־טוב. די פרויען שמייכלען מיט צופרידנהייט. שוירלי זאָגט צו רעגינאַ: — „ס׳וועט לאַנג נישט נעמען און איך וועל זוכן פאַר אייך אַן אַפּאַרטמענט, אַ קליינעם, אָבער אַן עלעגאַנטן, אין מיין נאָכבאַרשאַפט, וואו מיר וועלן אויך ווערן גוטע שכנים״. די עלטערע סוזען מישט זיך אַריין: — „אַזאַ יאָר אויף אונדז אַלעמען, וואָס פאַר אַ טייערע שכנה מיר וועלן האָבן, זי וועט דאָך זיין אונדזער שיינענדיקער שטערן ביי אונדזערע מאַדזשאַנג, קאַלוקאַ און ברידזש פאַרטיס״.

רעגינאַ שמייכלט און פאַרנייגט איר קאָפּ צו זיי מיט איר אַריסטאָקראַ־טישן מאַנער. וואָס נענטער צום אַהיימגיין ווערט חיימל אינערלעך צעוויטיקט פון עגמת־נפש וואָס זיין מנשה מיט דבורהלע זיינען היינט אַזוי נישט שיין באַהאַנדלט געוואָרן.

אויפן וועג אַהיים מאַכט מען אָפּ אַז חיימל זאָל קומען מאָרגן צוזאַמען מיט רעגינאַ צו בערלען אין געשעפט, און ער וועט זיי ווייזן דעם פּלאַץ זייערן — וואָס זיי וועלן זיכער קריגן — מיט די פאַרטיקע אויסשטעל־שאַנקען; ער וועט זיי שפּעטער אויך ווייזן ווי אַזוי מען דאַרף אַלץ צוגרייטן, ביי וועמען איינצוקויפן און וויפיל פון יעדן אַרטיקל מען דאַרף אויסלייגן אויף אַ געוויסן וועג, אין אַזאַ אָרדענונג, ס׳זאָל האַרמאָנירן; אַלץ דאַרף בלאַנקען און אַטראַקציאָנירן, ס׳זאָל פאַרכאַפּן דאָס אויג. דערווייל גיט ער זיי שוין, אויף שנעל, אַ שטיקל לעקציע, אַז סחורות אין אַלגעמיין, ספּעציעל צירונג, זיינען ווי פרויען. ס׳מוז צום ערשטן אַפּעלירן צום אויג, ווען אַ זאַך געפעלט ביים ערשטן בליק, איז עס שוין האַלב פאַרקויפט.

נאָכדעם קומט דאָס „מויל״ פונעם פאַרקויפער צו פּרעזענטירן דאָס אַרטיקל מיט טאַקטישקייט און איינגעהאַלטענעם ענטוזיאַזם; מען דאַרף אַליין גלויבן אין די רייד וואָס מען זאָגט וועגן אַרטיקל. צו דעם — זאָגט בערל — וועט רעגינאַ זיין די בעסטע מייסטערן־פאַרקויפערן אין דעם גאַנצן עקסט־שענדזש.

— דו, חיימל, דאַרפסט קומען יעדן טאָג שיין געקליידעט מיט אַ זויבער געפּרעסט העמד אין אַ מאָדישן קראַוואַט, שטיין אָן אַ זייט, זיך אַרומפאָרען ביי דער צירונג, אַמאָל אַריינוואַרפן דאָס געהעריקע וואָרט וועגן דער קוואַליטעט,

נאָר דעמאָלט ווען רעגינאַ, אָדער די קונים, וועלן דיך עפּעס פרעגן. רעגינאַ וועט שוין וויסן ווען צו פרעגן. דער עיקר דאַרף מען זיין זייער העפלעך צו אַלע קונים אַפילו צו דעם סאָרט קונה, וואָס טיילמאָל גלוסט זיך אים אָנצושפּייען אין פּנים, שטענדיק מוז עס געטון ווערן מיט אַ לייכטן שמייכל, אַפילו ווען טייל רייכע יאַכנעס וועלן אייך שטאַרק דערגיין די יאָרן, ווייל אָט די „יענטעס" וועלן ווערן די בעסטע רעקלאַמע־פאַרשפּרייטערינס פאַר אייערע סחורה".

דער אויטאָמאָביל איז צוגעפאָרן צו זייער טיר, שוין נאָך האַלבער נאַכט. אַלע געזעגענען זיך פריידיקע, און דער אַלטער מעק, פאַרגעסט נישט, שפּאַסיק, צו דערמאָנען חיימלען ער זאָל זיך נישט צוכאַפּן צו רעגינען ווי אַ הונגעריקער וואָלף צו אַ יונג שעפעלע. אַלע לאַכן פון זיין גראָבער חכמה, ווייל „מאָני טאַקס" גלעט רעדט און גלעט רעדט תמיד פול מיט חכמה אין אַמעריקע און אפשר אומעטום, אין אַלע צייטן אין אַלע לענדער! חיימל און רעגינאַ האָבן ארויסגעקוקט צו די פינצטערע פענצטער פון זייער מנשה און דבורהלען מיט גרויס שברת־הלב.

ביים אַריינגיין אין הויז האָבן זיי זיך גענומען ביי די הענט ווי יונגע פאַרליבטע. זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען די טרעפּ — צעוואָרעמטע, באַרוישטע. רעגינאַ האָט געזוכט די שליסלען אין איר האַנט־טאַש מיט נערוועזע ציטערדיקע פינגער. זי האָט געעפנט די טיר פון הויז ווי אַ פאַרשיכורטע. האָט זי פאַרשלאָסן די טיר און פאַריגלט; האָט אָנגעצונדן דאָס רויטע בודואַר־לעמפּל צווישן די בעטן, און ביידע האָבן גענומען אַרונטערוואַרפן פון זיך די קליידער און שיך אַזוי ווי ליידנשאַפטלעכע שווימער זומער־צייט ביי אַ לויטערן טייך...

זיי זיינען אויפגעשטאַנען זייער פרי, האָבן זיך אָנגעטאָן אין זייערע שענסטע קליידער. זיי זיינען געאיילדיק אַרויס פון הויז צו גיין זען זייער געווינטשטן פּלאַץ אינעם יואוועלירן־עקסטשעינדזש. אָבער אַ פריער זיינען זיי, צו ערשט, אַרויפגעגאַנגען צו מנשהן און דבורהלען. גלייך ביים אַריינקומען האָבן זיי דערזען דעם נאָך פון נעכטן געדעקטן, פאַרשעמטן טיש.

חיימל איז געשטאַנען מיט האַלב אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך שעמען זיי קוקן אין די אויגן. מנשה און דבורהלע האָבן אָבער פריידיקע זיך אַרומגעכאַפּט מיט אים, ווי מיט אַן אבן טוב. האָבן פאַרגעסן די עוולה קעגן זיי. חיימל און רעגינאַ האָבן זיך פאַרענטפערט פאַר זייער נעכטיקן נישט קומען צו זיי. דבורהלע מיט מנשהן זאָגן: „מיר האָבן פאַרשטאַנען,

אַז ס'איז נישט ענקער שולד, עטץ זענט דאָך געווען אין „זייערע" הענט; און אַפילו אָנקל מעק און בערל האָבן אויך חלילה, נישט געמיינט אונדז צו פאַרשעמען, ווייל פאַר זיי איז אַזאַ היימישע שמחה ווי ביי אונדז אין הויז נישט געגוג. זיי האָבן דאָס געוואָלט מאַכן — אַמעריקאַניש־נגידיש — אין אַ „נאַכט־קלוב" מיט שאַמפּאַניער מן הסתם און מיט טענץ. נו, ווען מיר מיט דעם צוגעגרייטן האָבן אַ יום־טובדיקע סעודה היינט ביינאַכט ביי אונדז. מיר וועלן אַליין צוזאַמען פייערן ביידע שמחות, חיימלס באַפרייאונג און אייער אויפגעריכט ווערן לויט רעגינאַס באַגער. מיר פאַרגינען דאָס אייך ביידן פונעם טיפן האַרצן, און מיט השם יתברך'ס הילף וועט איר אַוודאַי מצליח זיין".

חיימל האָט מיט צופרידנהייט געהערט די גוטע וואונטשן פון דבורהלען און מנשה. אָבער אין דער זעלביקער צייט האָט אַ נייער ווייטיק זיך גענומען טונקלען ביי אים אין האַרץ; ער האָט דערפילט אַז איצט קומט די צעשיידונג. ער און מנשה היבן זיך אָן פונאַנדערצוגיין אויף פאַרשיידענע דרכים. ביז איצט זיינען זיי דאָך געווען תמיד אַזוי ווי אַ צונויפגעוואָקסענער סיאַמער־צווילינג"; זיי ביידע זיינען פאַרבונדן געווען צווישן זיך אין אַ פריינדשאַפט וואָס מען רעדט וועגן דעם אין די ראָמאַנטישע ביכער. יאָ, אויך אין תנ"ך רעדט זיך וועגן אַזאַ מין פריינדשאַפט: — אַהבת דוד ויונתן. אָבער ביי זיי איז דאָך עס געווען — אָט ווי איצט — אַן אייגענע איבערלע־בונג, ס'איז אַ יאָרן־לאַנגע פריינדשאַפט, וואָס הענגט נישט אויפן פאָדעם פון אוטיליטאַרישקייט אָדער פון אויסנוצן דעם צווייטן פאַר זיך. פאַראַן דאָך אויך אויסגערעכנטע, כלומערשטע פריינדשאַפטן. זיי ביידע אָבער האָבן זיך פאַר־בונדן נשמה אין נשמה: — עס ציט זיך אַזוי פון דער וואַלד־מלוכה; ציט זיך אַזוי דורך דעם, וואָס ביידע האָבן געלערנט ביי די זעלביקע מלמדים אינעם וואַלד בית־המדרש. דער „היטלער־גרוב" און די יאָרן פון צער האָט זיי נאָך ענגער צונויפגעבונדן. צוזאַמען געוואַנדערט, אין איין צייט חתונה געהאַט; צוזאַמען געקומען קיין מדינת ישראל, און צוזאַמען — קיין אַמעריקע.

אָבער איצט, פילט חיימל, קומט די צעשיידונג. און פאַרשידענע רע־יונות וואַכן אויף אין קאָפּ. — דבורהלע, זי איז אַ ריינע נשמה. אָבער, טראַכט זיך איצט חיימל, אפשר איז זי, אומבאַוואוסטזיניק, גאָר צופרידן מיט דעם אָנהייב פון דער צעשיידונג צווישן איר מנשהן און אים — חיימלען?

זי, דבורהלע, וואָס איר גאַנצער מיטפּאָרן — קעגן איר ווילן, קיין אַמע־ריקע איז געווען — ווי זי האָט זיך אין נתניה נאָך, אָפן מודה געווען פאַר

רעגינאַן — נאָר צוליב דער האָפענונג, אַז דורכן פאָרן קיין אַמעריקע וועט זי קאָנען האָבן מנשהן אין גאַנצן פאַר זיך. דבורהלע קען זיין, זעט אַצינד איר האָפענונגביים פאַרווירקלעכט ווערן, און דעריבער טראַכט זי מיט אינערלעכער גליקזעליקייט פון מנשהס באַפרייען זיך פון פונעם צוגעבונדענעם פריינטשאַפט־נאָפל, באַפרייען זיך פון דער גרויב־באַהעפטונג, און זי איז זיכער ביי זיך, אַז אויך רעגינאַ פילט ווי זי.ביידע וועלן פון איצט אָן האָבן זייערע מענער אינגאַנצן פאַר זיך.

ענלעכע רעיונות פיקן זיך ביי דבורהלען אין קאָפּ. דבורהלע טראַכט, אַז אפשר איז רעגינאַס פּלאַן געווען אַ גוט־צוגעטראַכטער, אַ פּאָראויס גייענדיקער מיט אַלע דעטאַלן, פאָרן זעלביקן ציל? איר רייסן זיך קיין אַמעריקע האָט אפשר אויך צו טאָן מיט איר קעגנגעפיל צו דער מאָדנער חברים־פריינדשאַפט? אפשר וויל רעגינאַ איבערהויפּט ניט אַזוי געלט ווי צעשיידונג, אַ באַפרייען זיך?!

דבורהלע טראַכט ווייטער: ווען רעגינאַ דערציילט זיי פון די נעכטיקע פּלענער מיט דער „ביזנעס" מיט דעם צירונג־געשעפט אין עקסטשעינדזש וואָס בערל קריגט — אָט באַלד, און שוירלי זוכט שוין אַן אַפּאַרטמענט אין שכנות מיט איר, מאַכט זי רעגינא מכלומרשט אַ זויערע מינע, וואָס דבורהלע וועט דאָ בלייבן אַליין אָן „זיי". אָבער אינערלעך פלאַטערט איר האַרץ גאָר מער פון פרייד ווי זי וואָלט וועלן אויסשרייען אַ „ברוך שפטרני"!

און אויך אין מנשהן איז געוואָרן אַן ענדערונג. דאָס בילד פון צעשיידונג לויערט איבער אים. ער האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַן אַמאָליקן זיסן חלום, וואָס איז צערונען געוואָרן ווי אַ שניי אין פרילינג אין די איצטיקע, קלאָרע געשעעענישן וואָס קאָנען נישט, און זאָלן נישט געענדערט ווערן, ווייל אַזוי זיינען די משונהדיקע וועגן פונעם קורצן מענטשלעכן לעבן, „על פי רצון פונעם האַר און באַשעפער, פון אויבן"! ער, מנשה, זעט דאָס אַצינד אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, אַז חיימל געהערט צו רעגינען, און ער אַליין גע־הערט אינגאַנצן צו זיין ווייב און קינד על פי סדר העולם.

אָט אַזוי האָט דער אָנהייב פון דער פריינדשאַפט־צעשיידונג אויפגע־וועקט אין יעדן מאָדנע רעיונות, אַזעלכע רעיונות וואָס גרענעצן זיך מיט פאַרדאַכט...

דאָס לעבן טוט זיינס!...

חיימל און רעגינאַ געזעגענען זיך מיט דבורהלען. מנשה פאָרט מיט מיט זיי צו דער צירונגס־גאַס; ביים גרויסן צירונג־עקסטשעינדזש, וואו בערל האָט זיין בריליאַנטן־געשעפט, צעשיידן זיי זיך. חיימל מיט רעגינען

גייען דאָ אַריין זעען זייער געפּלאַנט געשעפט, זייער נייע צוקונפט. מנשה גייט אַריבער איבער די גאַס צו דער געביידע וואו עס געפינט זיך די שלייפעריי.

מנשה דאַוונט מיטן מנין מיט די ברילי‌אַנטן־שלייפער, נעמט זיך צו דער אַרבעט מיט זיין אַמאָליקער פלייסיקייט. ער דערציילט זיין שכן בנימינען אַז חימל קומט שוין מער נישט אַהער. ער בלייבט אונדזער שכן אינעם קעגנאיבערדיקן עקסטשעינדזש, מיט אַן אייגן געשטעל, לעבן בערלען, אַ געשטעל פון קולטווירטע יאַפּאַנישע פּערל, בראַנזאָלעטן און ברעלאָקן, און מן הסתם שפּעטער, אויך מיט נאָך אַנדערע צירונגס־אַרטיקלען.

די נייעס פאַרשפּרייט זיך שנעל פון איינעם צום אַנדערן. אַלע שלייפערריידן צווישן זיך מיט קנאה, וועגן זיין אויפגעריכט ווערן.

ביים אַוועקגיין פאַרנאַכט פון דער אַרבעט, באַגעגענען זיי זיך — מנשה, רעגינאַ און חימל — ווי אָפּגעמאַכט, ביי דעם נייעם געשטעל. מנשה הערט, אַז רעגינאַ אַרבעט מיט פלייסיקן ברען פון אַלץ צוצוגרייטן. רעגינאַ, אַ צעפלאַמטע מיט ברענענדיקע אויגן זאָגט צו מנשהן: — „מאָרגן קומט שוין אָן די סחורה, וואָס בערל האָט היינט באַשטעלט פאַר אונדז". זי און חימל דערציילן אים אז בערל איז שוין געווען מיט זיי אין אַנקל מעקס באַנק; זיי ווייזן אים דאָס באַנק־ביכל מיטן אַריינגעשריבענעם אויף זייער אַקאַונט די ערשטע פינף טויזנט דאָלער. רעגינאַ ווייזט מנשהן דעם דער־ווייליקן טשעק־בוך, ווייל מען דרוקט פאַר זיי אַ נייעם טשעק־בוך, מיטן נאָמען — „סי עיטש, גראַפּשטיין, דזשולערי קאָמפּאַני אינקאָרפּאָרעיטעד". די אַקציעס וועלן זיין אויףביידנס נעמען, ער, חימל, איז דער פּרעזידענט, זי רעגינאַ, סעקרעטאַר־קאַסירערין. אַנקל מעק און זיין אַדוואָקאַט באַזאָרגן שוין די קאָרפּאָראַציע־פּאַפּירן פונעם שטאַט ניו־יאָרק און אָלבאַני, מיט די אַקציעס און דעם שטעמפּל. מעק מיט בערלען וועלן האַלטן צו צען אַקציעס יעדער, נאָר לפנים וועגן, צו געבן זייער ניי געשעפט אַ הויכן פּרעסטיזש און דערמיט שטאַרקן דעם קרעדיט פון דער נייער קאָרפּאָראַציע.

אַלע פאָרן אַהיים צו מנשהן צום עסן דעם נעכטיקן צוגעגרייטן יום־טובדיקן מאָלצייט. בערל האָט קיין צייט נישט מיטצוגיין. אויך אַנקל מעק האָט זיך אַנטשולדיקט פון נישט קאָנען קומען צו זיי, ווייל ער איז אויך שטאַרק פאַרנומען.

דבורהלע האָט שוין געהאַט דעם טיש אַ געדעקטן. רעגינאַ האָט מיטגע־בראַכט אַ גרויסן בוקעט מיט פרישע רויזן פון אַלע קאָלירן, רויטע, ראָזע, געלע און ווייסע. דבורהלע האָט נישט געלאָזט רעגינען אָנטאָן דאָס ווייסע

פאַרטוכל איר צו העלפן און צו איר געזאָגט: — „נאָך אַלעמען, איז דאָך אונדזער חימל דער הויפּט מחותן אויף דער שמחה".

נאָכן עסן ביים בענטשן, האָט מנשה הויך געזאָגט מיט אַ פריידיק האַרץ, דעם „רחם על ירושלים עירך ועל ישראל עמך", ביי די ווערטער פון „ונאָ אַל תצריכינו לא לידי מתנת בשר ודם, ולא לידי הלוואתם", האָט ער דאָס ווי געשעפּטשעט שטיל, נישט צו פאַרשעמען זיין חיימלען מיטן טשעקקאָנטאָ זיינעם. ביים פסוק פון „יבנה ירושלים עיר הקודש במהרה בימינו", האָט ער זיך ווי צעזונגען, האָט צוגעקלאַפּט מיט די פינגער אויף דעם טיש און געפּליאַסקעט מיט די הענט אויפן חסידיש רחבותדיקן שטייגער. דבורהלע האָט אים נאָכגעזאָגט די ווערטער מיט דער זעלביקער תפילהדיקער פייערלעכקייט.

נאָכן בענטשן האָט דבורהלע שטיל געמאָלדן: —

חימל און רעגינאַ, איך און מנשה האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט אַז אונדזער ווייטערדיקער ציל זאָל זיין — אומצוקערן זיך אַהיים קיין מדינת־ישראל, שליפּן דימענטן קען מען אויך אין נתניה.

זי האָט עס געזאָגט מיט אמתדיקייט, מיט האַרציקייט.

מנשה האָט צוגעגעבן: —

— חימל, אונדזער יאַרלאַנגע פריינדשאַפט בלייבט אין האַרצן. אָבער די דרכים צעגייען זיך. איך האָף אַז דו מיט רעגינען וועלן האָבן מזל, דערווייל — זאָל דער אויבערשטער נאָר געבן!

און זיין קול האָט אַ ציטער געטאָן ווי דורך טרערן...

אַ טויטע שטילקייט האָט באַהערשט אַלעמען ביים טיש, פּונקט ווי דער הימל וואָלט אויף זיי געפאַלן.

מנשהס אויגן האָבן חיימלען דורכגענומען מיט אַ געמיש פון אינערלעכן פּיין און טיפן רחמנות דורך שאָקלען זיך חסידיש אין דער ברייט און גלעטן זיך די הענט פּאַמעלעך, ווי אין אַ תפילה צום בורא־עולם, אַז חיימל זאָל מער ניט נכשל ווערן און זיך ווידער ניט אויסגליטשן ווי פריער.

חימל, וואָס האָט נישט אָפּגעווענדט די אויגן פון אים, האָט היפּנאָטיש דורכגעפּילט מנשהס רעיונות און ס׳האָט ווידער אויפגעטויכט זייער אומצושיידבאַרע באַהעפטונג. זיין פּנים האָט געברענט, ווי ער וואָלט געהאַט פּיבער און באַלד געלבלעך געוואָרן ווי איינער, וואָס האָט די געלזוכט. ביידע האָבן געהאַט דעם באַגער אַרומצונעמען זיך ווי אַמאָל אינעם גרוב; ווידער צו לייגן זייערע קעפּ אויף דעם אַנדערנס אַקסלען און גוט אויסוויינען זייערע צעווייטיקטע הערצער איבער זייער איצטיקע און אפשר אייביקע צעשיידונג.

דבורהלע, וואָס האָט שפּאַנענדיק געקוקט אויף זיי, האָט צנועהדיק אַראָפּ־געלאָזט די אויגן־לעפּלעך. איר האַרץ איז געווען אָנגעפּילט מיט רחמנות און זי האָט שטיל געזיפצט, ווי ביים לייענען די צאינה־וראינה — אַ מיטגע־פיל צוביידן.

רעגינאַ, האָט מיט אירע צעפלאַמטע גרויסע אויגן, ווי לייכטנדיקע שטערן אין פינצטער פון נאַכט, דורכגענומען אַלעמען ביים טיש. זי האָט איבערגעהאַקט די טויטע שטילקייט מיט איר ראַפּטעמדיקן אויפשטעלן זיך און איז צוגעגאַנגען און אַרומגענומען דבורהלען. זי האָט איר געקושט ווי אַ לייבלעכע שוועסטער. ביי ביידן זיינען די אויגן פול געווען מיט טרערן ווי אין טיפן טרויער.

רעגינאַ און חימל האָבן זיך דערנענטערט צו דער טיר און מיט אַ שטילן אומעטיקן געזעגענען זיך, האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס הויז. ביידע האָבן גע־שוויגן ווי שטומע. זיי זענען געווען טיף פאַרטראַכט אין זיך און אַזוי אַרונ־טערגעשפּאַנט פון די שטיגן; זיינען אַריין אין זייער טונקל־באַלויכטענעם קאָרידאָר.

זי, נאָכן באַפרייען זיך פון דער אומעטיקער סצענע ביי מנשהן און דבורהלען, האָט געפילט ווי אַ שווערע לאַסט איז אַרונטער פון אירע אַקסלען. זי האָט געשפּאַנט מיט אימפּעטיקע טריט אַ צופרידענע מיטן אויספירן אַלע אירע באַגערן. ער, פאַרזונקען אין טיפן צער פון דאַרפן בלייבן אַליין אין מדברדיקן ניו יאָרק, האָט זיך מיט שלאַבערדיקע טריט נאָכגעשלעפּט הינטער איר.

אַ פּחד איז אים באַפאַלן ביים אַרויפגיין די שטיגן פון זייער הויז, וואָס זיי דאַרפן באַלד פאַרלאָזן. די דין־עכאָדיקע אָפּהילכן פון די אָפּצאַסן פון אירע שיכלעך האָבן אים דורכגענומען מיט שרעק. ווי די טרויעריקע קלאַנגען פון די משבעות אין די „תציל־ממות" פּושקעס.

ביידע, ווי שטומע, אָן אַ וואָרט אויסריידן, האָבן זיך געלייגט שלאָפן. חימל האָט, ביים לייענען קריאת־שמע, שטאַרק אונטערגעזיפצט. ער האָט איר געזאָגט, קאַלטלעך, אַ גוטע נאַכט, ניט קושנדיק זי ווי אַלעמאָל און זי האָט צוריק געענטפערט מיט אַ פלעגמאַטיש־לעבלעכע „גוטע־נאַכט", מיטן איראָנישן אונטערברומען: — „אַזוי ווי מ'הילכט אַריין, אַזוי הילכט אַרויס".

רעגינאַ האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. ביידע, דריי־ענדיק זיך אויף אַלע זייטן, האָבן ניט געקענט איינשלאָפן און האָבן אין דער שלאָפלאָזער נאַכט געטראַכט פאַרשיידענע רעיונות. ער, מיט טיפע

ספקות אין אירע פּלענער, וואָס זיינען געווען דורכגעמישט מיט פּיינלעכע פאַרדאַכטן, און זי מיט דורכטראַכטן אַלע דעטאַלן וועגן דורכפירן מיט אַנטשלאָסענעם ווילן אַלע אירע באַגערטע פאַרלאַנגען.

ביידע זיינען אויף צו מאָרגנס אויפגעשטאַנען מידע. חיימל האָט ביים אַרונטערלאָזן די פיס פונעם בעט, זיך פאַרשטעלט דאָס מויל מיט זיין רעכטער האַנט, איינצושטעלן דעם קלאַנג פון דעם הילכיקן געניצן. זי ווידער, מיט איר אימפּעטיקן אַרויסגיין פונעם בעט, האָט שטיפעריש חיימלען אַ לייכטן גלעט געטאָן איבער זיין צעפּאַטלטער העלער טשופּירנע. דאָס האָט אים ווי עלעקטריזירט אַלע זיינע גלידער. ער האָט זי אַ ריס געטאָן צו זיין האָריק־באַוואַקסן לייב, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרט פון זיין צעקנעפּלט נאַכט־העמד. ער האָט דערשפּירט מיט ליבלעכן ציטער אירע קיילעכדיקע, וואַרעמע ברוסטלעך און האָט פיבעריש, הייס לײדנשאַפט־לעך אויסגעקושט אַלע אירע גלידער... געקושט ביזן טיף זיס־פּיינלעכן פאַרגיין...

נאָכן שנעלן וואַשן זיך און אָנטאָן, האָט חיימל מער נישט קיין צייט געהאַט צום דאַווענען, דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן צו לויפן גלייך צו דער „סאָבוועי" וואו ער וועט שוין דאָרטן, אין דער גאַס וואו מ׳פאַרקויפט צירונג זיך אַריינכאַפּן צו אַ לעצטן מנין און אָפּדאַווענען. יאָ, אַזוי וועט ער טאָן נאָכן אָפּפאַרטיקן זיך אין זייער צירונג־געשטעל מיטן אויסשטעלן זייער סחורה אין די גלעזערנע שראַנקען.

ביים אַרויסגיין פון הויז האָט זיי די זוניקע העלקייט פונעם אָנהייב פרילינגדיקן פרימאָרגן פאַרבלענדעט די אויגן. די עטלעכע שיטער־צעוואָרפענעביימלעך פונעם דערבייאיקן פּאַרק, האָבן שוין געהאַט קנאָספּן אויף זיך און גרינלעכע בליאונג אויף זייערע דאַרע, דינע צווייגלעך. זייערע נישט־דיקלעכע שטאַמען זיינען שוין עטוואָס ברוינלעך געוואָרן נאָכן ווינטערדיקן פאַרשימלטן, מעשענעם אויסזען. זייערע שיטערע צווייגעלעך האָבן זיך געשאָקלט, ווי יונגע הדסה־צווייגלעך אויף בענטשנדיקע לולבים אין יום־טוב סוכות.

רעגינאַ מיט חיימלען האָבן געשפּאַנט מיט דערפרישטע האַסטיקייט, ווי יונגע סאַרנעס צו דער סאָבוועי אנטקעגנאיבער. די סאָבוועי — אין דער צייט פון די ראַשיקע שעהן — איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן אַזש צום דערשטיקט ווערן. זי האָט אים האָפערדיק און מיט אַ צעשטראַלטע געזיכט דערמאָנט, אַז אין גיכן וועלן זיי שוין פאָרן אין דער לאָנג־איי־לענדער באַן, וואו זיי וועלן זיצן אין באַקוועמע פּלעצער, ווי מענטשן.

בײַם אַרײַנקומען אין דעם צירונג־עקסטשעינדזש״ צו זײער געשטעל, נישט װײַט פֿון בערלען, האָט ער זײ אַנטקעגן געטראָגן זײַן געװײנטלעכן ברײטן „גוט־מאָרגן״. זי און חײמל האָבן די אױסגעטױעטע מאַנטלען אַרײַנגעהאָנגען אינעם העל־געלבלעכן קלײדער־שענקל װאָס איז געװען אײַנגעבױט אין זײער אונטערשטער גלעזערנער שאַנק.

חײמל איז אַװעק צו דער אַלגעמײנע אײַזערנע קאַסע, װאָס איז באַשיצט מיט עלעקטרישע פֿאַרבינדונג צו דער „האָלמס״ דעטעקטיװ־צענטראַלע. דאָרט, אין דער אָנװעזנהײט פֿון צװײ ספּעציעלע װעכטער אין גרױע מונ־דירן, האָט ער, װי אַלע אַנדערע אין „עקסטשעינדזש״, אַרױסגענומען זײַנע בומערירטע פֿלאַכע, פּיר־קאַנטיקע קעסטלעך מיט פּערל, בראָנזעלעטן און ברעלאָקן.

רעגינאַ האָט די אַלע שטיקער צירונג איבערגעװישט און פּאָלירט מיט רױט־פֿאַרביקן רוזש. זי האָט זײ אױסגעלײגט אין דער שטײענדיקער גלאָז־שאַנק מיט אַ זעלטענער צערטלעכקײט אין האַרמאָניש־סימעטרישע רײען, אַז ס'האָט ממש פֿאַרבלענדט די אױגן פֿון די פֿאַרבײַגײער און סתם נײַגעריקע מענטשן, װאָס האָבן זיך אַרומגעדרײט אין „עקסטשעינדזש״.

מנשה, דבורהלע און זײער שמעונדל זײַנען צװײ װאָכן פֿאַר פּסח צוריק געפֿאָרן „אַהײם קײן ארץ ישראל״. די לעצטע צװײ װאָכן זײַנען זײ אײַנגעשטאַנען אין חײמלס נײַע הײם אין לאָנג־אײַלאַנד, װײַל זײ האָבן אױספֿאַרקױפֿט כמעט אַלע זײערע הױז־זאַכן.

רעגינאַ האָט די לעצטע נאַכט פֿאַר זײער אַװעקפֿאָרן, געמאַכט אַ גרױסאַרטיקע אָפּשײדס שמחה כיד־הגבירים, אַלץ צוגעגרײט בײַ אַ באַרימטן „קײטערער״ פֿון אַ כּשרן אונגאַרישן רעסטאָראַן אין זײער געגנט. צו דער שמחה זײַנען געקומען אַלע זײערע אַלטע פֿרײַנט, בערל מיט שוירלי, אָנקל מעק מיט סוזען, מנשהס קוזין און קוזינע פֿון באָר־פּאַרק, װאו אױך אירע נײַע דערװאָרבענע פֿרײַנט פֿונעם טעמפּל „אַנשי ישורין״, אין זײער לאָנג־אײַלאַנדער שטעטל „נעראָו נעק״. דער עולם האָט זיך אין גאַנג פֿון דער שמחה צוזאַמענגעגאָסן װי אײן משפּחה. װי ס'איז דער שטײגער בײַ ײדן אין אַלע צײַטן איז דער הױפּט־בעל־דברן געװען דער יונגער ראַבײַ רענסלי פֿעלדגרין — אַ געװעזענער היברו־טיטשער, װאָס דאָס לער־נען ײדישקײט מיט אַמעריקאַניש־ײדישע קינדער, איז אים שױן „געקראָכן פֿונעם האַלדז״. די פּרנסה איז אױך געװען אַ שװאַכע, אַ נישט־סטאַבילע. האָט ער געענדיקט דעם „שעכטער״ סעמינאַר און איז געװאָרן אַ זײער

דערפּאָלגרייכער ראַביי. ספּעציעל איז ער געווען דעפּאָלגרייך ביי דער פּרויען אוקזילערי פונעם טעמפּל, צוליב זיין שיינעם, קרעפּטיק־מענלעכן אויסזען. ביים עסן די פיינסטע מאַכלים און ביים טרינקען די היימישע און אימפּאָרטירטע אונגאַרישע וויינען, האָט זיך אָנקל מעק געהאַלטן אין איין קושן מיט אַלע יונגע ווייבלעך, ספּעציעל מיט רעגינען. זיין ווייב, סוזען האָט אים געהאַלטן אין איין ציען ביים אַרבל, און אים איינגערוימט — „ס׳איז נישט שיין פאַרן ראַביי אין די אויגן״. אָנקעל מעק, האָט אין זיין צעהיצטקייט, געפרעגט אַ שעלה ביים ראַביי רענסלי — „מעג מען, אָדער ס׳איז פאַרבאָטן לויט די היברו טראַדישאָן״? דער ראַביי רענסלי האָט געפּסקנט, אַז זינט פּרעזידענט ווילסאָנס איינפיר פון אַן „אָפּען דאָר פּאָלי־סי״, איז קושן זיך מיט ווייבלעך בפרהסיה כשר וישר. אָנקל מעק האָט אַריינגערוקט גוט־ברודעריש זיין ברייטע לאַפּע אין מנשהס דאַרע, ביינער־דיקע האַנט, אים אַ קוועטש געטאָן אַזש ס׳איז מנשהן געפלויגן פונקען פאַר די אויגן, זיך געזעגנט מיט אים מיט זיין פּשוטער האַרציקייט און פאַר־ענדיקט: — „יאָנג מען, נישט געזאָרגט! צו יעדער צייט ווען דו וועסט זיך נויטיקן אין מזומנים אין „האָלי־לענד״, זאָלסטו זיך נישט שעמען מיר שרייבן, אַפילו אין היברו. אונדזער ראַביי פון מיין טעמפּל וועט שוין דאָס איבערלייענען פאַר מיר. דו קאָנסט זיך פאַרלאָזן אויף מיר ווי אויף אַן אייגענעם טאַטן״...

רעגינאַ האָט דבורהלען איבערגעגעבן אַלע מתנות פון די געסט; פון אָנקל מעק און סוזען אַ טשעק פון פינף הונדערט דאָלער, פון בערלען אַ רעגירונגס־באָנד פון צוויי הונדערט דאָלער, פון זיך און חיימלען אַ ישראל באָנד פאַר הונדערט דאָלער. ראַביי רענסלי האָט אינעם נאָמען פון אַלע געסט געהאַלטן אַ געזעגענונגס „ספּיטש״ אין ענגליש, פאַרבראַקט צום שלוס מיטן „יברכך״ פונעם דוכנען.

אָנקל מעק, שוין שטייענדיק ביי דער טיר, האָט מיט זיין באַסאָווע שטימע אויסגעשריגן: — „טרי טשירס פאַר מיינע „רעלידזשיס״ לאַנדס־לייט! טרי טשירס פאַר די „האָלי־לענד״! אַלע געסט האָבן אים נאָכגע־פאָלגט ווי איין שטימע אין רעפרעין.

אויף צו מאָרגנס האָט זיי באַגלייט צום שיף חיימל אַליין, ווייל רע־גינע האָט נישט געקענט איבערלאָזן דאָס געשעפט אויף „גאָטס באַראָט״. ביים געזעגענען זיך מיט מנשהן און דבורהלען, אין דער פרי, ביי זיך אין הויז, האָט זי זיי געזאָגט: — „איר ווייסט גאַנץ גוט, גאָט איז מיין עדות, אַז כ׳וויל מיטן גאַנצן האַרצן אייך באַגלייטן צום שיף, אָבער דאָ

איז נישט ווי אין מונקאַטש, דאָ, אין אַמעריקע, איז ביזנעס איבער אַלץ אין דער וועלט". זי האָט זיך מיט זיי צעקושט, צעוויינט און אַוועק צום געשעפט . . .

חימל האָט גענומען אַ טעקסי און איז מיט זיי געפאָרן צו דער שיף. ער האָט זיך געשטאַרקט מיט אַלע כוחות נישט צו וויינען. ווי מען זאָגט: — „חתן מאַך זיך אַ לב", כאָטש דאָס האַרץ זיינס האָט שיר נישט געפּלאַצט פון אינערלעכן צער. כדי צו פאַרטומלען און פאַרטויבן זיך, האָט ער גע־האַלטן דאָס קינד אויף זיין שויס, געמאַכט צו אים עלערליי קינדערישע־קלאַונישע שטיקלעך און העוויות. ס'זעלביקע האָט ער געטאָן ביים באַגלייטן זיי אויף דער שיף. ער האָט געשפּילט אויף שמעונדלס קינדערשן טראָמפּייטל אַלע קינדערישע־סאַברישע זמרלעך וואָס ער האָט זיך דערמאָנט פון נתניה. ער האָט זיך מיט נערוועזע צעפלאַמקייט צעקושט מיט מנשהן, דבורהלען און מיטן קינד. אַ טיפע טרויער האָט געשוועבט אויף זיין פּנים. ער האָט אכזריותדיק פאַרטויבט דאָס אויסשריי פון זיין צעריסן האַרץ ביזן אַרונטער־גיין איבערן ווייסן שיפס־בריקל. ווען די שיף האָט געגעבן דעם לעצטן פייף, האָט ער זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן. אַ העשענדיק געוויין האָט אויסגעבראָכן פון זיין פאַרקלעמט האַרץ, ווי ער וואָלט דערפילט, אַז זייער צעשיידונג איז אויף אייביק און אַז ער וועט זיי שוין קיינמאָל נישט זען.

עס האָט לאַנג נישט גענומען און זייער צירונג געשעפט — מיט די נעאָן באַלייכטענע שילד פון R. H. Grafshtein, Inc. איז שטענדיק אַרומ־געריגגלט געווען מיט קונים, און סתם נייגעריקע צוקוקער און טאַפּער. רעגינאַס צויבער, מיט איר עלעגאַנטע העפלעכקייט, האָט ווי אַ מאַגנעט צו־געצויגן אַלע וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען זייער געשטעל. אויך צוליב איר געשמאַקן גוטן אויסוואַל פון די נייעסטע צירונג־מאָדעלן, איז דאָס געשעפט זייערס געוואַקסן ווי אויף הייוון. צום האַרבסטיקן „קריסטמעס" סעזאָן האָבן זיי צוגעדונגען נאָך אַ פריי־געוואָרן געשטעל נעבן זייערס, און אַזוי אַרום האָבן זיי פאַרגרעסערט זייער געשעפט מיט נייע צירונג־אַרטיקלען — ברילִיאַנטענע האַלדז־באַנדן, שפּילקעס און בראָשן, מאָדעלירט מיט איר אַרטיסטישן געשמאַק. מיט דעם האָט זי צוגעצויגן אַ רייכע קליענטעלע — די רייכסטע דאַמען און מענער האָבן זיך מיט איר באַראַטן וועגן זייערע געפּלאַנטע מתנות פאַר געבורטס־טעג, „אַניוואַירסעריס" און אויך חנוכּה און ווייַנאַכטס־געשאַנקען.

רעגינאַ איז געוואָרן אַזוי שטאַרק פאַרנומען אין געשעפט, אַז זי האָט קיין צייט נישט געהאַט צוצושרייבן עטלעכע שורות צו די בריוו וואָס חימל

האָט וואַכנטלעך געענטפערט אויף די בריוו פון מנשהן. חימל פלעגט איר, אין די שפּעטע שעהן פאַרן שלאָפן־גיין, איבערגעבן בקצורדיק, די וויכ־טיקסטע אויסצוגן פון די ארץ־ישראלדיקע בריוו, ווי אַ שטייגער, אַז זיי האָבן זיך, ברוך־השם צוריק איינגעאָרדענט באַלעבאַטיש אין זייער באָגערטע, ליבע היים און דער שיינער הערלעכער נתניה. חיימל לייענט שטיל די ווערטער פון מנשהן: — „איר וואָלט נישט דערקענט אונדזערע ליבע נתניה, די הערצער אייערע וואָלטן געוואַקסן פון נחת ווען איר זעט ווי די שטאָט איז, קיין עין הרע, אויסגעוואַקסן עס איז שווער עס צו באַשרייבן". און חיימל לייענט ווייטער: — „איך אַרבעט אינעם זעלביקן פּלאַץ ווי פריער, אָבער אין אַלגעמיין וואָלטן מיר נישט אויסגעביטן איין שבת ביי אונדז פאַר קיין כל הון דעלמא, מיט גאַנץ ניו־יורק, בראָנקס און ברוקלין צוזאַמען".

רעגינאַ האָט געשמייכלט און חוזקדיק באַמערקט: — „זיי דאַרטן פּאַסן זיך אַריין, מיט זייערע קליין־שטעטלדיקע באַגריפן ווי „אַ וואָרעם אין כריין". „כ'פאַרגין זיי, מיטן גאַנצן האַרצן, זייערע גאָלדענע גליקן דאָרטן", משטיינס געזאָגט".

חיימל האָט דערביי געזיפצט מיט שטילע פאַרבענקטקייט און אינערלעכן פאַרדרוס, אַ פאַרדרוס צוליב איר פרעמדקייט צו אַלץ וואָס איז אים אַזוי נאָענט און ליב. עס האָט אים ווי געאיבלט איר פאַרקאָכטקייט אינעם אַלץ וואַקסנדיקן באַנק־ביכל זייערן, וואָס זי האָט תאוהדיק געהאַלטן אין איין אַריינקוקן, ווען זי האָט נאָר געהאַט אַ פרייע מינוט, ווי להבדיל אַ פרומער בן־תורה אין אַ זעלטענעם ספר. דעם אמת געזאָגט, איז ער אויך געווען צו־פרידן פון דעם, אָבער נישט ווי זי — מיטן צעלאָזטן האַלדז אירן. ער האָט געטראַכט פאַרדראָסיק; אַזאַ יאָגעניש נאָך געלט! פונקט ווי עשוס נישט גע־זעטיקטן האַלדז נאָך אַרבעס. אַרבעס! צוליב וועלכע ער האָט אַפילו די בכורה פאַרקויפט.

די גויאישע חגאות האָבן זיי פאַרבראַכט אין שענסטן האָטעל אין די קעטסקיל־בערג. זי האָט דאָרט די לעצטע עטלעכע נעכט געהאַלטן אין איין טאַנצן מיט זייערע באַקאַנטע, רייכע קונדן, ספּעציעל מיט דעם עלטערן הייזער־בויער, דעם קרעפּטיקן און שיין־געבויטן מאַן מיט די איידל־פּאָלירטע מאַניערן, מיסטער שוסטער. ער האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון איר אַמאָליקן רעטער און באַשיצער אין די פינצטערע נאַצי־יאָרן, דער אינזשעניר שרע־דער. אַזוי האָט זי באַמערקט צו חיימלען ביים פאָרשטעלן אים, נאָכן ערשטן טאַנץ אין דער לעצטער פייערלעכער גאַלאַ־נאַכט. זי האָט נאָר געטאַנצט מיט אים און פאַרטאָג האָט ער איר פאָרגעשלאָגן צו קויפן ביי זיין בוי־

קאָרפּאָראַציע אַ ניי מאָדעל־הויז אינעם נייעם בוי־פּראָיעקט, אַרום דעם באַוואוסטן „פּלאָראַל־פּאַרק" געגנט אין לאָנג איילאַנד.

„דאָס איז אַ הויז" האָט ער אויסגעמאָלן, „אין קאָלאָניאַלן ענגלישן באַנגאַלאָ סטיל, עס האָט אַכט צימערן אויף איין שטאָק מיט אַ הערלעכן פּראָנט צוגאַנג, פאַרפלאַנצט מיט גראָז. אַ גרויסאַרטיקער גאָרטן וועט אויס־געשטאַט ווערן הינטערן הויז פּרילינג־צייט. עס וועלן דאָרט פאַרזעצט ווערן די שענסטע ביימער און בלומען. אַלע צימערן האָבן די שענסטע איינ־ריכטונגען. ספּעציעל וועט זי אַנטציקט ווערן פון דער איינגעאָרדנטער „באַר" מיט די קינסטלערישע האָלץ־געשניצטע, נאַקעטע פיגורן, וואָס פאַרכאַפּן ממש דאָס אויג".

ער האָט איר געגעבן אַ פּאָסט־קאַרטל אין קאָלירן פון אָט דעם מוסטער־הויז. ער האָט איר געזאָגט, וועגן פּרייז זאָל זי זיך ניט זאָרגן, ווייל מיט איר באַוואוינען דאָס מאָדעל־הויז, וועט פאַר זיי זיין לייכטער צו פאַרקויפן די אַנדערע פופציק פּלאַנירטע הייזער פונעם פּראָיעקט. יעדעס הויז ווערט גע־רעכנט צו פאַרקויפט ווערן פאַר דעם סטאַנדאַרדיזירטן פּרייז פון פינף און דרייסיק טויזנט דאָלאַר. די הייזער מוזן פאַרקויפט ווערן אין אַ קורצער צייט. „אייער באַצויבערנדע עלעגאַנץ וועט זיין אונדזער בעסטע פאַרקויף־אַט־ראַקציע", האָט ער צוגעגעבן. רעגינאַ האָט אים פאַרשפּראָכן צוקומען זען דאָס הויז דעם צווייטן זונטיק נאָך זייער אַהיימקומען.

חיימלען איז ניט געפעלן דער גאַנצער עסק. ער האָט איר פּרובירט אָפּרייידן פון דעם: — „צו וואָס דאַרפן מיר אַזאַ גרויס לוקסוסדיקן הויז? ווער דאַרף אַ „באַר"? אַזעלכע שיכורים ווי מיר זיינען קענען זיך באַגיין אָן אַ „באַר"! ווער דאַרף דאָס אינגאַנצן?"

רעגינאַ, וואָס איז איצט געוואָרן דער גאַנצער כל־ולך אינעם געשעפט, האָט איצט באַטראַכט חיימלען ווי אַ לאַ־יצלחדיקן שלימעזאַלניק. האָט זי אים געענטפערט מיט אַ באַפעלערישן טאָן, ווי אַ האַרין צו אַ קנעכט: — „איך, די באַראָנעסע פון דעם אַמאָליקן הויז, ווײלערהאוזן, איך האָב אַלע־מאָל געוואוינט אין פּאַלאַצן, און איך וויל איצט דאָס הויז מיט דעם „באַר". מיר זיינען נישט אין נתניה, אָדער מיט די שנאָרערישע „אָסט־יודן" פון דער בראָנקס. דאָ אין אַמעריקע, האָבן אַלע „אָפּ־טו־דעיט ביזנעסלייט" איי־גענע הייזער מיט שיין־איינגעריכטעטע „באַרס" צום פאַרברענגען מיט רייכע געשעפטס־באַקאַנטע ביי „קאָקטעיל־פּאַרטיס", דאָס העלפט אַ סך אין דער אַנטוויקלונג פון ביזנעס.

חיימל, וועלכער האָט זיך שוין סיי־ווי־סיי געפילט ווי אַ פינפטער

ראַד צום וואָגן, האָט אָבער דאָס מאָל ניט געוואָלט אַרויסווייזן זיין דער־שלאָגנקייט, און האָט פאַרשוויגן אירע חוצפּהדיקע רייד. און האָט איינגע־שטימט צו פאָרן מיט איר באַקוקן דאָס הויז.

כט

# דאָס נייע הויז

דער פרימאָרגן איז געווען אַ פאַרנעפּלטער, דער הימל איז געהאָנגען אַ גרויער, גרויסע שניי־פליטערלעך, ווי ווייסע פּוך, זיינען פּאַמעלעך גע־פאַלן צו דער ערד. די מעכאַנישע פענצטער־רייניקער פון קאַרל שוסטערס קאַדילאַק, אין וועלכן חיימל, רעגינאַ און שוסטער זיינען געפאָרן זען דאָס מאָדעל־הויז, באַוועגן זיך האַסטיק ווי דער אומרו פון אַ וואַנט־זייגער... לאַנגע שוואַרצע פּאַסן פון רעדער ציען זיך אין זיג־זאַגישע ליניעס אויף דעם צווייטן שניי־ווייסן וועג, וואָס פירט צום מאָדעל־הויז.

מיסטער שוסטער האָט אָפּגעשטעלט דעם אָטאָמאָביל ביי אַ באַן־וועג, ווייל די רויט־ווייסע באַריערן זיינען געווען אַראָפּגעלאָזט דורכצולאָזן די באַן. אין עטלעכע מינוט שפּעטער זיינען זיי ווייטער געפאָרן מיט אַ זייטיקן וועג ביז זיי זיינען אָנגעקומען ביים פּראָיעקטירטן הייזער־בוי וואו ס׳איז גע־שטאַנען דאָס מאָדעל־הויז. עס האָט אויסגעקוקט ווי אַן איינזאַמער גרינ־ווייסער פּאַלאַץ אין מיטן פון אַן אומענדלעכן ווייס־פאַרשנייטן פעלד.

מיסטער שוסטער האָט זיך אָפּגעשטעלט לינקס פון משופּעדיקן פריש־געפלאַסטערטן שטעג, וואָס פירט צו די אויטאָמאָביל־גאַראַדזשעס פון הויז. ער איז פלינק אַרויסגעשפּרונגען, ווי אַ יינגל, פונעם פּראָנט־געזעס, האָט געעפנט די הינטערשטע טיר פון אויטאָמאָביל, זיך דזשענטלמענעריש פאַר־נייגט ביים העלפן רעגינען אַרויסגיין פון אויטאָמאָביל. דערנאָך האָט ער געהאָלפן חיימלען און געוואָרנט זיי צו גיין מיט פאָרזיכטיקע טריט אויפן שניי. מיט אַ באַריר פון אַן עלעקטרישן קנעפּל האָט ער געעפנט די גאַראַדזש־טיר, וואָס איז געווען נאָענט צום הויז. די טיר האָט זיך מעכאַניש אויפגעהויבן און איז פאַרשוואונדן אין דער הויך. ער האָט מיטן צוגעגרייט שליסל געעפנט די טיר פון קיך. ביים אַריינקומען אין קיך האָט מיסטער שוסטער ווידער אַ דריק געטאָן אַן עלעקטריש קנעפּל און באַלד האָבן ווייסע נעאָן־לאָמפּן באַלויכטן די פּלאַסטישע ווענט און אַלע עלעקטרישע מכשירים אין קאָמבינירטע, האַרמאָנישע קאָלירן. די ווייסע קאַכליעס האָבן געבלאַנקט ווי שניי און די מעטאַלענע באַפּוצונגען האָבן געגלאַנצט ווי זילבער. אַלץ

האָט זיך געמיניעט אין רויט און גאָלד, די פּלאַסטישע געפעסן, די זיל־בערנע געשירן. אַרום די הויך־הענגענדיקע שאַנקן שטייט דער הויכער, ברייטער פרידזשידעיר דער אויטאָמאַטישער, נייסטער, אויף דער אַנדערער זייט שטייט דער עלעקטרישער קאָך־און־באַק אויוון, דער העל־בלויער פּלאַכער וואַש־טאָפּ, דער אויטאָמאַטישער געשיר־וואַשער, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַ מאַשינקע פאַר צערייבן איבערבלייבעכצן פון שפּייז, אַפילו ביינער. דאָ ווערט אַלץ געוואַשן און געטריקנט מיט מאַגישער געשווינדקייט און ריינקייט.

רעגינאַס אויגן פלאַמען פון תענוגתדיקן געָנוס ביים אויספּרובירן אָט די מכשירים. נאָך דעם האָט מיסטער שוסטער אָנגעצונדן אַלע לאָמפּן אין אַלע צימערן, אויך די קריסטאָלענע זשיראַנדעלן און די שטייענדיקע, מאָדערניסטישע לאָמפּן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַן אַנגענעם ליכט דורך זייערע פּיל־קאָלירטע אַבאַזשורן. אַ געמיטלעך ליכט האָט באַשיינט די אַלע נייעסטע מעבל, גאַרניטורן, פאָרהאַנגען און גאַרדינען, וואָס האָבן מיט זייערע גע־פאָלדעוועטע וואָלאַנסן געכאַפּט דעם אָנבליק פון וואַסער־פאַלן. די פאָרהאַנגען האָבן שעמערירט אין ליכט ווי חופּה־קליידער.

ווייכע טעפּעכער, אויסגעלייגט פון וואַנט צו וואַנט, האָבן געפירט פון איין צימער אין דעם אַנדערן. רעגינאַ האָט ווי אונטערגעטאַנצט ביים טרעטן אויף זיי. זי האָט אָנגעקוואָלן פון די צוויי שיינע באָד־צימערן מיט זייערע קאָלירטע פּאַסטעל־קאַכלעס, מיט זייערע מאַרמאָר־טישלעך און באַגילדטע שפּיגלען. זי האָט אַלצדינג באַרירט מיט אירע לאַנגע, דינע פינגער. זי האָט דורך דעם דורכגעפילט דעם תענוגדיקן געָנוס, ווי אַמאָל ביים אָנמעסטן שוירליס מינק־מאַנטלען. מיסטער שוסטער האָט זיי אַרונטערגעפירט אין קעלער וואו עס זיינען געווען אַלע עלעקטרישע איינריכטונגען פאַר באַהייצונג, די וואַש־מאַשינען און פרעסער. דאָרט האָט ער זיי געוויזן אַ שפּיל־צימער פאַר קינדער אינעם סטיל פון „וואָלט־דיזני״ און „סופּער־מען״.

חיימל האָט באַמערקט אַ פּלוצמדיקע בלאַסקייט אין איר געזיכט. ער האָט דאָס אויסגעטייטשט אַלס אַ דערמאָנונג אָן איר עקרהשאַפט צוליב אירע איבערלעבונגען ביי די נאַציס. באַלד אָבער האָט זיך די פאַרב פון איר פּנים געענדערט און זי האָט מיט דער פריידיקייט פון אַ קינד באַטאַפּט די אַלע שפּילערייען און צאַצקעס. דערביי האָט זי געטראַכט, אַז ווען זי וועט אַביסל עלטער ווערן וועט זי אַדאָפּטירן אַ קינד און דער צימער וועט צונוץ קומען.

חיימל האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער שלעפּט זיך נאָך ווי אַ פרעמדער—

אַ ניט־געבעטענער אויף אַ פרעמדער חתונה... נישט אים מיינט מען דאָ...

ער האָט געוואוסט שוין פון פריער, אַז זי וועט ביי אים קיין עצה נישט פרעגן. דאָס העכסטע וואָס קען געשען איז, אַז זי וועט לפנים וועגן, אויס העפלעכקייט אָדער כדי יוצא צו זיין, אים מכלומרשט פרעגן וואָס ער דענקט וועגן דעם.

ווען מיסטער שוסטער איז מיט זיי צוגעקומען צו די — פון האַנט געשניצטע — טירן פון דעם „באַר". האָט ער אַ שמייכלענדיקער געזאָגט צו רעגינאַ: — „מאַדאַם גראַפשטיין, איצט קומט דאָס רעכטע, דער שענסטער און אָריגינעלסטער סורפּרייז פונעם הויז. „איטס אַ נאַקאוט!" איר זאָלט נישט ווערן שאָקירט פון די מאָלערייען אַרום די ווענט. דאָס האָט געמאָלן אַ „גריניטש־ווילעדזש מאָלער — אַ ביטניק, (ווי מען רופט זיי). ער באַווייזט זיך נאָר אין פרילינג און אין האַרבסט מיט אַ פּאַק פון זיינע מאָדנע מאָלערייען אויף איינער פון די גרינע בענק אין פּאַרק, ווייל ער האָט נישט גענוג געלט צו באַצאָלן פאַר אַ פּלאַץ ביי די אַמאַטאָרן־אויסשטעלונגען אין וואַשינגטאָן סקוועער פּאַרק".

מיסטער שוסטער האָט ווייטער געשילדערט זיין באַציאונג צו דעם מאָדנעם „גריניטש־ווילעדזש" קינסטלער. — „אָט דעם ביטניק גיב איך אַלעמאָל אַן אַלטע פּאָר הויזן מיט אַ העמד אין פרילינג, דאָס איז ווען איך דערטאַפּ אים, אין האַרבסט אָפטמאָל גיב איך אים אַן אַלטן מאַנטל. אַמאָל שטופּ איך אים אַריין אַ פינפערל פאַר זיינס אַ בילד — אַן אַנטיקל. אָט דער ביטניק האַלט פון זיך אַ וועלט. אַז מען לויבט זיינס אַ משוגע־בילד, צעשטראַלן זיך זיינע אויגן מיט אַזאַ קינדערישע סאָרט פרייד, אַז עס כאַפּט ביים האַרצן. אין אַזאַ מאָמענט איז ער גרייט אַלץ צו טאָן פאַר דיר". אַזוי האָט מיסטער שוסטער געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן דעם מאָדנעם קינסטלער; — „אָט דער קינסטלער, אָט דער קינסטלער, אָט דער לץ, וואָס קיינער ווייסט נישט זיין נאָמען, האָט דאָס געמאָלן די אַלע בילדער אין באַר פאַר אַ „סאָנג", ווי מען זאָגט ביי אונדז! זיין איינציק באַדינג איז געווען צו לאָזן אים פריי מאָלן וואָס ער וויל".

ביים אַריינקומען אין באַר, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט אַן אומדי־רעקטע טונקעלע באַלייכטונג, האָט מען געזען די העלע געמעלן פון געל און רויט אויף אַ טונקל־בלויען הינטער־גרונד; נאַקעטע מענער און פרויען־פיגורן און שאַרזשירנדן גראָטעסק. אָט איז אַ בילד אין מיטן וואַנט פון שאָפּען ביי דער פּיאַנאָ וועלכער שפּילט דעם „טרויער־מאַרש". דאָס בילד איז באַצייכנט מיט סימבאָלן פון פּרווידיאַנישע חלומות אין דעם פאָרם פון

נאָטן. אַרום אים ציען זיך נאַקעטע פרויען, ווי גאָט האָט זיי באַשאַפֿן. גע־מאָלן זיינען זיי אין שטאַרקן גראָטעסק — מיט לאַנגע צעלאָזענע האָר, וואָס פֿאַרשטעלן, צום טייל, זייערע פּנימער. זייערע ברוסטן הענגען אַראָפּ ביז די נאָפּלען. זייערע געזיכט־טיילן וואָס מ׳זעט, זיינען איינגעהילט אין טיף־טרויעריקן עקסטאַז פֿון זיינע טרויער־אַקאָרדן. אַ פרוי, אין מענערישע רייַ־טער־קליידער, טרייבט און קאָטעוועט זיי אַוועק מיט איר רייט־בייטשל, פּונקט ווי זי וואָלט זאָגן: — „אונדזער פֿונקציע, ווי פרויען, אויסצוזאָגן דעם זאַפּט פֿון די מענערישע ביינער וועל איך שוין באַזאָרגן. דער טרויער־מאַרש איז מיין ליטעראַרישע אינספּיראַציע״...

אויף דער וואַנט אַנטקעגנאיבער איז דאָ אַן אַנדער בילד. אָסקאַר ווײַלד קוקט אַרויס פֿון אַ תּפֿיסה־פענצטערל בעתן שרייבן זיין ווידוי־ווערק; „דע פּראָפֿונדיס״. ער זעט צוויי יינגלעך, אָן תּחתּונים, האַלב נאַקעטע, ווינקען שעלמיש צו אים, ווי אַ דערמאָנונג פֿון זיינע „דאָריען גרעאישע״ צייטן...

אַרום דעם באַר האָט דער ביטניק־אַרטיסט געמאָלן נאַקעטע „פּרייז־פייטערס״ פֿון אַלערליי מאָסן און געוויכטן. טייל זיינען הויך ווי עוג מלך הבשן און אַנדערע זיינען אַזוי נידעריק, אַז די לעדערנע הענטשקעס אויף זייערע הענט זיינען גרעסער פֿון זיי אַליין. אַרום זיי ליגן עטלעכע, אויף אייביק „אויסגענאַקטע״ וואָס וועלן שוין קיין תּחית המתים ניט אויפשטיין... נאָך אַ בילד איז פֿון טויער פֿון „בייס־באָל״ פֿאַנטעאָן. דער אויפשריפט אויף דעם בילד לייענט זיך: — ״דאָס איז דער טויער פֿון אַלע מאַגישע באַלן קלאַפּער מיט פֿלינקע מוסקולירטע הענט און פיס״. עס זעט זיך אַ בילד פֿון אַן אייגנאַרטיקן שפּילער קאָלאָס מיט אַ קעפּל פֿון אַ האָן, מיט אַ געלן באַלן קלאַפּער אין דער לופֿטן וואָס יאָגט די פֿליענדיקע באַלנס אין די הימלען אַריין.

די באַר איז געבויט פֿון העלן „וואָלנאַט״ האָלץ אין אָוואַלן פֿאַרקיילעכדי־קער פֿאָרם, ווי אַ וועלטשענע נוס. אַרום שטייען הויכע לעדערנע רויטע שטולן. צווישן ביידע זייטן פֿון דער „באַר״ שטייען הויכע קאָלאָנעס מיט האַנט־געשניצטע פיגורן פֿון אדם און חוה אין גן־עדן און אַן עפּל־בוים מיט אַ קרייזנדיקע שלאַנג וואָס וויקלט זיך אַרום די סקולפּטאָרישע פיגורן.

חיימל איז געשטאַנען אַ בלייכער, אַ פֿאַרשעמטער, ווי מען וואָלט אים אַריינגעשלעפּט אין אַ בית־זונות. רעגינאַס אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אַ נאַכטיקן, קעציש פייער, ווי זי וואָלט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט אירע יונגע פּאַנסיאָן יאָרן אין די בודאַפּעסטער וויין־קעלערס און קנייפּעס. זי איז אַריין אינעווייניק אין דער באַר, האָט מיט אימפּראָוויזירנדיקע געניטקייט

דראַמאַטיזירט, ווי זי האַלט אין איין האַנט אַ פלאַש און אין דער אַנדערער האַנט אַ פאַררונדיקטע פויסט, ווי אַ גלאָז. זי האָט חוצפּהדיק פאַרשייט גע־פרעגט איר צעטומלטן חימלען: — „וואָס ווינשן זי טרינקען, הער גראַפּ־שטיין?״ נאָך דעם האָט זי זיך קאָקעטיש פאַרנייגט פאַר מיסטער שוסטער און אים געפרעגט: „און איר, מיסטער שוסטער, וואָס פאַר אַ קאָקטעיל ווינטשן זי?״

חימל האָט געקוקט אויף איר מיט אַ צעפּייניקטן שמייכל, נישט גע־קאָנט איר קוקן גלייך אין די אויגן אַריין. מיסטער שוסטער האָט אָבער אָנגעקוואָלן פון איר שפּיל. ער האָט, מיט אַ צעשטראַלט, רויט פּנים, איר אַנטקעגן געשמייכלט און געענטפערט: — „פּליז, מאַכן זי מיר אַ דאָבל־קאָקטעיל מאַרטיני״ און אינעם מישפּיל איר צוגעזאָגט, אַז ביי די ערשטע פאַרטי נאָכן אַריינציען זיך, וועט ער זיין דער הויפּט קעלנער אין דער „באַר״. ער האָט זיך געזעצט אויף איינע פון די רויט־לעדערנע שטולן, פּונקט אַנטקעגן איר און האָט איר תּאַווהדיק דורכגעגנומען, ווי ער וואָלט זי געוואָלט איינשלונגען אין זיך. ער האָט האָפּערדיק אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין רעכטער האַנט, וואויל־ייִנגעריש, אויף זיין קני, און אויסגעשריגן: —

„ביי גאַלי״! איך מוז אייך אַמאָל צופירן אין ווילעדזש. ערשטנס וועט איר זיך באַקענען מיט דעם מאַלער, דעם ביטניק, וואָס שלעפּט זיך אַרום אין וואַשינגטאָן סקווער פּאַרק. צווייטנס, וועט עס זיין פאַר אייך זייער אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט אָט דעם אָריגינעלן ווינקל. דאָס איז דער אַמעריקאַנער „מאָנטמאַרט״, וואָס שטייגט נאָך אַריבער דעם פּאַריזער קינסטלערישן קוואַרטאַל, מיט זיינע שטענדיקע נייקייטן. נעמט אַ שטייגער — אין די פרילינג און זומערדיקע פאַרנאַכטן אָדער אין די סוף־וואָכיקע טעג, שבת און זונטיק, קומט זיך צונויף יונגוואַרג פון אַלע געגנטן אין ניו־יאָרק; בחורים און מיידלעך אין זייערע אונקאָנווענציעלע קליידונג און מיט פאַר־שיידענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן ווי: גיטאַרן, בענדזשאָס און טייל מיט פּייקלעך. זיי שפּילן און זינגען אַלע נייע ליבע־לידער און אויך נע־גערישע געזאַנגען מיט אַזאַ עקסטאַז און ליידנשאַפט, וואָס איז זעלטן צו גע־פינען אין די עקזאָטישסטע טעמפּלען פון דער וועלט״.

מיטסער שוסטער האַלט אין איין שילדערן וואָס עס קומט פאָר אין וואַ־שינגטאָן־סקווער־פּאַרק. חימל שטייט אַ דערשלאָגענער, אָבער ביי רעגיבען פלאַמען די אויגן. און מיסטער שוסטער דערציילט ווייטער; —

„יעדער גרופּע ציט צו זיך צו מענגעס יונגוואַרג. אַלע שאָקלען זיך, קלאַפּן צו מיט די הענט און פיס צום ריטמישן טאַקט מיט אַזאַ התלהבות

און ברען, וואָס מ׳זעט דאָס אַפילו נישט ביי די פאַרברענטע ברוקלינער חסידים. די אַלע אַנדערע, באַזונדערע גרופּעס פאַרמירן זיך אַרום דעם רונדיקן שווים־באַסיין פאַר קינדער, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אַמפיטעאַטער. צום שטאַרקסטן מערקט זיך די עקזאַלטירטקייט ביי די נע־גערישע אַנטיילנעמער, וואָס גיבן צו קאָליר און פרימיטיווע פייערלעכקייט״.

בעתן שילדערן פאַר זיי דאָס אַלץ, ווערן ביי מיסטער שוסטער אָנגע־צונדן די אויגן און ער פאַלט אַריין אין אַ געוואַלדיקער התפעלות ווי ער וואָלט זיין איינער פון די מיטזינגער, מיטשאָקלער. ער פאַרענדיקט אין אַ קלימאַקס: — „כדי דאָס אַלץ צו באַנעמען, דאַרף מען דאָס זען מיט די אייגענע אויגן!״

חיימל באַמערקט מיט פאַרביטערונג: — „עט, דאָס איז נישט קיין רע־ליגיעזע איבערלעבונג, ווי להבדיל ביי די חסידים אין וויליאַמסבורג, דאָס איז עבודה זרה, וואָס נערט זיך פון טמאדיקע קוואַלן. פונקט אַזוי זיינען דעם קינסטלערס פּאַטשקערייען אַרום די ווענט, וואָס זיינען מבזה דעם צלם אלקים אינעם מענטשן. דעם איינציקן פּירוש וואָס מ׳קען אויף דעם געבן ווען זייער שאָקלען זיך דאָרטן אינעם ווילעדזש איז, וואָס דאָס יונג־וואַרג דאָרטן איז מיינסטנס פון יידישע היימען, וואו זייערע טאַטעס זיינען פאַריאָגט אין „ביזנעס״ און די מאַמעס אין „קאָרד־פּאַרטיס״. און זייערע צו־זאַמענקונפטן אין זייערע „באַרס״ זיינען נאָר נאָכצומאַכן די גויאישע שיכרות. דערפאַר אַנטלויפט דאָס יונגוואַרג אינעם שיינעם ווילעדזש דאָרטן. זיי דאַכט זיך אויס, אַז זיי געפינען דאָרטן אַ מקום מקלט אין זייערע נאַרישע געזאַנגען. און דאָס שאָקלען זיך איז אפשר אומבאַוואוסט פאַר זיי, דאָס ירושהדיקע פון זייערע חסידישע זיידעס״.

רעגינאַ האָט מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן איר צאָרן אַנטקעגן חיימלס רייד. זי האָט אים פאַרענטפערט פאַר מיסטער שוסטער.

„ער איז גאָרנישט אַזוי פאַנאַטיש ווי אייך דאַכט זיך אויס פון זיינע רייד. ס׳איז אַזאַ געוואוינהייט ביי אים צו זיין קעגן יענעמס מיינונגען און אויס־דרוקן, ווי אַ גאַנצער פילאָזאָף. פונקט אַציננד איז ער אין אַזאַ שטימונג. זייט אַזוי גוט, מיסטער שוסטער, זעצט פאַר אייער שילדערן פון גריניטש־ווילעדזש״.

מיסטער שוסטער לאָזט זיך לאַנג נישט בעטן און דערציילט ווייטער: — „איר וועט זען דאָרטן, אַרום דעם האָלי מאָנומענט, סטודענטן פון דעם ניו־יאָרק־אוניווערזיטעט, ווי זיי פאַרזאַמלען זיך ספּאָנטאַן, אַרום אַ באַבערדלטן סטודענט, וואָס קלעטערט אַרויף דעם האָלי־פּיעדעסטאַל און עפנט אַ

סימפּאָזיום איבער האָצע־פּלאָצע, אָדער וואָס פאַר אַ משוגעת עס פאַלט אים אָן. אַמאָל קען עס זיין אויף דער טעמע: „געשלעכט און די אַטאָמישע באָמבע". אַלע אַרום היצן זיך און קאָכן זיך, ווי אויף אַ פּאָליטישן יאַריד.

רעגינאַ און חיימל האָבן זיך ברייט צעשמייכלט. מיסטער שוסטער האָט, אַליין אַ שמייכלענדיקער, צו זיי געזאָגט: „דאָרטן קען אַלץ געשען. ביי זיי איז דאָס גאָרנישט קיין דיסאָנאַנס. וואָס קרומער די טעמע אַלץ מער צע־היצן זיי זיך אין זייער דיאַלעקטישער אַקראָבאַטיק. זיי ציען צו אַ סך צוהערער פון דער יונגוואַרג און אויך פון די עלטערע מענטשן וואָס זיצן מידע און האַלב־רעזיגנירטע אויף די בענק אַרום. אַלע קומען זיי הערן, מיט נייגער, די היציקע דיספּוטאַנטן. די איינציקע וואָס רירן זיך נישט פון די בענק, סיידן מ׳זאָל זיי שיסן מיט אַטאָמישע „מיסלס", זיינען די פאַרליבטע פּאָרלעך. זיי טוליען זיך איינער צו דעם אַנדערן אין טיף עקסטאַטישער פאַרחלומטקייט, אינעם טראַנס פון באַהעפטונג. זיי טראַכטן נישט פון דעם נעכטן אָדער מאָרגן, דערפאַר שעמען זיי זיך גאָרנישט פאַר די פאַרביי גייערס".

מיסטער שוסטער ווערט אַליין פאַרכאַפּט פון זיין דערציילן: —

„אין אַן אַנדער ווינקל, איז דער אַרויסגאַנג צו די פאַרשיידענע אַמאַטאָרן טעאַטערלעך און פינצטערע קאַפעי־הייזלעך. זיי זיינען באַלויכטן מיט אַלט־מאָדישע שטיי־לעמפּלעך אָדער דינע ליכטלעך. דאָ זעט מען די יאָלדישע באַזוכער און טוריסטן וואָס עס ציט זיי צו נאַכט־קלובן און קנייפּעס. אין יענעם פּאַרק־ווינקל זיצן ווי צוגעשמידט צו די שטיינערנע בענק און טישלעך די שפּילער פאַרקאָכטע אין שאַך און אין דאָמינאָ. זיי זעען גאָר־נישט דעם גאַנצן האַרמידער פונעם אַרום.

ס׳איז שוין געווען נאָך מיטאָגצייט, האָט מיסטער שוסטער פאָרגעשלאָגן צוצופאָרן אין אַ פיינעם יידישן רעסטאָראַן, וואו דאָס עסן איז זייער געשמאַק און הונדערט פּראָצענט כשר. ער האָט שוין דאָרטן געטראָפן רבנים מיט בערד. די רבנים אין יאַרמלקעס עסן די „דעלישעס" קנישעס, געפילטע קישקע, אונגאַרישן גולאַזש און וואָס נישט?

אויפן וועג צום רעסטאָראַן האָט רעגינאַ אַ גלעט געטאָן חיימלס האַנט און געזאָגט צו אים: — „כ׳האָב, דאַכט זיך מיר, דיר שוין געזאָגט, אַז כ׳בין שוין מיט מיסטער שוסטער מושווה געוואָרן וועגן פרייז פאַרן הויז. ס׳איז ווירקלעך אַ „באַרגען". זי נעמט אים ווי אויף זיכער מיטן זאָגן צו אים. „דו ווייסט דאָך, חיימל, אַז אָן דיר טו איך קיין זאַך נישט. אין דער אמתן ווייסט זי ביי זיך, אַז ער הויבט נישט אָן צו וויסן פון זיינע הענט

און פיס, וואָס זי האָט, הינטער זיינע פּלייצעס, אָפּגעמאַכט מיט אַ דעם מיסטער שוסטער. אַ פאַרדאַכט און איפּערזוכט אויף דעם מיסטער שוסטער, טאָטשעט און פרעסט חיימלען ווי אַ וואָרעם. און דאָס האָט זיך נאָך אָנגעהויבן ביי די באַגעגענישן מיט די טענץ אין די קעטסקיל בערג.

חיימל האָט געפילט ווי אַרויסצושפּרינגען פון אויטאָמאָביל און אויסשרייען צו איר: „חצופה ליגנערין״. ער איז אָבער געוואָרן ווייס ווי קאַלך און האָט אונטערדריקט זיין כעס. נאָך אַ ווײַלע האָט ער איר געענטפערט פלעגמאַטיש־שטיל און מיט אַ געוויסע צוריקגעהאַטנקייט: — „יאָ, איך פאַרלאָז זיך אויף דיר״. דאָס פּנים זיינס האָט זיך פּלוצלונג געענדערט פון אַ טויטער ווייסקייט אויף אַ ברענעדיקע רויטקייט, וואָס קומט פון דערשטיקטע בייזקייט. זיין פאַרביטערט האַרץ האָט יסורימדיק געקאָכט, ווי אַ ברויזנדיקער קעסל.

רעגינאַ האָט דאָס גאַנץ גוט באַמערקט, איר קאָפּ איז ביי איר נישט אויסגעדאַרט, ספּעציעל פּרויען פון איר שטייגער פאַרשטייען אַלץ אויפן וואונק. און ווי פרויען אין אַלגעמיין, מיט זייער קעצישן כאַראַקטער און נאָך דערצו, ווען זיי זיינען אויפן וועג פון תאַוההדיקן גליטש־אַראָפּ־באַרג, מאַכן נישט קיין צימעס פון זייערע מענערס פאַרדאַכטן. און אַפילו ווען מען כאַפּט זיי ביים ליגן־זאָגן און זאָגאַר ווען מען כאַפּט זיי ביים רעכטן־געדעכטן, אַרט זיי דאָס, ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי. האָט זי אָנגעהויבן ריידן צו אים וועגן עפּעס אַנדערש, אַ שטייגער, וואָס פאַר אַ לאָנטש זיי זאָלן באַשטעלן אין רעסטאָראַן. — „איך האָב חשק אַצינד צו עסן אַ ווינער שניצל מיט ברוין־געבראָטענע קאַרטאָפל און אַ גרינעם סאַלאַד, און דו, חיימל? חיימל האָט געשוויגן ביז זיי זיינען אַריין אין רעסטאָראַן.

ביים עסן האָט זי גערעדט מיט מיסטער שוסטער וועגן דעם געפּלאַנטן גאָרטן הינטערן הויז. „איך וואָלט זייער געוואָלט אַז דער גאָרטן זאָל זיין פאַרפּלאַנצט מיט בלומען פון פאַרשיידענע קאָלירן. איך האָב זייער ליב אַ פּילפאַרביקן בלומען־גאָרטן״. מיסטער שוסטער פאַרשפּרעכט איר, אַז גלייך צום אָנהייב פון פרילינג וועט ער שוין באַזאָרגן דאָס פלאַנצן פון די בלומען, די ביימער און די ביימלעך ביי די זייטן פון דעם הויז. אויך די טענענביימלעך, וואָס זעען אויס, ווי פאַרשפּיצטע קירכע־טורעמלעך, וועט ער ביט פאַרגעסן. רעגינאַ האָט באַמערקט אַז די עטלעכע הויכע ביימער, וואָס זי האָט געזען הינטערן הויז און זיינען איצט איינגעטונקען אין שניי, קוקן אויס אַזוי שיין און זיינען האַרמאָניש מיט די אייז־צעפּלעך וואָס הענגען אַראָפּ פון דאַך. „זיי זיינעןווירקלעך אַנטציקנד״ האָט רעגינאַ אויסגערופן. חיימל,

פאַרקערט, האָט געפילט אַז די אייז־צעפּלעך פון דאַך זיינען ווי די פאַר־
פרוירענע טרערן אין זיין צעווייטיקט האַרץ...

ל

# אַ שטורעם אין פרילינג

פרילינג צייט, פאַר פסח, האָבן זיך רעגינאַ און חיימל אַריבערגעצויגן
אין זייער נײַ הויז אַריין.

דער גערטנער, וואָס האָט זיך נאָך אַרומגעפּאָרעט אַרום די גראָזן, בלו־
מען און ביימער, איז געשטאַנען אויף אַ לייטער אָנגעלענט אויף איינעם פון
די ביימער און מיט אַ לאַנגער שער אָפּגעשניטן די שפּיצן פון די צווייגן,
זיי זאָלן וואָס שנעלער וואַקסן. דער קלאַנג פון שערן האָט אָפּגעקלונגען
אינעם ברייטן חלל אַרום און זיך אויסגעמישט מיט די עכאָ־קלאַנגען פון
דעם האָלץ־פּיקער, וואָס האָט פלייסיק געפּיקט די קאָרע פון אַ בוים אין
דערבייאיקן וועלדל. דאָס פריש שפּראָצנדיקע גראָז פאַרן הויז האָט זיך
שוין געמיניעט מיט אַ לייכטע גרינקייט. די נײַ־פאַרפלאַנצטע סאָסנע־ביימ־
לעך האָבן זיך העל־צעגרינט. די פרייד פון פרילינג און בליען האָט זיך
פאַרשפּרייט מיט פויגל־געזאַנג פון דעם וועלדל, וואָס איז געשטאַנען אויף
דער אַנדער זייט פון וועג. דאָס פליסנדיקע וואַסער פון אַ נאָענטן משופּעדיקן
פלוס האָט מיט שטילע שאָרכענדיקע טענער אַקאָמפּאַנירט ווי צאַרטע טענער
פון אַ פּיאַנאָ ווירטואָז. די שאַרלעך־רויטע אָפּדעכלעך אויף די פענצטער
האָבן באַשיינט און באַצירט דאָס הויז, ווי העלע רויטע סטענגעס אין יונג־
מיידלשע צעפּ.

רעגינאַס האַרץ האָט מיטגעזונגען ביים אַרויפשטייגן אויף די טרעפּ צו
דער פאַראַנדער טיר פון הויז. ביים אַריינקומען אין הויז האָט איר באַגריסט
דער הויז־דעקאָראַטאָר. ער האָט געהאַלטן אין פאַרענדיקן דאָס איינאָרדענען
פון מעבל און אין איבערשטעלן די פאַרשיידענע לאָמפּן. מען האָט באַדאַרפט
רעגולירן די אומדירעקטע באַלייכטונג אין סופיט; דאָס אויפהענגען די גע־
ענדערטע מאָדערניסטישע פאָרהאַנגען און פאָרטיערן — אַלץ האָט באַדאַרפט
זיין אין עקזאַקטע האַרמאָניזירונג. ער האָט אויך באַדאַרפט אויפהענגען די
בילדער וואָס רעגינאַ האָט געקויפט אין גריניטש־ווילעדזש. עטלעכע ביל־
דער זיינען געווען פון „שטיל־לעבן". זיי האָבן פאַרגעשטעלט פאַרשיידענע
בלומען אין וואַזאָנעס. איין בילד איז געווען געמאָלן אין קוביסטישן סטיל פון
פיש אויף אַ זילבערנע טאַץ און ביי דער זייט איז געשטאַנען אַ קריגל

ווייך, מיט געשניטענע שטיקער שווייצער קעז. עס איז אויך געווען אַ בילד, אַ רעפּראָדוקציע פון דעם מאָלער מאָדעליאַני — אַ לאַנג־האַלדזיקע פרויען־געשטאַלט וואָס דריקט אויס תּאווה און הייליקייט צוגלייך. דאָס בילד איז געווען אַ מתּנה פון מיסטער שוסטער.

רעגינאַ האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט איר דינאַמישן פלייס אין איינ־שטעלן דאָס הויז. זי האָט זיך גענומען פאָרן און אין דער זעלבער צייט באַמערקט חיימלס שלאָבערדיקן מיטהעלפן. זי האָט געטראַכט אַז ער האַנדלט ערגער ווי אַ פרעמדער, און געפילט האָט זי אַז זיין האַרץ איז נישט דערביי. נישט נאָר האָט זי געוואוסט די סיבה פון דעם, נאָר זי האָט גאַנץ געניי געשפּירט דעם טיפן ריס צווישן איר און אים. ער פלעגט דאָך איר אַלעמאָל מאַכן פאָרוואורפן און איר געגעבן אָנצוהערן זיינען פאַרדאַכטן איבער איר נעלם ווערן פונעם הויז אין די ווינטערדיקע נעכט. און ווען זי איז צוריקגעקומען אין די שפּעטע פרימאָרגן שעהן האָבן אַלע אירע אויסריידן אים געקלונגען פאַלש. עס זיינען דעמאָלט געקומען צו שטורמישע שטרייטן צווישן אים און איר. ער האָט איר אָפן באַשולדיקט אין אַרום־שלעפּן זיך מיט דעם געליבטן אירן, דעם מיסטער שוסטער. און כאָטש זי האָט געלייקנט שטיין און ביין, האָט דאָס אַלץ נישט געענדערט זיין זי־כערקייט, אַז זי פאַרראַט אים. דער עיקר האָט ער דאָס דערפילט אין איר פאַרענדערטע באַציאונג צו אים. אין געשעפט האָט זי געהאַט צו אים אַ גרינגשעצונג ווי צו אַ שיק־ייִנגל. אויסערלעך, פאַר מענטשן, האָט זי דאָס פּרובירט פאַרדעקן מיט אַ מכלומרשט איידלקייט. אָט די פאַלשקייט האָט זיין האַרץ נאָך מער צעריסן. ער האָט געפילט איר פאַרמאַסקירטע גע־קינצלטקייט.

דאָס פיינלעכסטע איז פאַר אים געווען איר אַהיים קומען שפּעט ביי־נאַכט. ער האָט אין אויפרעגונג פון אייפערזוכט זיך ניט געקענט קאָנטראָ־לירן און האָט זי געזידלט און געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך. ער האָט זי אָנגערופן מיט די ערגסטע נעמען איר פאָרגעוואָרפן אַלע אירע אַמאָליקע חטאים; דאָס אַרומטליקן זיך מיט די דייטשע ס. ס.־אָפיצירן און מיטן עסטרייכישן אינזשעניר, קאַפּיטאַן שרעדער.

אין אָט די מאָמענטן פלעגט זי ווערן ווילד ביז וואַנזיניקייט; דער עיקר וויל אים, ווען זי האָט פאַרטרויט איר געצוואונגענע גיהנומדיקע פיינען, נאָר כדי זיך צו ראַטעווען דאָס שטיקל לעבן; ער, ביי ווען זי איז באַטראַכט געווען ווי אַ געשענדעטע ספר־תּורה און ער האָט דאָס איר

געזאָגט אין זיין ליבשאַפט פליסטערן צו איר — ער זאָל דאָס אַלץ אויס־נוצן אַצינד אין זיינע זידלערייען קעגן איר?!

זי האָט דעמאָלט געציטערט מיט פאַרקראַמפטע ביילנדיקע פויסטן אים אַנטקעגן; זיך געריסן די האָר פון קאָפּ; היסטעריש געוויינט ביז ער אַליין איז, אין אָט די מאָמענטן, אַריינגעפאַלן אין אַ טראַגיש־צווייפלנדיקן קאָנ־פליקט מיט זיך אַליין.

ער האָט ביי זיך געפרעגט, אפשר זיינען זיינע פאַרדאַכטן נישט מער ווי אויסדאַכטענישן פון זיין קראַנקהאַפטע פאַנטאַזיע פון אייפערזוכט. דאָס אַלץ, האָט ער געטראַכט, קוועלט אַרויס פון זיין שטורמישע ליבשאַפט צו איר. אָט די ספקותדיקע ראַנגלענישן פלעגן זיך שטענדיק ענדיקן מיטן פאַלן צו אירע פיס, בעטן מחילה ביי איר און נאָכדעם זיך אַרויפוואַרפן אויף איר אין עקסטאַטישער באַהעפטונג. זי האָט אים דעמאָלט געביסן מיט ברענענדיקע ליידנשאַפט און אים נישט אָפּגעלאָזט פון זיך ביז ער איז אַוועקגעפאַלן אַ דערשעפּטער אין באַפרייטער פאַרגעבונג...

דאָס האָט זיך ווידערהאָלט וואָך איין און וואָך אויס מיט די זעלביקע געפאַלענע שפּלותדיקע דערנידערונגען צו איר ביז די סופיקע, שטורמישע ליבעס עקסטאַזן. איינמאָל אין אַ זונטיק־פאַרטאָג איז דאָס געווען — ער האָט אויסגעקוקט נאָך איר מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן און אַרומגעשפּאַנט ווי אַ צערייצטע, פאַרוואונדעטע חיה. ער איז אַזוי אַרומגעגאַנגען אַ געשפּאַנטער הין און צוריק, אין פראָנט צימער פאַר דעם גרויסן פענצטער. ער איז גע־ווען אָנגעפילט מיט אַ פיבערדיקן, ברענענדיקן צאָרן געמישט מיט עלנטקייט און דערשלאָגענער פאַרשעמטקייט.

חיימל האָט דעמאָלט געפירט אַ וויכוח מיט זיך און געקומען צום באַשלוס, אַז זיין חתונה מיט איר איז סוף־כל־סוף אַ מקח טעות. זי איז געבליבן די זעלבע חצופה מיט אירע מגושמדיקע תאוות, ווי פריער. „אַזוי ווי איינער איז צו זיבן אַזוי איז ער צו זיבעציק" האָט ער געטראַכט. ס׳וועט פון איר שוין גאָרנישט ווערן. ער מיט זיין תאווהדיקייט צו איר איז פון יידישן קוואַל; פון דערהייבן די אהבתדיקע תאווה צו אהבת הבורא. „כ׳בין דאָך נישט קיין חיה, ווי זי, וואָס איז פאַרזונקען אין זנות, און ווייטער וואוינען מיט אַ זונה קאָן איך נישט". דאָס האָט ער פעסט ביי זיך באַ־שלאָסן.

אין דרויסן איז געווען שטאַרק פינצטער, חיימל איז געשטאַנען ביים פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט מיט פיבערישע אויגן צום שליאַך, וואָס האָט זיך געצויגן האַרט ביים וועלדל. פון הינטער אַ וואָלקן האָט זיך

אַרויסגערוקט אַ חודשדיקע פולע לבנה. ס׳האָט זיך אים, אין זיין צעקרענקטן דמיון אויסגעדאַכט, ווי אויף דער וואָר, אַז דאָס קוקט אַריבער צו אים מנשה מיט אַ בלאַס, קיילעכדיקן פּנים. ער וויל אים טרייסטן אין זיין איצטיקער פאַרלוירנקייט, ווי ער וואָלט געוואוסט פון זיין איצטיקן באַשלוס פון לאבד עצמו לדעת.

חיימל האָט געוואָלט אויסשרייען: — „כ׳קום צו דיר, מנשה! כ׳האָב שוין איבערגעלאָזט אַ בריוול מ׳זאָל מיך ברענגען צו דיר". נאָר פּלוצלונג איז מנשהס פּנים פאַרשוואונדן הינטער אַ נאַכטיקן וואָלקן און באותו רגע האָבן צוויי שטאַרקע ליכט פון אַן אויטאָמאָביל באַלויכטן דעם וועג. דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן הויז און מיסטער שוסטער האָט אַרויסגעפירט רעגינען אַ האַלב וואַקלענדיקע. ער האָט זי אַרויפגעפירט אויף די טרעפּ, געעפנט פאַר איר די טיר און איר אַריינגעפירט אין הויז אַריין. מיט אַ רואיקייט און אַ קאַלטקייט פון אַ גזלן האָט ער זי אַוועקגעזעצט אינעם רויט-געבעטן גרויסן פאָטעל אַנטקעגן חיימלען.

די קאַלטע און רואיקע אומפאַרשעמטקייט זיינע, האָט חיימלען ווי פאַראַליזירט, דאָס האָט אָפּגעטעמפּט זיין נקמה-נעמען באַגער זיך צו וואַרפן אויף אים און אים דורסן. חיימלס וואַנזיניקע, צעווילדעוועטע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט מיסטער שוסטערן ביז זיין אַרויסשאַרן זיך אין דרויסן. מיסטער שוסטער איז שנעל אַריין אין זיין שוואַרצן קאַדילאַק און ווען די הינטערשטע רויטע ליכט פון דעם אויטאָמאָביל איז פאַרשוואונדן אין דער וויטקייט, האָט זיך חיימל אויסגעדרייט פון פענצטער צו רעגינען. ער איז ווי אַ שטיין, נישט רירנדיק זיך פון אָרט, געשטאַנען קעגן איר, און מיט אַ שאָקלענדיקן קאָפּ אויף איר געקוקט. אין זיין בליק איז געווען סיי פאַראַכטונג און סיי רחמנות! ער האָט מיט טיפע רעזיגנאַציע באַטראַכט איר צעפלאָשעטן קאָפּ האָר; איר געל-פאַרחלשט פּנים, די אַראָפּגעלאָזטע אויגן — געזונקענע פון פאַר-שעמונג.

באַלד האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אויף אים מיט אירע רויט-פאַרשיכורטע אויגן. אויף איר פּנים איז געווען אַ מינע פון אונטער-טעניקן געבעט, ווי אַ דערשלאָגענער הונט, וואָס בעט מחילה און פאַר-געבונג. וואָס מער ער האָט געקוקט אויף איר. אַלץ מער איז ער געזונקען אין תהום פון פינצטערער האָפענונגסלאָזיקייט. זיין האַרץ איז אים צעריסן געוואָרן אין קאָנפליקט צווישן רחמנות און פאַרצווייפלונג.

חיימל האָט געשפּאַנט מיט האַסטיקע טריט אַרונטער צום באַר. ער האָט גענומען זיין לאַנגע, זיידענע שבת-יום-טובדיקן גאַרטל און זי פאַרצויגן

אַרום זיין האַלדז. ער איז אַרויף אויפן הויכן, רויטן בענקל און מיט אויס־געשטרעקטע הענט פאַרבונדן מיט שטאַרקע קנופּן דעם אַנדערן עק פון גאַרטל צו דער אַרויסשטאַרנדיקער אייזערנע רער פון דעם לאָמפּ וואָס איז געהאָנגען אין מיטן איבערן „באַר". מיט גרויס פאַראַכטונג האָט ער אַ לעצטן בליק געטאָן אויף דעם געשניצטן רונדן סלופּ מיט די נאַקעטע גע־שטאַלטן פון אָדם און חווה. דאָס בילד האָט באַדאַרפט פאָרשטעלן אַ אידילי־שע גן־עדן סצענע, אָבער פאַקטיש איז דאָס געווען אַ גיהנום. נאָך דעם בליק האָט ער אַ בריקע געטאָן מיטן פוס דאָס הויכע „באַר"־בענקל פון זיך...

דער הילכיקער קלאַנג און בראַזג פון צעשמעטערטע גלעזער און פלע־שער האָט רעגינען אויפגעוועקט ווי עס וואָלט פּלוצלונג אויסגעבראָכן אַ שטורעם. זי איז אַרונטערגעלאָפן, מיט האַסטיקע טריט, אין „באַר" און געבליבן שטיין אַ פאַרשטיינערטע, אַ פאַרווירטע. די „באַר" איז באַלויכטן געווען פון צוויי סטערינענע ליכטלעך, וואָס זיינען געשטאַנען ביי בײדע זייטן פונעם הענגענדיקן חימל, ווי צוויי צעגעגרייטע מתים־ליכטלעך. זי איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, אָן לשון,ביים דערזען זיינע אַרויס־שטאַרנדיקע אויגן און די אַרויסהענגענדיקע צונג איר אַנטקעגן...

ווען זי איז, נאָכן איבעררעשנדיקן אויפציטער, עטוואָס געקומען צו זיך, האָט זי ספּאַזמאַטיש און היסטעריש זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. אין איר דורכגענומענער פּיין און שרעק, איז זי אויף אַלע פיר אַרויפגעקראָכן אויף די שטיגן, ווי אַ פויזנדיקע, פיר פיסיקע באַשעפעניש. האָט זי צעפּראַלט די טירן, איז אַרויס אויפן איינזאַמען שליאַך, גערופן מיט אירע לעצטע כוחות: העלפט מיר! העלפט מיר!

אין איר פאַרלוירענער עלנטקייט אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט האָט נאָר דאָס וועלדל איר מיט אַן עכאָ צוריקגעשאַלט: העלפט מיר! העלפט מיר!

---

אַ האַרציקן דאַנק ווערט אויסגעדריקט צו די אַלע, וואָס האָבן מיט זייערע ביישטייערונגען דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון דעם בוך:

דעם אָסטראָווצער קאָמיטעט:

וואָלף ווייס, מ. סילווער, מ. שטרייטמאַן

ב. גלאַט
י. גלאַט
י. גידינס
ס. גראָסמאַן
ברודער האָכמאַן
וו. וויינבערג
וו. ראָגענבערג

ל. שערמאַן
א. גודמאַן
ס. און פּ. ווישניצער
ב. ווישניצער
ד"ר מ. ווישניצער
מ. מילגראָם
י. שוכמאַן

* * *

חברים, משפּחה און פריינט פון וואָטערבורי, קאָנעטיקוט

דזש. דובנער
י. דובנער
ס. דובנער
פ. וויינשטיין

אַ. סאָלאָמאָן
ס. סאָלאָמאָן
ה. סינגער
מ. ד. סינגער

שרה סינגער
פּ. סינגער
ל. פייטלסאָן
ב. ראַבינאָוויטש

אַברהם בריקמאַן, מיאַמי פלאָרידאַ

י. סאַפּיאַן, לאָס אַנאַזשעלעס

פּ. ס. פּערלמוטער, טאָלידאָ, אָהייאָ

דזש. פּערלמוטער, טאָלידאָ, אָהייאָ

חיים סילווערמאַן, באָסטאָן, מאַסס.

---